פ. מ. דאָסטאָיע

# ווייסע נעכט;
# אייביקער מאַן

יִדיש: א. אַלפּערין






וואַרשע 1924

פאַרלאַג ש. יאַטשקאָװסקי, גענשע 7

געדרוקט בײַ בּרידער װאָיציע־
קיעװיטש. װאַרשע, גענשע 15

געבונדן בײַ א. קאַמיען

Białe Noce
Wieczny Mąż

Wydawnictwo Szymon
Jaczkowski — Warszawa

Drukarnia B-ci Wójcikiewicz
Warszawa, Gęsia 15.

## ערשטע נאַכט.

עס איז געווען אַ הערלעכע נאַכט, אַזאַ נאַכט, וואָס קען אפשר זיין טאַקע נאָר דאַמאָלס, ווען מיר זענען יונג, ליבער לעזער. דער הימל איז געווען באַשטערנט, אזא ליכטיקער הימל, אַז כאַפּנדיק אַ קוק אויף אים, דאַרף מען זיך נישט ווילנדיק פרעגן: צי קענען טאַקע באמת לעבן אונטער אַזאַ הימל פאַרשידענע בייזע און אָנגעברוגזטע מענטשן? דאָס איז אויך אַ יונגע פראַגע, ליבער לעזער, זייער אַ יונגע, נאָר זאָל זי גאָט וואָס אָפטער דערוועקן אין אייער נשמה!... רעדנדיק וועגן אָנגעברוגזטע און פאַרשידענע בייזע מענטשן, האָב איך נישט געקענט נישט דערמאָנען זיך אויך וועגן מיין איידל אויפפירן זיך אין משך פון דעם דאָזיקן טאָג. באַלד פון דערפרי אָן האָט מיך אָנגעהויבן מאַטערן עפּעס אַ משונה־דיקע בענקשאַפט. מיר האָט זיך פלוצלינג אויסגעוויזן, אַז מיך, אַן איינזאַמען, וואַרפן אַלע אַוועק, אַז אַלע גייען אַוועק פון מיר. פאַרשטייט זיך, אַז יעדער האָט רעכט צו פרעגן:

ווער־זשע זענען אָט די אַלע?

ווייל אָט איז שוין אַכט יאָר, ווי איך וווין אין פעטערבורג און האָב כמעט קיין באַקאַנטשאַפט נישט געקענט שליסן. נאָר צו וואָס דאַרף איך האָבן באַקאַנטע? מיר איז אויך אַזוי באַקאַנט גאַנץ פעטערבורג. אָט פאַרוואָס מיר האָט זיך טאַקע אויסגעוויזן, אַז אַלע וואַרפן מיך אַוועק, ווען גאַנץ פעטערבורג האָט זיך אויפגעהויבן און פלוצלינג אַוועקגעפאָרן אויף זומער־ווױנונג.

מיר איז געוואָרן שרעקלעך צו פאַרבלייבן איינער אַליין, און גאַנצע דריי טעג האָב איך זיך אַרומגעדרייט איבער דער שטאָט אין אַ טיפער בענקשאַפט, נישט פאַרשטייענדיק לחלוטין, וואָס עס טוט זיך מיט מיר. סיי איך בין געגאַנגען אויף ניעווסקי, סיי איך בין אַוועק אין גאָרטן, סיי איך האָב זיך אַרומגעדרייט איבער דער לענג פון ברעג -- קיין איינציק פּנים נישט פון די, וועלכע איך בין געווען געוואוינט צו טרעפן אין דעם זעלבן אָרט אין אַ באַשטימטער שעה אַ גאַנץ יאָר. זיי, פאַרשטייט זיך, קענען מיך נישט, אָבער זיי קען איך יאָ. איך קען זיי אַ קורצע צייט און האָב שוין כמעט אַדורכגעשטודירט זייערע פיזיאָנאָמיעס — און שעפּ נחת, ווען זיי זענען פריילעך און פאַל אַריין אין מרה-שחורה, ווען זיי זענען פאַרוואָלקנט.

איך בין כמעט געוואָרן באַפריינדעט מיט איינעם אַן אַל-טיטשקן, וועלכן איך טרעף יעדן טאָג אין אַ באַשטימטער שעה אויף דער פאָנטאַנקע. ער זעט אויס אַזוי ערנסט און פאַרטראַכט ברומט כסדר אונטער דער נאָז און פאָכט מיט דער לינקער האַנט. אין דער רעכטער האַלט ער אַ לאַנגן סענקאַטן שטעקן מיט אַ גאָלדענער סקיפּקע. אפילו ער האָט מיך באַמערקט און באַציט זיך צו מיר מיט אַ האַרציק מיטגעפיל. זאָל זיך אַמאָל טרעפן, אַז איך זאָל אין דער באַשטימטער שעה נישט זיין אויף דער פאָנטאַנקע, בין איך זיכער, אַז ער וועט אַריינפאַלן אין מרה-שחורה. אָט פאַר-וואָס מיר באַגריסן זיך שיער נישט אַמאָל איינער דעם אַנדערן, בפרט דאַמאָלס, ווען מיר זענען ביידע גוט געשטימט.

מיט אַ צייט צוריק, ווען מיר האָבן זיך גאַנצע צוויי טאָג נישט געהאַט געזען און אויפן דריטן טאָג זיך באַגעגנט, האָבן מיר זיך שוין געהאַט געכאַפּט פאַר די קאַפּעלושן, נאָר נאָך גוט, וואָס מיר האָבן זיך באַזינט אין דער געהעריקער צייט, אַראָפּגע-

לאָזט די הענט און, איבערוואַרפנדיק זיך מיט וואַרעמע בליקן, אַדורכגעגאַנגען איינער לעבן דעם צווייטן.

מיר זענען אויך באַקאַנט די הייזער.

ווען איך גיי, לויפט מיר ווי אַנטקייגן יעדעס איינציקע הויז אויף דער גאַס, קוקט אויף מיר דורך אַלע פענסטער און זאָגט שיער נישט: „גוט מאָרגן, וואָס מאַכט איר אין געזונט? אויך איך בין, דאַנקען גאָט, געזונט, און אין חודש מאַי וועט מען מיר צו-געבן אַ שטאָק“. אָדער: „וואָס מאַכט איר אין געזונט? מיך וועט מען מאָרגן רעפערירן“. אָדער: איך בין שיער נישט פאַרבערענט געוואָרן און דערביי זיך דערשראָקן“. א. א. וו. צווישן זיי האָב איך ליבלינגען און האָב גוטע באַקאַנטע. איינס פון זיי האָט בדעה דעם זומער זיך צו היילן באַם אַרכיטעקטאָר. איך וועל בכיוון אַריינגיין יעדן טאָג, בכדי מען זאָל עס נישט, באַהיט גאָט, אָפּפו-שעווען באַם היילן!... אָבער איך וועל קיינמאָל נישט פאַרגעסן די מעשה מיט אַ זייער שיינינקע העל-רויטלעך הייזל. דאָס איז געווען אַזאַ וואויל געמויערט הייזל, עס האָט אַזוי פריינטלעך גע-קוקט אויף מיר און מיט אַזאַ גאווה געקוקט אויף זיינע אומגעלומ-פערטע שכנים, אַז דאָס האַרץ האָט מיר געצאַפּלט פאַר פרייד, ווען איך פלעג פאַרבייגיין.

פלוצלינג, אין דער פאַרגאַנגענער וואָך, גיי איך דורך די גאַס, און ווי איך גיב אַ קוק אויף מיין פריינט, דערהער איך אַ וויינענדיק געשריי: „און מיך פאַרבט מען אָפּ אויף געל!“. רשעים! אכזרים! זיי האָבן גאָרנישט געשוינט: נישט די זיילן, נישט די גזימסן, און מיין רויקער פריינט איז געל געוואָרן, ווי אַ קאַנאַריק. באַ מיר האָט שיער די גאַל נישט געפּלאַצט צוליבן דאָזיקן פּאַל און נאָך ביז איצט בין איך נישט בכוח זיך צו זען מיט מיין צע-קאַלעטשעטן אָרימען פריינט, וואָס איז אָפּגעפּאַרבט געוואָרן אין דער פאַרב פון דער כינעזישער אימפעריע.

ובכן, פאַרשטייט איר, לעזער, אויף וואָס פאַר אַן אופן איך בין באַקאַנט מיט גאַנץ פעטערבורג.

איך האָב שוין געזאָגט, אַז גאַנצע דריי טעג האָט מיך גע-מאַטערט עפעס אַן אומרויִקייט, ביז איך האָב מיך דערוווּסט די סיבה. אויף אין גאַס איז מיר געווען שלעכט (דער איז נישטאָ, יענער איז נישטאָ, וווּ האָט זיך דער און דער אַהינגעטוּן?) — און אינדער-היים בין איך עפעס נישט געווען מיין מענטש. צוויי אָוונטן האָב איך מיך געפּייניקט: וואָס אַזוינס פעלט מיר אין מיין ווינקל? פאַרוואָס איז מיר אַזוי נישט באַקוועם צו פאַרבלייבן אין אים? — און פאַרחידושט האָב איך באַקוקט מיינע גרינע, פאַרקאָפּטשעטע ווענט, דעם באַלקן, וועלכער איז געווען פאַרהאָנגען מיט שפינוועבס, וואָס מאַטרענאַ האָט דערלאָזט מיט אַ גרויסן דערפאָלג. איך האָב אַדורכגעקוקט מיין גאַנץ מעבל, באַטראַכט יעדעס בענקל, קלערנדיק: אפשר איז ד אַ דאָס אומגליק? (ווייל אויב אפילו נאָר איין בענקל שטייט נישט באַ מיר, ווי עס איז נעכטן געשטאַנען, בין איך שוין נישט מיין מענטש). איך האָב געקוקט אויפן פענסטער, און אַלץ בחנם... עס איז מיר דאָס מינדסטע נישט לייכטער געוואָרן! מיר איז אַפילו איינגעפאַלן אַריינצורופן מאַטרענאַן, און איך האָב איר באַלד אויפן אָרט געמאַכט אַ פאָטערלעכן פאָרוווּרף פאַר דעם שפינ-וועבס און בכלל פאַר דער אומריינקייט, אָבער זי האָט נאָר אַ קוק גע-טאָן אויף מיר מיט פאַרווּנדערונג און אַוועקגעגאַנגען, נישט ענטפערנ-דיק קיין איין וואָרט, אַזוי, אַז דאָס שפינוועבס הענגט נאָך ביז איצט בשלום אויפן אָרט.

ענדלעך האָב איך ערשט היינט אינדערפרי זיך אָנגעשטויסן, וואָס עס איז די אמתע סיבה.

העי! זיי אַנטלויפן דאָך פון מ י ר אויף זומער-וווינונג! זייט מוחל פאַרן דאָזיקן באַנאַלן ווערטל, אָבער איך בין נישט געווען געשטימט צו קיין הויכע דיבורים...

ווייל אַלץ, וואָס איז נאָר תּחוּען אין פּעטערבורג איז, אָדער אַוועקגעפאָרן, אָדער פאָרט אַוועק אויף זומער-וואוינונג, ווייל יעדער חשובער הער מיט אַ סאָלידן אויסזען, וואָס פלעגט דינגען אַ דראָזש-קע, איז אין זיינע אויגן תּיכּף פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ חשובן פאַמיליען-פאָטער, וועלכער לאָזט זיך אַוועק, נאָך די געוויינטלעכע עסקים אויפן פאָסטן, אין שויס פון זיין פאמיליע, אויף זומער-וואוי-נונג, אָנגעטון אין אַ לייכטן זומערדיקן מלבוש, ווייל יעדער איינצי-קער פאַרבייגייענדער האָט שוין איצט געהאַט אַ גאָר באַזונדערן אויסזען, אָט ווי ער וואָלט שיער נישט געזאָגט יעדן איינ-ציקן, וועמען ער באַגעגנט:

„מיר, חשובע הערן, זענען דאָ נאָר אַזוי, פאַרבייגייענדיק, און אָט, אין צוויי שעה אַרום, וועלן מיר אַוועקפאָרן אויף זומער-וואוינונג.“

אַז עס האָט זיך געעפנט אַ פענסטער, איבער וועלכן עס האָבן פריער אַ פּויק געטון דינינקע, ווי צוקער ווייסע, פינגערלעך און ס'האָט זיך ארויסגעשטעקט אַ קעפּל פון אַ שיינינקע מיידל, וועלכע האָט גערופן אַ הענדלער מיט בלומען-טעפּ, — האָט זיך מיר באַלד אויפן אָרט אויסגעוויזן, אַז די דאָזיקע בלומען ווערן נאָר גלאַט אַזוי איינגעקויפט, דאָס הייסט, לחלוטן נישט דערויף, בכדי צו האָבן נחת פונם פרילינג און פון די בלומען אין דער זומפּיקער דירה, אין שטאָט, נאָר אָט גאָר אינגיכן וועלן אַלע אַוועקפאָרן אויף זומער-וואוינונג און וועלן אַוועקפירן מיט זיך די בלומען. נאָכמער, איך האָב אין מיינע נייע המצאות, וואָס האָבן געטראָגן אַזאַ באַזונדערן כאַראַקטער, אַזוי ווייט דערגרייכט, אַז איך האָב שוין אָן שום טעות, בלויז אויפן בליק, געקענט באַצייכענען, ווער עס וווינט אויף דער און ווער אויף יענער זומער-וואוינונג.

די איינוווינער פון שטיינערנעם- און אפטייקער-אינזלע

אָדער פון פעטערהאָפער שליאַך האָבן זיך אויסגעצייכנט מיט זיי־ ערע שיינע מאַניערן, פראַנטישע זומער־אַנצוגן און הערלעכע עקי־ פּאַזשן, אין וועלכע זיי זענען געקומען צו פאָרן אין שטאָט אַריין. די איינוווינער פון פאַרגאָלאָוו און דאָרט, אַביסל ווייטער, האָבן באַלד אויפן ערשטן בליק „אימפּאַנירט״ מיט זייער איבערגעלייגט־ קייט און באַשיידנקייט. אַ באַזוכער פון קרעסטאָוווער אינזל האָט זיך אויסגעצייכנט מיט זיין נישט־אויפגערעגטן פריילעכן אויסזען. אַז איך פלעג טרעפן אַ לאַנגע פּראָצעסיע פון צעבראָכענע באַלע־ גאָלעס, וואָס פלעגן פויל נאָכגיין מיט די לייצעס אין די הענט הינטער די וואָגנס, אָנגעלאָדענע מיט גאַנצע בערג פון כל־ערליי מעבל, טישן, בענקלעך, טערקישע און נישט־טערקישע טעפּיכער און אַנדער היימיש האָב־און־גוטס, אויף וועלכן עס איז אַ חוץ דעם אָלעם געזעסן אָפט אויפן סאַמע שפּיץ וואָגן אַ קרענקלעכע דינסט, וואָס האָט געהיטן דאָס פאַרמעגן פון באַלעבאָס, ווי אַ שוואַרצ־ אַפּל אין אויג. סיי איך פלעג קוקן אויף די שיפלעך, וואָס האָבן אָנגעלאָדענע מיט שווער, נישט־היימיש באַלעבאַטישקייט, זיך געוויגט אויף דער נעוואַ, אָדער אויף דער פאָנטאַנקע צום שוואַרצן טייכל, אָדער צו די אינזלען, — האָבן זיך די וואָגנס און שיפלעך גע־ מערט צען מאָל און הונדערט מאָל אַזוי פיל אין מיינע אויגן.

עס האָט אויסגעזען, ווי אַלץ האָט זיך אויפגעהויבן און אַוועק־ געפאָרן, ווי אַלץ וואָלט אין מחנות גאַנצע זיך אַריבערגעקליבן אויף זומער־וווינונג. עס האָט אויסגעזען, ווי גאַנץ פּעטערבורג וואָלט גע־ דראָט פאַרוואַנדלט צו ווערן אין אַ מדבר, אַזוי, אַז סוף־כל־סוף האָב איך זיך אָנגעהויבן שעמען און ס'איז מיר געוואָרן אומעטיק.

איך האָב לחלוטין נישט געהאַט וווהין און צוליב וואָס אַוועק־ צופאָרן אויף זומער־וווינונג. איך בין געווען גרייט אַוועקצוגיין מיט יעדן וואָגן, אַוועקצופאָרן מיט יעדן בכבודיקן הער, וואָס האָט גע־ דונגען אַ דראָזשקע. אָבער קיינער, לחלוטין קיינער, האָט מיך נישט

גאַרבײַטן, ווי זיי וואַלטן מיך פאַרגעסן, ווי איך וואָלט סאַקע באמת געוואָן פאַר זיי גאָר א פרעמדער!

איך בין אַ סך און לאַנג געגאַנגען, אַזוי אַז איך האָב, ווי מײַן שטייגער איז, שוין אינגאַנצן פאַרגעסן, ווו איך בין. פּלוצלינג בין איך געבליבן שטיין בײַ דער ראָגאַטקע. מיר איז באַלד געוואָרן פריילעך, און איך האָב גענומען שפּאַנען הינטערן שלאַג-בוים, איך האָב מיך אַוועקגעלייגט צווישן די פאַרזייטע פעלדער און לאָנקעס, האָב נישט געוואָלט וויסן פון קיין פאַרמאַטערונג, נאָר האָב מיט מיינע אַלע אברים געפילט, ווי עפּעס אַ לאַסט פאַלט אַראָפּ פון מײַן נשמה.

אַלע פאַרבײַפאָרנדע האָבן געקוקט אויף מיר אַזוי איידל, אַז זיי האָבן מיך שיער נישט געגרוסט. אַלע האָבן זיך צוליב וואָס עס איז געפרייט, אַלע ביז איינעם האָבן געררייכערט פּאַפּיראָסן. און אויך איך בין געווען פריילעך, ווי דאָס האָט זיך נאָך קיינמאָל מיט מיר נישט געטראָפן. ווי איך וואָלט פּלוצלינג זיך געפינען אין אי-טאַליע, — אַזוי שטאַרק האָט די נאַטור איבעראַשט מיך, א האַלב-קראַנקן, שטאָטישן איינוווינער, וואָס איז שיער נישט דערשטיקט גע-וואָרן אין די ווענט פון דער שטאָט.

עס איז פאַרהאַן עפּעס אומדערקלערלעך-רירנדיקעס אין דער פּעטערבורגער נאַטור, ווען אין אָנהייב פרילינג זי ווייזט פּלוצלינג אַרויס איר גאַנצע מאַכט, אַלע כּוחות, וועלכע דער הימל האָט איר גע-שיקט באַחנדלט זיך, פּוצט זיך אויס, באַצירט זיך מיט פאַרשידנ-פאַרביקע בלומען. ווי נישט ווילנדיק, דערמאַנט זי מיך אָן אַ אויס-געמאָגערט און קרענקלעך מיידל, אויף וועלכער איר קוקט אַמאָל מיט באַדויערן, אַמאָל מיט עפּעס אַ מיטפילנדער ליבע און אמאָל באַמערקט איר זי פּשוט נישט. אָבער פּלוצלינג אויף איין רגע ווייזט זי זיך עפּעס אומדערקלערלעך וווּנדערבאַר-שיין, און איר, אַ איבעראַש-טער אַ פאַרשיכּורטער, פרעגט זיך, נישט ווילנדיק:

וואָס פאַר אַ קראַפט האָט געמאַכט בלישטשען מיט אַזאַ פרייד די דאָזיקע אומעטיקע, פאַרטראַכטע אויגן? וואָס האָט אַרויסגערופן בלוט אויף די דאָזיקע בלייכע, איינגעפאַלענע באַקן? וואָס האָט באַגאָסן מיט ליידנשאַפט די איידעלע שטריכן פון איר פנים? פאַרוואָס הייבט זיך אַזוי די דאָזיקע ברוסט? וואָס האָט אַזוי אומדערוואַרטעט אַרויסגערופן קראַפט, לעבן און שיינקייט אויפן פנים פון דעם אָרימען מיידל און אויפגעפונקלט אָט דאָס פנים מיט אַזאַ שמייכל, געמאַכט עס אויפלעבן מיט אַזאַ בלישטשנדיקן פייער, שפריצנדיק געלעכטער? איר קוקט זיך אַרום, איר זוכט עמעצן, איר שטויסט זיך אָן...

אָבער די רגע גייט פאַרביי, און ס'קען זיין, אַז באַלד צומאָרגנס וועט איר ווידער טרעפן דעם זעלבן פאַרטראַכטן און צעשטרייטן בליק, פונקט ווי פריִער: דאָס זעלבע בלייכע פנים, די זעלבע הכנעה און אומדרייסטקייט אין די באַוועגונגען, און אַפילו אַ הרטה, אַפילו שפורן פון עפעס אַ פייניקנדער בענקשאַפט און פאַרדרוס פאַר דער הנאה נאָר אויף איין רגע, נאָר אויף אַ ווייל... און איר באַוויינט, וואָס אַזוי שנעל און אויף אייביק איז פאַרשווּנדן געוואָרן די אויגנבליקלעכע שיינקייט, וואָס אַזוי אָפנאַרנדיק און אומנישט האָט זי אויפגעפונקלט פאַר אייך — איר באַדויערט דערפאַר, ווייל עס איז אַפילו נישט געווען קיין צייט זיך אין איר צו פאַרליבן...

און פונדעסטוועגן איז מיין נאַכט געווען בעסער פון טאָג, אָט ווי אַזוי דאָס איז געשען:

איך בין צוריקגעקומען אין שטאָט אַריין זייער שפעט, און דער זייגער האָט שוין געשלאָגן צען, ווען איך האָב זיך דערנענטערט צו מיין וווינונג. מיין וועג האָט זיך געפירט איבערן ברעג פון קאַנאַל, אויף וועלכן איר טרעפט נישט אין דער שעה קיין לעבעדיקן מענטש. אמת, איך וווין אין אַן אָפגעלעגענעם קוואַרטאַל

פון דער שטאָט. איך בין געגאַנגען און געגאַנגען, ווייל דאַמאָלס, ווען איך בין גליקלעך, ברום איך אָנגעברוגזט עפּעס אונטער דער נאָז, ווי יעדער איינער גליקלעכער מענטש, וואָס האָט נישט קיין פריינט און אויך נישט קיין גוטע באַקאַנטע, און וועלכער האָט נישט אין אַ פרייליכער מינוט מיט וועמען זיך צוטיילן מיט זיין פרייד. פלוצלינג האָט זיך מיט מיר געטראָפן אַ גאָר אומדערוואַרטער צופאַל:

אין אַ זייט, אָנלענענדיק זיך אויף דער פּאָרענטשע פון קאַנאַל, איז געשטאַנען אַ פרויענצימער, אָנשפּאַרנדיק זיך מיט די פויסטן אויף דער קראַטע, האָט זי, ווי עס ווייזט אויס, זייער אויפמערקזאַם געקוקט אויף דעם מוטנעם וואַסער פון קאַנאַל. זי איז געווען אָנגעטון אין זייער אַ שיינעם געלן קאַפּעליושל און אין אַ קאָקעטיש-שוואַרץ מענטעלע. דאָס איז אַ מיידל און אומבאַדינגט אַ ברונעטקע! — האָב איך אַ טראַכט געטון. זי האָט ווייזט אויס נישט געהערט מיינע טריט, זי האָט זיך אפילו נישט אַ ריר געטון, און איך בין פאַרבייגעגאַנגען מיט אַן איינגעהאַלטענעם אָטעם און אַ שטאַרק-קלאַפּנדיק האַרץ.

„מאָדנע! — האָב איך אַ קלער געטון — זי האָט זיך, ווי עס ווייזט אויס, זייער שטאַרק פאַרטראַכט וועגן עפּעס.

— און פלוצלינג האָב איך זיך אָפּגעשטעלט ווי אַ פּאַראַליזירטער. איך האָב דערהערט אַ שטאַרק כליפּען. יאָ! איך האָב זיך נישט אָפּגענאַרט: דאָס מיידל האָט געוויינט, און יעדע רגע וואָס אַמאָל מער געכליפּעט.

גאָט מיינער! דאָס האַרץ האָט זיך מיר צונויפגעקלעמט און ווי נישט דרייסט איך בין מיט פרויען, אָבער דאָס איז דאָך געווען אַזאַ מאָדנע מינוט!... איך בין צוריקגעגאַנגען, אַ שפּאַן געטון צו איר און וואָלט אומבאַדינגט אַ זאָג געטון:

פריילין? — ווען איך וואָלט נאָר נישט געוווּסט, אַז דער דאָזיקער אויסרוף האָט שוין אָפּגעהילכט אין אַלע רוסישע אַריסטאָ-

קראַטישע ראָמאַנען. נאָר דאָס איינע האָט מיך אָפּגעהאַלטן. אָבער ביז איך האָב צרויסגעזאָגט א וואָרט, האָט זיך דאָס מיידל אויפגעכאַפּט, זיך אַרומגעקוקט, זיך באַהערשט, אַראָפּגעלאָזט די אויגן און האַרט פאַר מיינע אויגן אַדורכגעשוועבט איבער דער ברעג-גאַס. איך בין איר תיכף נאָכגעגאַנגען, אָבער זי האָט זיך אָנגעשטויסן, אַראָפּגעגאַנגען פון ברעג, אַדורכגעגאַנגען די גאַס און גענומען שפּאַנען איבערן טראָטואַר. איך האָב נישט געוואַגט אַריבערצוגיין די גאַס, דאָס האַרץ האָט מיר געקלאַפּט, ווי בײַ אַ געפאַנגען פייגעלע. פּלוצלינג איז מיר צו הילף געקומען אַ געלעגנהייט.

אויף דער אַנדערער זייט פון טראָטואַר, נישט ווייט פון מיין אומבאַקאַנטער, האָט זיך פּלוצלינג באַוויזן אַ הער אין אַ פּראַק פון סאָלידער עלטער, אָבער מען קען נישט זאָגן, אַז מיט אַ סאָלידן גאַנג. ער האָט געשפּאַנט, וואַקלענדיק זיך, און האָט זיך פּאָרזיכטיק אָנגעהאַלטן אָן ווענטל. דאָס מיידל אָבער איז געגאַנגען גלייך ווי אַ ווייזער, איילנדיק זיך און שעמעוודיק, ווי עס גייען בכלל אַלע מיידלעך, וועלכע ווילן נישט, אַז עמעצער זאָל זיך אויסרופן זיי צו באַגלייטן באַנאַכט אַהיים. ס'פאַרשטייט זיך, אַז דער הער, וואָס האָט זיך געשאָקלט גייענדיק, וואָלט זי בשום אופן נישט דעריאָגט, ווען זיין גורל וואָלט אים נישט אַריינגעגעבן אין מוח אריין אַ געדאַנק, אַז ער זאָל באַנוצן קינסטלעכע מיטלען. פּלוצלינג, נישט אָנרופנדיק זיך צו קיינעם מיט קיין איין וואָרט, האָט זיך מיין בעל-דבר אַ ריס געטון פון אָרט און מיט אַלע כּוחות גענומען לויפן נאָכקוקנדיק מיין אומבאַקאַנטע.

זי איז געגאַנגען שנעל, ווי אַ ווינט, אָבער דער הער, וואָס האָט זיך געשאָקלט, איז געקומען וואָס אַ מאָל נענטער און זי דעריאָגט. דאָס מיידל האָט אַ געשריי געטון — און... איך בין דאַנקבאַר דעם גורל פאַר מיין אויסגעצייכנטן סענקעוואַטן שטעקן, וואָס איך האָב גראָד דאָסמאָל געהאַט אין מיין רעכטער האַנט. און אין

אויגנבליק בין איך שוין געווען אויף יענער זייט טראָטואַר. דער אומגעבעטענער הער האָט תיכּף פאַרשטאַנען, ווען וואָס עס האַנדלט זיך, האָט גענומען אין אַכט דעם תּירוץ, וואָס קען בשום אופן נישט אָפּגעשפּאַרט ווערן, האָט פאַרשוויגן, אָפּגעשטאַנען, און ערשט דאָ־מאָלס, ווען מיר זענען שוין געווען זער ווייט, האָט ער פּראָטעסטירט קעגן מיר מיט אַ נישט געווגג ענערגיש לשון, אָבער צו אונדז האָבן זיינע ווערטער קוים דערגרייכט.

— גיט מיר אייער האַנט — האָב איך געזאָגט מיין אומבאַקאַנטער — און ער וועט נישט וואַגן מער צושטיין צו אייך.

שווייגנדיק האָט זי מיר דערלאַנגט איר האַנט, וואָס האָט נאָך געציטערט פון אויפרעגונג און שרעק. דו, אומגעבעטענער הער! ווי דאַנקבאַר איך בין אים געווען אין דער מינוט! איך האָב געוואָרפן אויף איר אַ שנעלן בליק, זי איז געווען אַ חנוודיקע און אַ ברונעטקע — איך האָב געטראָפן. אויף אירע שוואַרצע ברעמען האָבן נאָך געדרונצלט טרערעלעך פון נאַר־וואָס איבערגעגאַנגענער שרעק, דעם פריערדיקן אומגליק, — איך ווייס נישט, אָבער אויף די ליפּן האָט שוין געדרונצלט אַ שמייכל. זי האָט אויך בגנבה געכאַפּט אַ קוק אויף מיר, זיך לייכט פאַרויטלט און אַראָפּגעלאָזט די אויגן.

— אָט זעט איר שוין, פאַרוואָס האָט איר מיך פריער אַוועקגעלאָזט! ווען איך וואָלט דאָ געווען, וואָלט גאָרנישט פאַסירט...

— אָבער איך האָב אייך נישט געקענט, איך האָב געמיינט, אַז אויך איר...

— און איצט קענט איר מיך דען?

— אַ ביסל. אָט, למשל, פאַרוואָס ציטערט איר?

— אָ, איר האָט באַלד באַם ערשטן מאָל געטראָפן! — האָב איך אויסגעשריגן אַנטציקט דערפון, וואָס מיין מיידל איז אַ חכמה: באַ שיינקייט איז עס קיינמאָל נישט קיין חסרון. — יאָ, איר האָט

פון ערשטן בליק געטראָפן, מיט וועמען איר האָט צו טון. אמת, איך בין שעמעוודיק מיט פרויען, איך שפּאַר זיך נישט, איך בין צעמישט נישט ווייניקער, ווי איר זענט געווען מיט אַ מינוט צוריק. ווען דער דאָזיקער הער האָט אייך איבערגעשראָקן... איך בין עפּעס איצט דערשראָקן. עפּעס ווי אַ חלום, איך האָב אַפילו אין חלום נישט געטראַכט, אַז איך וועל ווען עס איז רעדן כאָטש מיט וועל-כער עס איז פרוי.

— וואָס הייסט? באמת?

— יאָ, אויב מיין האַנט ציטערט, איז דערפאַר, וואָס קיינ-מאָל האָט זי נאָך נישט אַרומגענומען אַזאַ שיינינקע קליינטשיק הענטל ווי אייערס. איך בין אינגאַנצן אָפּגעוווינט פון פרויען, דאָס הייסט, איך האָב מיך צו זיי קיינמאָל אפילו נישט צוגעוווינט. איך בין דאָך איינער אַליין... איך ווייס אפילו נישט, ווי אַזוי מיט זיי צו רעדן. אָט ווייס איך אויך איצט נישט, — האָב איך אייך אַמאָל דאָ נישט געזאָגט עפּעס אַ נאַרישקייט? זאָגט מיר אָפן, איך זאָג אייך פריער אויס, איך באַליידיק זיך נישט...

— ניין, גאָרנישט, גאָרנישט, להיפך. און אויב איר פאַר-לאַנגט שוין דורכויס, אַז איך זאָל זיין אויפריכטיק, וועל איך אייך זאָגן, אַז פרויען געפעלט אַזאַ שעמעוודיקייט. און אויב איר ווילט נאָכמער וויסן, געפעלט זי מיר אויך, און איך וועל אייך דערפאַר נישט אַוועקטרייבן פון זיך, ביז מיר וועלן צוקומען צו מיין שטוב.

— איר וועט מיך ברענגען דערצו — האָב איך אָנגעהויבן, פאַרקייכנדיק זיך פון אַנטציקונג — אַז איך וועל באַלד אויפהערן זיך צו שעמען און דאַמאָלס — איז אַ סוף צו אַלע מיינע מיטלען...

— מיטלען? וואָסערע מיטלען, צו וואָס? אָט דאָס איז שוין שלעכט.

— זייט מוחל, איך וועל שוין מער נישט, ס'האָט זיך מיר

פון מיל ארויסגעריסן. אָבער ווי קענט איר װעלן, אז אין אַזאַ מי־
נוט זאָל איך נישט האָבן דעם חשק...

— געפעלן, צו ווערן, וואָס?

— נו, יאָ, האָט רחמנות, זייט אַזוי גוט און זאָגט אַליין, ווער
איך בין? אָט בין איך שוין אַלט זעקס און צוואַנציק יאָר, און
האָב נאָך קיינמאָל קיינעם נישט געזען. נו, ווי אַזוי־זשע קען איך
גוט רעדן, געשיקט און צו דער זאַך? און אייך וועט דערפאַר
זיין באַקוועמער, ווען אַלץ וועט זיין אָפן, אַנטפּלעקט... איך קען
נישט שווייגן, ווען דאָס האַרץ אין מיר רעדט. נו יאָ, אַלץ איינס...
איר וועט דען גלייבן, קיין איין פּרויענצימער נישט, קיינמאָל נישט,
קיינמאָל נישט! קיין שום באַקאַנטשאַפט נישט! און איך חלום נאָר
טאָג־באַ־טאָג, אַז איך וועל סוף־כּל־סוף ווען עס איז טרעפן עמעצן.
אַז, ווען איר וואָלט געוווּסט, וויפיל מאָל איך בין געווען פאַרליבט
אויף אַזאַ אופן...

— אָבער, ווי אַזוי־זשע, אין וועמען?...

— נו אין קיינעם נישט, אין אַן אידעאַל, אין דער, וועלכע
פלעגט זיך מיר חלומען. איך שאַף מיר אין מיינע חלומות גאַנצע
ראָמאַנען. אָ, איר קענט מיך נישט! אמת. מען קען נישט אינגאַנצן
אָן דעם, איך האָב געטראָפן צוויי, דריי פּרויען, אָבער וואָס
זענען זיי פאַר אַ פּרויען? דאָס זענען אַלץ באַלעבאָסטעס, אַז...
נאָר איר וועט לאַכן פון מיר, אַז איך וועל אייך דערציילן, אַז
איך האָב שוין אייניקע מאָל אָט אַזוי פּשוט געוואָלט אַ שמועס טון
מיט עפּעס אַן אַריסטאָקראַטקע אויף דער גאַס, פאַרשטייט זיך,
ווען זי איז איינע אַליין; אַ שמועס טון, שעמעוודיק, מיט דרך־ארץ,
ליידנשאַפטלעך; זאָגן, אַז איך קום אום איינער אַליין, אַז זי זאָל
מיך נישט אַוועקטרייבן פון זיך, אַז איך האָב נישט קיין מיטל
זיך צו באַקענען כאָטש מיט וועלכער עס איז פרוי; איבערצייגן זי,
אַז עס איז אפילו די פליכט פון אַ פרוי נישט אָפּצוּוואַרפן אַן אומ־

דרייסטע בקשה פון אַזאַ אומגליקלעכן מענטש ווי איך, אַז סוף־כּל־סוף אַלץ, וואָס איך פאַרלאַנג, באַשטייט סך־הכּל נאָר דערין, צו זאָגן מיר עפּעס אַ צוויי ברידערלעכע ווערטער מיט מיטגעפיל, נישט אָוועקטרייבן מיך באַלד באַם ערשטן טריט, גלייבן מיר אויפן וואָרט, אויסהערן וואָס איך וועל זאָגן, לאַכן פון מיר, אויב ס'איז איר ניחא, טרייסטן מיך, זאָגן מיר צוויי ווערטער, שפּעטער מעגן מיר זיך אפילו שוין קיינמאָל נישט טרעפן!... אָבער איר לאַכט... איבריקנס, זאָג איך דאָך טאַקע דאָס אַלץ נאָר צוליב דעם...

— זייט נישט בייז; איך לאַך דערפון, וואָס איר זענט זיך אַליין אַ שונא. ווען איר וואָלט געפּרוווט, וואָלט דאָס אייך אפשר געלונגען, ווען אַפילו דאָס וואָלט פאָרגעקומען אויף דער גאַס; וואָס פּשוטער איז בעסער... קיין איין גוטע פרוי, אויב זי איז נאָר נישט קיין נאַר און אויב זי איז גראָד אין דער מינוט נישט בייז אויף וואָס עס איז, וואָלט נישט געפּועלט באַ זיך אַוועקצושיקן אייך אָן די דאָזיקע צוויי ווערטער, וועלכע איר בעט אַזוי שעמעוודיק... איבריקנס, וואָס זאָג איך? אַוודאי וואָלט איך אייך באַטראַכט פאַר אַ משוגענעם. איך האָב דאָך געאורטיילט לויט זיך. אַליין ווייס איך אויך אַ סך, ווי אַזוי מענטשן לעבן אויף דער וועלט.

— אָ, איך דאַנק אייך, — האָב איך אויסגעשריגן — איר ווייסט נישט, וואָס אַזוינס איר האָט איצט געטון פאַר מיר!

— גוט, גוט! אָבער זאָגט מיר, ווי אַזוי האָט איר זיך דער־חוסט, אַז איך בין אַזאַ פרוי, מיט וועלכער... נו, וועלכע איר האַלט, אַז זי פאַרדינט... אויפמערקזאַמקייט און פריינטשאַפט... מיט איין וואָרט, נישט קיין באַלעבאָסטע, ווי איר דריקט אייך אויס. פאַרוואָס האָט איר זיך אַנטשלאָסן צו צוגיין צו מיר?

— פאַרוואָס? פאַרוואָס? אָבער איר זענט דאָך געווען אַליין,

יענער העד איז געווען צו דרייסט, ס'איז באַנאַכט; איר וועט דאָך אַליין מסכּים זיין, אַז דאָס איז אַ חוב...

— ניין, ניין, נאָך פריִער, דאָרט אויף יענער זייט. איר האָט דאָך געוואָלט צוגיין צו מיר?

— דאָרט אויף יענער זייט? אָבער איך ווייס באמת נישט, וואָס צו ענטפערן, איך האָב מורא... איר ווייסט, אַז איך בין געווען היינט גליקלעך. איך בין געגאַנגען און געזונגען. איך בין געווען הינטער דער שטאָט. איך האָב נאָך קיינמאָל נישט געהאַט אַזעלכע גליקלעכע מינוטן. איר... ס'קען זיין: עס האָט זיך מיר בלויז אויסגעוויזן... נו, זייט מיר מוחל, אויב איך וועל אייך דערמאַנען: מיר האָט זיך אויסגעוויזן, אַז איר האָט געוויינט, און איך... איך האָב דאָס נישט געקענט צוהערן... באַ מיר האָט זיך דאָס האַרץ צוגעקלעמט... אָ, גאָט מיינער! נו, האָב איך דען נישט געקענט אָנהייבן איבערטראַכטן וועגן אייך? צי איז דען געווען אַ חטא, ווען מיך האָט באַהערשט אַ ברידערלעך מיטגעפיל צו אייך?... זייט מוחל, איך האָב געזאָגט: מיטגעפיל... נו, יאָ, מיט איין וואָרט, צי האָב איך דען באמת אייך געקענט באַליידיקן דערמיט, וואָס נישט־ווילנדיק איז מיר איינגעפאַלן צו צוגיין צו אייך?...

— לאָזט אָפּ, גענוג, רעדט נישט מער... — האָט דאָס מיידל אַ זאָג געטון, אַראָפּלאָזנדיק די אויגן און טוענדיק אַ דריק מיין האַנט, — איך בין אַליין שולדיק, וואָס איך האָב פאַרפירט אַ שמועס וועגן דעם. אָבער איך בין צופרידן, וואָס איך האָב נישט קיין טעות געהאַט אין אייך... אָבער, אָט בין איך שוין אינדערהיים, איך דאַרף אַריינגיין דאָ, אין אָט דעם געסל, נאָר צוויי טריט... זייט מיר מוחל, איך דאַנק אייך...

— טאַקע באמת, וועלן מיר זיך טאַקע באמת קיינמאָל שוין נישט זען?... וועט עס טאַקע אַזוי בלייבן?

— זעט איר שוין? — האָט זיך דאָס מיידל אָנגערופן שמייכלענ-

דיק — לכתחילה האָט איר געוואָלט נאָר צוויי ווערטער, און איצט... נו, איבריקנס, איך וועל אייך גאָרנישט זאָגן... אפשר וועלן מיר רעכן...

— איך וועל אַהערקומען מאָרגן, — האָב איך געזאָגט — אָ, זייט מיר מוחל איך פאָדער שוין...

— אָ, איר זענט אומגעדולדיק... איר פאָדער כמעט...ט

— הערט מיך אויס, הערט מיך אויס! — האָב איך איר איבערגעריסן — זייט מוחל, אויב איך וועל אייך ווידער זאָגן עפּעס אַזעלכעס... אָבער אָט-וואָס: איך קען נישט מאָרגן נישט קומען אַהער, איך בין אַ בעל-חלומות, איך לעב אַזוי ווייניק אין דער ווירקלעכקייט, אַז אַזעלכע מינוטן, ווי אָט די איצטיקע, זענען באַ מיר אַזוי זעלטן, אַז איך וואָלט נישט געקענט נישט איבערחזרן די דאָזיקע הערלעכע מינוטן אין מיינע חלומות. איך וועל חלומען וועגן אייך די גאַנצע נאַכט, די גאַנצע וואָך, דאָס גאַנצע יאָר. איך וועל אומבאַדינגט קומען מאָרגן אַהער, טאַקע נאָר אַהער, אויף דעם זעלבן אָרט און אין דער זעלבער שעה. און איך וועל זיין גליקלעך, דערמאַנענדיק דאָס, וואָס נעכטן איז געשען. דאָס דאָזיקע אָרט איז מיר שוין ליב; איך האָב שוין אַזעלכע צוויי-דריי ערטער אין פּעטערבורג. איך האָב אַפילו איינמאָל זיך שוין צעוויינט פון אַ דערינערונג, ווי איר... פונוואַנען קען מען וויסן, עס קאָן זיין, אַז אויך איר האָט מיט צען מינוט צוריק געוויינט פון א דערינערונג... אָבער זייט מיר מוחל, איך האָב זיך ווידער פאַרגעסן. איר זענט אפשר ווען עס איז געווען דאָ זייער גליקלעך.

— גוט, — האָט דאָס מיידל געזאָגט — מעגלעך, אַז איך וועל מאָרגן קומען אַהער און אויף צען אַ זייגער אין אָוונט. איך זע, אַז איך קען שוין אייך נישט פאַרווערן... אָט, וועגן וואָס עס גייט, איך דאַרף דאָ זיין. מיינט נישט, אַז איך האָב אייך באַשטימט אַ ראַנדעוווּ; איך דערקלער אייך לכתחלה, אַז איך דאַרף דאָ זיין

צוליב איינעם אַ מאַן. אָבער... נו, איך וועל אייך שוין אָפּן זאָגן: ס'וועט גאָרנישט שאַטן, אַז איר וועט אויך קומען. ערשטנס קענען ווידער זיין אומאַנגענעמלעכקייטן, ווי היינט, אָבער דאָס איז נישט דער עיקר... מיט איין וואָרט, איך וואָלט אייך פּשוט געוואָלט זען... בכדי צו זאָגן צוויי ווערטער, אָבער, זאָגט־זשע נאָר, מיינט נישט, אַז איך באַשטים אַזוי לייכט ראַנדעוואוס... איך וואָלט טאַקע נישט באַשטימט, ווען... אָבער זאָל דאָס פאַרבלייבן מיין סוד! אָבער מיר מוזן פריער שליסן אַן אָפּמאַך...

— אַן אָפּמאַך! רעדט, זאָגט, זאָגט אַלץ פריער. איך בין אויף אַלץ מסכים, אויף אַלץ גרייט — האָב איך אויסגעשריגן אַנטציקט — איך בין פאַראַנטוואָרטלעך פאַר מיר. איך וועל זיין געהאָרכזאַם און אָנשטענדיק... איר קענט דאָך מיך...

— טאַקע דערפאַר, ווייל איך קען אייך, פאַרבעט איך אייך אויף מאָרגן — האָט דאָס מיידל אַ זאָג געטאָן, שמייכלענדיק — איך קען אייך אויסגעצייכנט. אָבער ווייסט, אַז איר קענט קומען מיט איין באַדינג: קודם־כל אָבער זייט אַזוי גוט, טוט וואָס איך וועל אייך בעטן. איר זעט דאָך, איך רעד מיט אייך אויפריכטיק: פאַר־ליבט אייך נישט אין מיר... דאָס טאָרט איר נישט, איך פאַרזיכער אייך. איך בין גרייט צו זיין מיט אייך באַפריינדעט, אָט האָט איר מיין האַנט... און פאַרליבן זיך טאָרט איר נישט, איך בעט אייך!

— איך שווער אייך — האָב איך אויסגעשריגן, אָנכאַפּנדיק איר הענטל...

— נו, גענוג, שווערט נישט, איך ווייס דאָך, אַז איר זענט פעיק אויפצופלאַמט צו ווערן, ווי פולווער. נעמט דאָס מיר נישט אָן פאַר שלעכט, אויב איך זאָג אַזוי. ווען איר וואָלט געוווסט... איך האָב אויך קיינעם נישט, מיט וועמען איך זאָל קענען אַ וואָרט אויסרעדן, באַ וועמען אַן עצה פרעגן. פאַרשטייט זיך, אַז נישט אויף דער גאַס דאַרף מען זוכן ראַטגעבער, אָבער איר זענט אַן

אויסנאַם. איך קען אייך אַזוי גוט, ווי מיר וואָלטן שוין צוואַנציק יאָר געווען פריינט... נישט אמת, איר וועט דאָך נישט פאַראַכטן?...

— איר וועט זען... אָבער איך ווייס נישט, ווי אַזוי איך וועל דערלעבן ביז מאָרגן.

— שלאָפט געשמאַקער, אַ גוטע נאַכט; — און געדענקט, אַז איך האָב זיך שוין פאַר אייך פאַרטרויט. נאָר איר האָט זיך פריִער אויסגעדריקט: שוין-זשע דאַרף מען זיך אָפּגעבן אַ דין-וחשבון פון יעדן געפיל, אפילו פון אַ ברידערלעכן מיטגעפיל! איר ווייסט, דאָס איז געווען אַזוי גוט געזאָגט, אַז אין מיר האָט תיכף אויפגעבליצט אַ געדאַנק זיך צו פאַרטרויען פאַר אייך...

— ווי גאָט איז אייך ליב, אָבער אין וואָס? אין וואָס אַזעלכעס?

— ביז מאָרגן. זאָל דאָס דערווייל זיין אַ סוד. ס׳וועט זיין בעסער פאַר אייך, וועט עס כאָטש פונדערווייטנס אויסזען ווי אַ ראָמאַן. ס׳קען זיין, אַז מאָרגן וועל איך אייך שוין אַנטפּלעקן דעם סוד, און אפשר נישט... איך וועל זיך נאָך פריִער מיט אייך אַדורכשמועסן מיר וועלן זיך בעסער באַקענען...

אָ, יאָ, און איך וועל אייך באַלד מאָרגן דערציילן אַלץ וועגן זיך! אָבער וואָס טוט זיך מיט מיר! עפּעס ווי אַ נס וואָלט מיט מיר געשען... ווו בין איך. גאָט מיינער? אָבער זאָגט אַליין, צי זענט איר דען נישט צופרידן דערפון, וואָס איר האָט זיך נישט צעבייזערט, ווי עס וואָלט געטון אַ צווייטע, און מיך נישט אַוועקגעטריבן פון זיך באַלד אין אָנהייב? צוויי מינוט, און איר האָט מיך געמאַכט גליקלעך אויף שטענדיק; יאָ, גליקלעך, פון וואַנען קען מען וויסן? מעגלעך, אַז איר האָט מיך שלום געמאַכט מיט זיך אַליין, געמאַכט אַ סוף צו מיינע ספקות... עס קען זיין, אַז אויף מיר קימען איצט אַזעלכע מינוטן... נו, איך וועל אייך מאָרגן אַלץ דערציילן, איר וועט זיך אַלץ דערוויסן, אַלץ...

— גוט, איך בין מסכים, איר וועט טאַקע אָנהייבן...

— מסכים.

— אַ גוטע נאַכט!

— אַ גוטע נאַכט!

און מיר האָבן זיך צעשיידט. איך בין געגאַנגען אַ גאַנצע נאַכט. איך האָב זיך נישט געקענט באַשליסן אַהיימצוגיין, איך בין געווען אַזוי גליקלעך... ביז מאָרגן!

## צווייטע נאַכט.

— נו, אָט האָט איר דערלעבט! — האָט זי זיך אָנגערופן צו מיר מיט אַ שמייכל, דריקנדיק מיר ביידע הענט.

— איך בין שוין דאָ צוויי שעה. איר ווייסט נישט, וואָס עס האָט פּאַסירט מיט מיר אַ גאַנצן טאָג.

— איך ווייס, איך ווייס... אָבער צו דער זאַך. איר ווייסט, צוליב וואָס איך בין געקומען? עס האָט דאָך קיין זין נישט צו פּלאַפּלען אַזוי ווי נעכטן. אָט וואָס: מיר דאַרפן פון איצט אָן אַ ביסל קלוגער זיך אויפפירן. איך האָב וועגן דעם אַלעם נעכטן לאַנג געקלערט.

— אָבער אין וואָס, בנוגע וואָס זיין קלוגער? איך פון מיין זייט בין גרייט. נאָר איך האָב באמת קיינמאָל אין מיין לעבן נישט געהאַט קיין קלוגערע זאַך, ווי איצט.

— באמת! ערשטנס, בעט איך אייך, דריקט נישט אַזוי מיינע הענט. צווייטנס, דערקלער איך אייך, אַז איך האָב וועגן אייך היינט לאַנג געטראַכט.

— נו, און מיט וואָס האָט עס זיך געענדיקט?

— מיט וואָס עס האָט זיך געענדיקט? עס האָט זיך געענדיקט דערמיט, אַז מען דאַרף אַלץ אָנהייבן פון דאָסניי, ווייל פון גאַנצן טראַכטן בין איך היינט געקומען צום באַשלוס, אַז איר זענט מיר גאָר לחלוטין פרעמד, אַז איך בין מיך נעכטן באַגאַנגען ווי אַ

קינד, ווי אַ מיידעלע, און פאַרשטייט זיך, עס איז אַרויסגעקומען אַזוי, אַז אין אַלעם איז שולדיק מיין גוט האַרץ, דאָס הייסט, איך האָב זיך אַליין געגלויבט, ווי עס ענדיקט זיך שטענדיק, ווען מיר הייבן אָן זיך פונאַנדערצוקלויבן אין אונדזערע אייגענע ענינים. און בכדי צו פאַרבעסערן דעם פעלער, האָב איך באַשלאָסן געבן גענוי געוווּיר צו ווערן וועגן אייך. נאָר אַזוי ווי צו דערוויסן זיך וועגן אייך האָב איך נישט באַוועמען, מוזט איר מיר אַליין אַלץ דערציילן פון אָנהייב ביז צום סוף. נו, וואָס זענט איר פאַר אַ מענטש? גיכער — הייבט-זשע אָן, דערציילט אייער געשיכטע.

— געשיכטע! — האָב איך אויסגעשריגן, ווערנדיק דער־שראָקן, — געשיכטע! אָבער ווער האָט אייך דען געזאָגט, אַז איך האָב עפּעס צו דערציילן? איך האָב נישט וואָס צו דערציילן...

— טאָ ווי אַזוי-זשע האָט איר געלעבט, אַז איר האָט נישט וועגן וואָס צו דערציילן וועגן זיך? — האָט זי אים איבערגעריסן די רייד, שמייכלענדיק.

— אינגאַנצן אָן שום געשיכטעס! איך האָב געלעבט, אַזוי ווי מען זאָגט בײַ אונדז, אין מיין אייגן ווינקל, דאָס הייסט, אינגאַנצן איינער אַליין — איינער, איינער, אינגאַנצן אַליין, — איר פאַר־שטייט, וואָס עס הייסט אַזוינס: איינער אַליין?

— אָבער ווי אַזוי איינער אַליין? הייסט דאָס, אַז איר האָט קיינמאָל קיינעם נישט געזען?

— אָ, ניין, זען האָב איך יאָ געזען, — און פונדעסטוועגן איינער אַליין.

— הייסט דאָס, אַז איר רעדט נישט מיט קיינעם?

— בוכשטעבלעך מיט קיינעם נישט.

— אָבער ווער זענט איר דאָס אַזעלכער, דערקלערט וואָרט נאָר, איך שטויס זיך אָן: איר האָט אַלזאָ אַ באָבעשי, אַזוי ווי איך. זי איז בלינד און לאָזט מיך שוין נישט אָפּ פון זיך דאָס

גאַנצע לעבן אַזוי, אַז איך האָב זיך פּשוט אָפּגעוויינט פון ר עד, און ווען איך האָב מיט צוויי יאָר צוריק אַ שטיף געטון, האָט זין זעענדיק, אַז זי וועט שוין מיך נישט קענען איינהאַלטן לעבן זיך' מיך צוגערופן און צוגעשטאָכן מיין קלייד צו איר קלייד מיט אַ שפּילקע — און פון דאַמאָלס אָן זיצן מיר אַזוי גאַנצע טעג. זי שטריקט אַ זאָק, כאָטש זי איז בלינד, און איך זיץ לעבן איר, ניי, אָדער לייען איר אויפן קול אַ ביכל — אַזאַ מאָדנע מנהג, אָט שוין צוויי יאָר צוגעשפּיליעט...

— אַך, גאָט מיינער, וואָס פאַר אַן אומגליק! אָבער ניין, איך האָב נישט אזאַ באָבעשי.

— אויב אַזוי, ווי אַזוי-זשע קענט איר איינזיצן אינדערהיים!...

— הערט מיך אויס, איר ווילט וויסן, ווער איך בין?

— נו, יאָ, יאָ!

— אין פולן זין פון וואָרט?

— יאָ, אין פולן זין פון וואָרט!

— טאָ זייט וויסן, אַז איך בין — אַ טיפּ.

— טיפּ, טיפּ! וואָס פאַר אַ טיפּ? — האָט אַ געשריי געטון דאָס מיידל, צעלאַכנדיק זיך אַזוי שטאַרק, ווי איר וואָלט אַ גאַנץ יאָר נישט אויסגעקומען צו לאַכן. — יאָ מיט אייך איז זייער פריי-לעך! טוט אַ קוק: אָט דאָ שטייט אַ באַנק, לאָמיר זיך זעצן! דאָ גייט קיינער נישט, קיינער וועט נישט הערן. וואָס מיר וועלן רעדן, נו, — הייבט אָן דערציילן אייער געשיכטע! ווייל, איר וועט מיך שוין נישט איבערצייגן, איר האָט וואָס צו דערציילן, נאָר איר ווילט פאַרהוילן. ראשית-כל, וואָס איז דאָס אַזוינס: טיפּ?

— טיפּ? טיפּ — דאָס איז אַן אָריגינאַל, דאָס איז אַ לע-כערלעכער מענטש! אַזאַ — האָב איך געענטפערט, צעלאַכנדיק זיך גלייך נאָכדעם, ווי זי האָט אויסגעבראָכן מיט אַ קינדעריש געלעכ-

טער — דאָס איז אַ כאַראַקטער. הערט מיך אויס: ווייסט איר, וואָס עס איז אַזוינס אַ טרוימער?

— אַ טרוימער! דערלויבט, ווי אַזוי זאָל איך נישט וויסן? איך בין אויך אַ טרוימערין! זיצסט אַמאָל לעבן דער באָבעשי, און עפּעס קריכט דיר אין קאָפּ אַריין. נו, הייבסטו אָן צו טרוימען, און עס צעבליט זיך דיין פאַנטאַזיע אַזוי שטאַרק — אַז פּשוט איך האָב חתונה מיט אַ כינעזישן פּרינץ... און אַמאָל איז דאָך אַזוי גוט צו טרוימען? ניין, איבריקנס, איין גאָט ווייסט! באַזונדערס אויב עס איז אויך אָן דעם פאַרהאַן וואָס צו טראַכטן, — האָט דאָס מיידל צוגעגעבן דאָסמאָל מיט אַ גענוג ערנסטן טאָן.

— אויסגעצייכנט! נו, אויב איר האָט שוין איינמאָל חתונה געהאַט מיט אַ באָגדיכאַן, וועט איר מיך שוין געווי פאַרשטיין. נו, הערט מיך אויס... אָבער זייט מוחל, איך ווייס דאָך גאָרנישט, ווי איר הייסט?

— ענדלעך! טאַקע פרי זיך דערמאָנט!

— אַך, גאָט מיינער! עס איז מיר אַפילו אין קאָפּ נישט איינגעפאַלן, מיר איז אַזוי אויך גענוג גוט.

— איך הייס — נאַסטענקאַ.

— נאַסטענקאַ! און שוין?

— שוין! ווייניק פאַר אייך? אַך, איר קענט זיך דאָך גאָר־נישט אָנזעטיקן!

— ווייניק? ניין, אַ סך! פאַרקערט, זייער אַ סך! נאַסטענקאַ, איר זענט זייער אַ גוט מיידל, אויב באַלד באַם ערשטן מאָל ווערט איר פאַר מיר געוואָרן נאַסטענקאַ.

— אָט־אָט! נו!

— נו, אויב אַזוי, נאַסטענקאַ, הערט, וואָס פאַר אַ לעכער־לעכע געשיכטע ס'וועט אַרויסקומען.

איך האָב זיך אַװעקגעזעצט לעבן איר אָנגענומען אַ פּעדאַנ־טיש־ערנססטע מינע און אָנגעהויבן ווי פון אַ כּתבֿ־יד אַרויס:

— פאַרהאַן, נאַסטענקאַ, אויב איר ווייסט נישט דערפון, פאַר־האַן אין פּעטערבורג גענוג משונהדיקע ווינקעלעך. אין די דאָזיקע מקומות קוקט נישט, דאַכט זיך, אַריין די זעלבע זון, וואָס לייכט פאַר אַלע פּעטערבורגער מענטשן, און עס קוקט אַריין עפּעס אַ צווייטע, אַ נייע זון, וואָס איז בכיוון באַשטעלט פאַר די דאָזיקע ווינקעלעך און לייכט מיט עפּעס אַ באַזונדערער, אַנדערער שיין. אין אַזעלכע ווינקלען, ליבע נאַסטענקאַ, לעבט זיך אויס גאָר אַן אַנדער לעבן, וואָס איז נישט ענלעך צו דעם, וואָס קאָכט אַרום אונדז. אַזאַ לעבן, וואָס קען זיין אין אַ לעגענדאַרער מלוכה אויף יענער זייט סמבטיון, און נישט באַ אונדז, אין אונדזער ערנסטער, זייער ערנסטער צייט. דאָס דאָזיקע לעבן, איז אַ געמיש פון עפּעס אַ ריין־פאַנטאַסטישעס, הייס־אידעאַליסטישעס און צוזאמען דערמיט (נאַס־טענקאַ!) טונקל־פּראָזאַישעס און געוויינטלעכס, מען וואָלט געקענט זאָגן: אומגלויבלעך־באַנאַלס.

— פו, גאָט מיינער! וואָס איז דאָס פאַר אַ הקדמה! וואָס־זשע וועל איך דען הערן אַזעלכעס?

— איר וועט הערן, נאַסטענקאַ (מיר ווייזט זיך אויס, אַז איך וועל קיינמאָל נישט אויפהערן אייך רופן נאַסטענקאַ) איר וועט הערן, אַז אין די דאָזיקע ווינקעלעך לעבן מאָדנע מענטשן — טרוימער. אַ טרוימער — אויב עס איז נייטיק אויספירלעכער צו דערקלערן — איז נישט קיין מענטש, נאָר, איר ווייסט, עפּעס אַ בשעפעניש פון דריטן געשלעכט. ער באַזעצט זיך על־פּי־רוב ערגעץ אין אַ נישט־צוגענגלעך ווינקל, ווו ער וואָלט זיך אין אים באַהאַלטן אַפילו פונם טאָג־ליכט. און אַז ער פאַרקלויבט זיך צו זיך, וואַקסט ער אַזוי צו־צו זיין ווינקל, ווי אַ ראַק, אָדער, לכל הפחות, איז ער אין דער דאָזיקער הינזיכט זייער ענלעך צו דעם דאָזיקן אינטערעסאַנטן

חיהלע, װעלכעס איז אי דאָס באַשעפעניש אי דאָס הויז אינאײנעם, װעלכעס מען רופט טשערעפּאַכע. װי מײנט איר, פאַרװאָס האָט ער אַזױ ליב זײנע פיר װענט, װאָס זענען אומבאַדינגט אָפּגעמאַלעװעט אין אַ גרינער פאַרב, זענען פאַרקאָפּטשעט, אומעטיק און שרעקלעך פאַרויכערט? פאַרװאָס, װען עס קומט אים באַזוכן אײנער פון זײנע װײניקע באַקאַנטע (און ער ענדיקט דערמיט, אַז ער פאַרלירט אַלע באַקאַנטע), פאַרװאָס באַגעגנט אים דער דאָזיקער לעכערלעכער בשר־ודם עפּעס אַזױ צעמישט, מיט אַזאַ ענדערונג אויפן פּנים אין אַזױ צעטומלט, װי ער װאָלט נאָר װאָס באַגאַנגען אין זײנע פיר װענט אַ פאַרברעכן, װי ער װאָלט פאַבריצירט פאַלשע באַנקנאָטן אָדער װאָסערע עס איז לידלעך, בכדי זײ אָפּצושיקן אין אַ זשורנאַל אין אַן אַנאָנימען בריװ, אין װעלכן עס װערט באַמערקט, אַז דער פּאָעט, דער אויטאָר פון די לידלעך, איז שוין געשטאָרבן, און אַז זײן פרײנט האַלט פאַר זײן הײליקן חוב צו פאַרעפנטלעכן די דאָזיקע שירים?

פאַרװאָס זשע, זאָגט מיר, נאַסטענקאַ, בינדט זיך עפּעס נישט דאָס געשפּרעך צװישן די בײדע פרײנט? פאַרװאָס באַװײזט זיך נישט קײן שמײכל און עס פאַלט נישט עפּעס אַ דרײסט װערטל פון מויל פון דעם פּלוצלינג אַרײנגעקומענעם פאַרװונדערטן פרײנט, װעלכער האָט אַן אַנדערש מאָל ליב סײ אַ געלעכטער, סײ אַ דרײסט װערטל, סײ געשפּרעכן װעגן שײנעם געשלעכט און אַנדערע פרײלעכע טעמעס? און דער דאָזיקער פרײנט, װאַרשײנלעך אַ באַקאַנטער ערשט נישט פון לאַנג, באַם ערשטן װיזיט — װײל זײן צװײטער װיזיט װעט אין אַזאַ פאַל נישט זײן, דער פרײנט װעט אַ צװײט מאָל נישט קומען — פאַרװאָס דער דאָזיקער פרײנט אַלײן װערט באַם ערשטן װיזיט עפּעס אַזױ צעמישט, אַזױ פאַרשטײנערט בײַ זײן גאַנצן שאַרפזין (אויב ער פאַרמאָגט נאָר שאַרפזין), קוקנדיק אויפן אַראָפּגעלאָזטן פּנים פון באַלעבאָס, װעלכער האָט שוין

דערווייל באַוויזן זיך צו פאַרלירן אינגאַנצן און שרעקלעך זיך צו פאַרפלאָנטערן נאָך די אומגעהייער לאַנגע, אָבער אומזיסטע באַמיונגען צו פאַרגלעטן און פאַראיינפאַכן דאָס געשפּרעך, וויזן פון זיין זייט, אַז אויך ער האָט אַ ידיעה אין וועלטלעכע ענינים. אויך כאַפּן אַ שמועס וועגן שיינעם געשלעכט און מיט אַזאַ הכנעה געפעלן ווערן דעם אָרימען, נישט אויפן געהעריקן אָרט אַריינגעפאַלענעם פאַרשוין, וואָס איז על פּי טעות געקומען צו אים צו גאַסט?

פאַרוואָס כאַפּט זיך פלוצלינג דער דאָזיקער גאַסט פאַר'ן הוט און גייט שנעל אַוועק, דערמאַנענדיק זיך פלוצלינג וועגן זייער אַ ניטיקן ענין, וואָס איז נישט געשטויגן און נישט געפלויגן און ער באַפרייט ווי עס איז זיין האַנט כּונם הייסן דריקן פון באַלעבאָס, וועלכער באַמיט זיך אויף אַלע אופנים אַרויסצוּווייזן זיין חרטה און אויסצובעסערן דאָס פאַרלוירענע? פאַרוואָס לאַכט דער פריינט אַרויסגייענדיק און גיט זיך באַלד נאָכן אַריבערטרעטן די שוועל דאָס וואָרט נישט צו קומען קיינמאָל צום דאָזיקן מאָדנעם פאַרשוין, הגם דער דאָזיקער מאָדנער פאַרשוין איז אין דערווירקלעכקייט זייער אַ ווילער בחור. און אין דער זעלבער צייט קען נישט דער פריינט אָפּזאָגן זיך אין זיין פאַנטאַזיע פון אַ קליינעם קאַפּריז: פאַרגלייכן כאָטש אויף אַ זייער דערווייטערטן אופן די פיזיאָגנאָמיע פון זיין באַקאַנטן. אין משך פון דער גאַנצער צייט, וואָס ער האָט מיט אים גערעדט, — מיטן אויסזען פון יענעם קעצל, צעדורסט, איבערגעשראָקן און אויף כּלערליי אופנים באַליידיקט, פאַרכאַפּנדיק אים הינטערווייל'עכס אין געפאַנגענשאַפט, געמאַכט פון אים אַ תּל, און ער האָט זיך ענדלעך אַרויסגעריסן פון זיי, זיך פאַרקליבן אונטער אַ בענקל אין דער פינסטערניש און דאָרט אַ גאַנצע שעה געווען געצוווּנגען זיך אָפּצוטרייסלען, אַנבלאָזן זיך און וואַשן זיין באַליידיקט פּנימל מיטביידע לאַפּעס, און נאָך לאַנג דערנאָך קוקן פיינלעך אויף דער נאַטור און אויפן לעבן און אפילו

אויף די קרישקעלעך פון הערס מיטאָג, וואָס עס האָט אים געבראַכט די דינסט, וועלכע האָט מיטגעפילט זיין צער?

— הערט מיך אויס, — האָט נאַסטענקאַ איבערגעהאַקט מיר די רייד, אויסהערנדיק מיך דורך דער גאַנצער צייט מיט פאַרוווּנ־דערונג, ברייט עפנענדיק די אויגן און אויפרייסנדיק דאָס מויל, — הערט מיך אויס; איך ווייס לחלוטין נישט, צוליב וואָס דאָס אַלץ איז פאָרגעקומען און פאַרוואָס איר דווקא שטעלט מיר אַזעלכע לעכער־לעכע פראַגן, נאָר איינס ווייס איך אויף זיכער, אַז דאָס אַלץ, פון אָנהייב ביזן סוף, איז געשען נישט מיט קיין אַנדערן, נאָר מיט אייך.

— בלי ספק, — האָב איך געענטפערט מיט אַן ערנסטער מינע.

— נו, אויב יאָ אַזוי, דערציילט ווייטער, — האָט נאַסטענקאַ געענטפערט, — מיר ווילט זיך זייער וויסן, מיט וואָס דאָס וועט זיך ענדיקן.

— איר ווילט וויסן, נאַסטענקאַ, וואָס אַזוינס עס האָט געטון אין זיין ווינקעלע אונדזער העלד, אָדער, בעסער געזאָגט, איך, ווייל דער העלד פונם גאַנצן ענין בין איך אַליין מיט מיין אייגענער באַ־שיידענער פערזאָן; איר ווילט וויסן, פאַרוואָס איך האָב זיך אַזוי צעמישט און פאַרלוירן אויף אַ גאַנצן טאָג צוליב דעם אומפאַרהאַפטן וויזיט פונם פריינט? איר ווילט וויסן, פאַרוואָס איך בין אַזוי פאַרצאַפלט און רויט געוואָרן, ווען עס האָט זיך געעפנט די טיר אין מיין צימער, פאַרוואָס איך האָב נישט געקענט אויפנעמען דעם גאַסט און בין אַזוי שענדלעך געפאַלן הינטער דער לאַסט פון מיין אייגע־נער גאַסט־פריינטלעכקייט.

נו, יאָ, יאָ! — האָט געענטפערט נאַסטענקאַ, — אָט דאָס איז די זאַך. הערט מיך אויס: איר דערציילט זייער שיין; אפשר אָבער וואָלט איר געקענט נישט אַזוי שיין דערציילן? איר רעדט, גלייך ווי איר וואָלט געלייענט אַ בוך.

— נאַסטענקאַ! — האָב איך געענטפערט מיט אַן ערנסטן,

שטרענגן טאָן, מיט אַלע כּוחות איינהאַלטנדיק זיך גענלעכטער, — טייערע נאַסטענקאַ, איך ווייס, אז איך דערציילט ער שיין, אָבער איר מוזט מוחל זיין, אַנדערש קען איך נישט דעה לן איצט, ליבע נאַסטענקאַ, איצט בין איך געגליכן צום גייסט ון שלמה המלך, וואָס איז טויזנט יאָר געווען אין אַ פושקע, אי ער זיבן חתימות. איצט, ליבע נאַסטענקאַ, ווען מיר קומען זיך ווידער צונויף נאָך אַ לאַנג צעשיידן זיך, דערפאַר וואָס איך האָב איך שוין געקענט פון לאַנג, נאַסטענקאַ, דערפאַר וואָס איך האָב אין פון לאַנג עמעצן געזוכט, און דאָס איז דער בעסטער סימן, אַז איך דווקא האָב איך געזוכט, און אַז אונדז איז געווען באַשערט זיך צו טרעפן, — איצט האָבן זיך אין מיין קאָפּ געעפנט טויזנט פאַרשטאָפּטע רער־לעך, און איך מוז זיך צעגיסן אין אַ טייך ווערטער, אַז נישט וועל איך דערשטיקט ווערן. הייסט עס, נאַסטענקאַ, איך בעט אייך מיר נישט איבערצוהאַקן און מיך באַשיידן און אויפמערקזאַם אויס־צוהאָרכן; אַז נישט — וועל איך שווייגן.

— ניין, ניין, ניין! באַין אופן נישט! רעדט! איצט וועל איך מיט קיין איין וואָרט זיך נישט אָנרופן!

איך דערצייל ווייטער: ס'איז פאַראַן, נאַסטענקאַ, פריינט מיינער, אין מיין טאָג איין שעה, וועלכע איך האָב שטאַרק ליב. ווען עס ווערן אויף כמעט אַלע ענינים, אַמטן און פאַרפליכטונגען, און אַלע איילן זיך אַהיים אויף מיטאָג, אום זיך עטוואָס אָפּצורוען, און דערביי טראַכטן זיי אויס אויפן וועג פאַרשידענע פריילעכע זאַכן, וואָס שייך דעם אָוונט, דער נאַכט און דער גאַנצער פאַרבלי־בענער, פרייער צייט.

אין דער דאָזיקער שעה האָט אויך אונדזער העלד — דער־לויבט איר שוין, נאַסטענקאַ, צו דערציילן אין דריטער פּערזאָן, דערפאַר, וואָס אין דער ערשטער פּערזאָן איז עס פּשוט אַ חרפּה צו דערציילן — און אַזוי האָט אין דער דאָזיקער שעה אויך אונ־

דזער העלד, [illegible] כער איז אויך נישט געווען אָן קיין באַשעפטי־קונג, געשפאַנט [illegible] זאַמען מיט די אַנדערע. נאָר מיט עפּעס אַ מאָד־נעם צופרידענ [illegible] עפּיל שיינט זיין בלאַס עטוואָס אויסגעמאַטערט פּנים. ער קוקט [illegible] זט גלייכגילטיק אויף דער אָונט־רוישקייט, וואָס לעשט זיך לאַנ [illegible] אויפן קאַלטן פּעטערבורגער הימל. אויב איך זאָג: ער קוקט [illegible] איך אַ ליגן, ער קוקט נישט, נאָר ער באַטראַכט אָן שום פּ [illegible] סירונג, גלייך ער וואָלט געווען מיד אָדער גלייכצייטיק [illegible] מיט אַ צווייטן, וויכטיקערן ענין, אַזוי אַז נאָר דרך אגב, [illegible] נישט ווילנדיק, קען ער אָפּגעבן זיין צייט דעם אַרומיקן [illegible] צופרידן, וואָס ער האָט געמאַכט אַ סוף ביזן מאָרגעדיקן טאָג [illegible] די אַלע פּאַרהאַסטע דורך אים ענינים; ער פרייט זיך ווי אַ ו [illegible] ד, וועלכן מען האָט אַרויסגעלאָזט פון דער שול־באַנק צו זיינ [illegible] ליבטע פאַרוויילונגען און שטיפערייען. קוקט זיך נאָר, נאַסטענקאַ [illegible] צו אים פון אַ זייט, און איר וועט תיכף דערזען, אַז דאָס געפיל פון גליק האָט גוט געווירקט אויף זיינע שוואַכע נערוון און קרענקלעך אויפגערייצטער פאַנטאַזיע.

אָט האָט ער זיך וועגן עפּעס פאַרטראַכט...

עס דאַכט זיך אייך — וועגן מיטאָג? וועגן היינטיקן אָוונט? אויף וואָס קוקט ער אַזוי? אויף דעם דאָזיקן הער מיט אַ סאָלידן אויסזען, וואָס האָט זיך אַזוי גרויסאַרטיק פאַרנייגט פאַר דער דאַמע, וועלכע איז פאַר אים פאַרבייגעפאָרן אויף פלינק־פיסיקע פערד, אין אַ פּרעכטיקן עקיפּאַזש?

ניין נאַסטענקאַ, וואָס גייען אים אָן די אַלע קליינינקייטן! ער איז שוין אַצינד רייך מיט זיין אייגן לעבן; ער איז מיט־אַמאָל רייך געוואָרן, און דער לעצטער שטראַל פון דער פאַרגייענ־דער זון האָט נישט בחנם אַזאַ פרייִלעכן בליק געטון פאַר אים און אַרויסגערופן פון דערוואַרעמטן האַרץ אַ גאַנצע מחנה איינדרוקן. איצט באַמערקט ער קוים דעם וועג, אויף וועלכן די מינדסטע נאַ־

ריכטקייט האָט אים פריִער געקענט איבעראַשן. [illegible] געטין
פון פאַנטאַזיע" (אויב איר, נאַסטענקאַ, האָט [illegible] זקין)
שוין פאַרוועבט מיט איר צערטלעכער האַנט [illegible] פאָדעם
און זיך גענומען פונאַנדערוויקלען פאַר זיינע [illegible] ער פון
אַן אויסערגעוויינטלעך פאַנטאַסטיש לעבן — [illegible] אפשר
האָט זי אים מיט איר צערטלעכקייט אַריבער [illegible] זיבעטן
קריסטאָלענעם הימל מיט זיינע אויסגעצייכנטע [illegible] אָטוּאַרן,
איבער וועלכע ער שפּאַנט, ווו עס ווילט זיך [illegible] ן. פרו-
בירט אים איצט אָפּצושטעלן, פרעגט אים פֿ[illegible] טייט ער
איצט, איבער וואָס פאַר אַ גאַסן ער גייט? [illegible] לתּי ספק
אָן גאָרנישט געקענט דערמאַנען, און, רויט ו[illegible] אַרדראָס,
וואָלט ער אומבאַדינגט געזאָגט עפעס אַ ליגנט, בכדי צו ראַטעווען
זיין כבוד.

דעריבער טאַקע האָט ער אַזאַ ציטער געטון און זיך מיט
שרעק אַרומגעקוקט, ווען עפעס אַ בכבודע זקנה האָט אים תּמימות-
דיק אָפּגעשטעלט אינדערמיט טראָטואַר און אים אָנגעהויבן אויס-
פרעגן דעם וועג, וועלכן זי האָט פאַרלוירן. אַן אָנגעברוגזטער שפּאַנט
ער ווייטער און באַמערקט קוים, אַז נישט איין דורכגייער קוקט אים
מיט אַ שמייכל נאָך, אָפּמעסטנדיק אים מיט זיינע בליקן, און אַז
עפּעס אַ קליין מיידעלע, וואָס האָט אים מיט שרעק אָפּגעטרעטן דעם
וועג, האָט זיך הילכיק צעלאַכט, קוקנדיק מיט גרויסע אויגן אויף זיין
ברייט אויפמערקזאַם שמייכעלע און משונהדיקע באַוועגונגען פון זיי-
נע הענט. נאָר נישט קוקנדיק דערווייל, האָט זיין פאַנטאַזיע אין איר
שפּילעוודיקן שווונג אונטערגעכאַפּט סיי די זקנה, סיי די בייגעריקע
דורכגייער, סיי דאָס לאַכעדיקע מיידל, סיי די פויערים, וואָס נעכ-
טיקן אין זייערע שיפלעך, וואָס האָבן פאַרפלייצט דעם גאַנצן טייך
(לאָמיר אָננעמען, אַז גראָד אין יענער מינוט איז אונדזער העלד
פאַרבייגעגאַנגען לעבן דעם טייך), לייכטזיניק אַלץ און אַלעמען פאַר-

געבט אין איר קאַנווע, ווי פליגן אין שפּינוועבס, און מיט שפּאָגל־נייע געדאַנקען האָט אונדזער מאָדנע פּאַרשוין זיך פאַרקליבן צו זיך אין שטוב, אַוועקגעזעצט זיך צום מיטאָג; ער האָט שוין לאַנג אָפּגעגעסן און געקומען צו זיך ערשט דאַמאָלס, ווען די פאַרטראַכטע און אייביק־טרויעריקע מאַטרענאַ, וואָס דינט באַ אים, האָט שוין אַלץ אַראָפּגערוימט פון טיש און אים דערלאַנגט זיין ליולקע; ער האָט זיך אויפגעכאַפּט און אַ פאַרוווּנדערטער זיך דערמאַנט, אַז ער האָט שוין לאַנג אָפּגעגעסן, נישט אָנהייבנדיק צו באַמערקן, ווי אַזוי דאָס אַלץ איז געשען.

אין דער שטוב איז פינסטער; אויפן האַרץ איז אומעטיק און פוסט; אַ גאַנצע מדינה הלומות האָט זיך איבער אים איינגעבראָכן, צעפאַלן זיך, נישט לאָזנדיק נאָך זיך קיין שום שפּורן, אָן רעש און אָן געפּילדער, פאַרביישוועבנדיק ווי אַ חלום, און ער אַליין געדענקט נישט, וועגן וואָס ער האָט געטרוימט. נאָר עפּעס אַן אומקלאָר געפיל, פון וועלכן עס קלעמט אים די ברוסט, עפּעס אַ נייער פאַרלאַנג רייצט אויף און באַוועגט זיין פאַנטאַזיע און רופט צונויף אַ גאַנצע מחנה נייע זעענישן.

אינם קליינעם צימער איז שטיל; די איינזאַמקייט און פוילקייט צערטלען זיין פאַנטאַזיע, וואָס ווערט עטוואָס אויפגעפלאַמט און עטוואָס אויפגעזידט, ווי דאָס וואַסער אין קאַווע־טאָפּ, אַרום וועלכן עס פאָרעט זיך זאָרגלאָז די אַלטע מאַטרענאַ באַ זיך אין קיך, צוגרייטנדיק פאַר זיך איר דינסטמוידישע קאַווע. אָט בלעזלט זי זיך אויף, אָט פאַלט אַרויס פון די הענט פון מיין טרוימער דאָס בוך, וועלכעס ער האָט צופעליק און אָן אַ שום ציל גענומען, אַדורכלייענענדיק נישט קיין גאַנצע דריי זייטן. זיין פאַנטאַזיע האָט זיך ווידעראַמאָל צעשפּילט און זיך צעפלאַקערט, און פּלוצלינג האָט אַ נייע וועלט, אַ נײַ כּישופדיק לעבן פאַר אים אַ בליץ אויף געטון אין איר בלענדנדיקער פּערספּעקטיוו.

## אַ נייער חלום — נײַ גליק!

אַ פרישע דאָזע שאַרפן, זיסן גיפט! וואָס גייט אים אָן אונ־דזערווירקלעך לעבן! לויט זיין מיינונג, לעבן מיר מיט אייך, נאַסטענקאַ, אַזוי פויל, לאַנגזאַם און פאַרשלאָפן; לויט זיין מיינונג, זענען מיר אַלע אַזוי אומצופרידן מיט אונדזער גורל און מיר פּייניקן זיך אַזוי מיט אונדזער לעבן!

און באמת, קוקט זיך נאָר צו, ווי טאַקע אַלץ איז אויפן ערשטן בליק צווישן אונדז אַזוי קאַלט, מרה־שחורהדיק און אָנגעברוגזט! — אָרימע! טראַכט זיך מיין טרוימער, און עס איז אויך קיין וואונדער, וואָס ער טראַכט אַזוי! גיט נאָר אַ קוק אויף די דאָזיקע פאַנטאַס־טישע זעענישן, וואָס וויקלען זיך אַזוי רייצנד, אַזוי שפּילעוודיק, אומענדלעך און ברייט פאַר אים פונאַנדער אין אַזאַ כישופדיק, באַ־גייסטערט בילד, אויף וועלכן אויפן ערשטן פּלאַן, און דאָס איז דאָס וויכטיקסטע, פאַרשטייט זיך, איז ער אַליין, אונדזער טרוימער אין זיין הויך־געשעצטער פּערזאָן! גיט נאָר אַ טראַכט, וואָס פאַר אַ פאַר־שידנאַרטיקסטע צופאַלן, וואָס פאַר אַ אומענדלעכע מחנה פון באַ־גייסטערטע חלומות.

איר וועט, מן הסתם, פרעגן, וועגן וואָס ער טראַכט?

צו וואָס נוצט דאָס פרעגן?

פאַרשטייט זיך, וועגן אַלץ... וועגן דער ראָל פון אַ נישט־אָנערקענטן דיכטער, וואָס ווערט סוף־כּל־סוף באַרימט און געקריינט, וועגן דער פריינטשאַפט מיט האָפמאַנען, די וואַלפּורגיער־נאַכט, דיאַנע ווערנאָן, די העלדישע ראָל באַם איינגעמען די שטאָט קאַזאַן דורך דעם קיסר איוואַן, קלאַראַ מאָווברײַ, יעווּפיאַ דענס, דער פּראַלאַטן־צוזאַמענפאָר מיט הוסן בראש, דער תחית־המתים אויף ראָבערט (איר דערמאַנט זיך די מוזיק! עס שמעקט מיט בית־הקברות!) די שלאַכט באַ דער בערעזינע, דאָס לייענען פון דער פּאָעמע באַ דער גרעפין

■. ד. דאַנטאָן, קלעאָפּאַטרע ei suoi amanti*) דאָס הייזל אין קאַלאָמנע, אַן אייגן ווינקעלע, און באַלד דערלעבן אַ טייער באַשע־פעניש, וואָס האָרכט אייך אויס אין אַ ווינטער־אויפדערנאַכט מיט אַ אויפגעריסן מויל און אויגן, אָט אַזוי, ווי איר האָרכט מיך אויס, קליי־נער מלאך מיינער... ניין, נאַסטענקאַ, וואָס גייט אים אָן, וואָס גייט אָן דעם דאָזיקן תאווהדיקן פוילענצער, אָט אַזאַ לעבן, נאָך וועלכן איך מיט אייך לעכצן אַזוי? אים ווייזט אויס, אַז אַזאַ לעבן איז נע־בעכדיק און אָרים, און עס חלומט אים אַפילו נישט, אַז אַמאָל וועט אויך אויסשלאָגן זיין שעה פון אומעט, ווען ער וועט פאַר איין שעה פון דעם דאָזיקן אָרימען לעבן אָפּגעבן זיינע אַלע פאַנטאַסטישע יאָרן, און נישט צוליב פרייד, נישט צוליב גליק וועט ער זיי אָפּגעבן; עס וועט זיך אים אַפילו נישט וועלן גלייבן אין דער דאָזיקער שעה פון אומעט, תשובה און ענדלאָזן צער.

נאָר דערווייל איז זי נאָך נישט אָנגעקומען, די דאָזיקע שרעקלעכע צייט — ער פאַרלאַנגט קיין שום זאַך נישט, ווייל ער שטייט איבער אַלע פאַרלאַנגען, ווייל ער האָט אַלץ, ווייל ער איז איבערגעזעטיקט, ווייל ער אַליין איז דער קינסטלער פון זיין לעבן און שאַפט זיך יעדער שעה באַזונדער לויט זיין אייגענעם חשק.

און עס שאַפט זיך אַזוי לייכט, אַזוי נאַטירלעך, די דאָזיקע לעגענדאַרע, פאַנטאַסטישע וועלט! גלייך דאָס אַלץ איז באמת נישט קיין זעעניש! עס ווילט זיך אָפּטמאָל גלייבן, אַז אַזאַ מין לעבן איז נישט קיין פאַרשיכורונג פון די געפילן, איז נישט קיין מי־ראַזש, נישט קיין איינבילדונג, נאָר אַז דאָס אַלץ איז אַווירקלעכ־קייט, אן אמת, אַ פאַקט.

פאַרוואָס־זשע, זאָגט מיר, נאַסטענקאַ, פאַרוואָס־זשע ווערט אין אַזעלכע מינוטן אַזוי ענג אין האַרץ? פאַרוואָס־זשע, צוליב וואָס

*) מיט איר געליבטן.

כאָר אַ כישוף, לויט וועמענס אומבאַקאַנטן פאַרלאַנג קלאַפּט שטאַר־
קער דער דופק, עס גיבן זיך טרערן פון אונדזער טרוימערס אויגן,
עס פלאַמען זיינע אויסגעגלייכטע, פייכטע באַקן, און זיין גאַנץ
וועזן הערט אָנגעפּולט מיט אַזאַ אומבאַזיגבאַרע לייטזעליקייט? פאַר־
וואָס פאַרלויפן אין אַן אומדערשעפּטן גליק און פרייד גאַנצע שלאָפ־
לאָזע נעכט, ווי איין רגע, און ווען דער באַגינען בליצט אויף מיט
אַ רויטלעכן שטראַל אין דעם פענסטער, און דער פרימאָרגן באַ־
לייכט מיט זיין אומזיכערער, פאַנטאַסטישער שיין, ווי בא אונדז אין
פעטערבורג, זיין מרה־שחורהדיק צימער, וואַרפט זיך אונדזער טרוי־
מער אַ מידער און פארמאַטערטער אויף זיין געלעגער און שלאָפט
איין אַ פאַרציטערטער פון אַנטציקונג פון זיין קרענקלעך צערייצ־
געמיט מיט אַזאַ פיינלעך־זיסן ווייטיק אין האַרץ?

יאָ, נאַסטענקאַ, דו וועסט האָבן אַ טעות און נישט ווילנדיק
וועסטו אַ פאַלשן טראַכט טון, אַז אַן אמתע ליידנשאַפט רייצט אין
זיין געמיט, עס וועט זיך דיר נישט ווילנדיק אויסווייזן, אַז ער
לעבעדיקס, באַשטענדיקס באַוועגט זיינע חלומות אָן שום ממש
נאָר ווי פאַלש איז דאָס, — למשל, אַז אַ ליבע מיט איר אומענד־
לעכער פרייד, מיט אירע שרעקלעכע יסורים, האָט זיך צעפלאַקערט
אין זיין האַרץ... קוקט אים נאָר אָן און איר וועט זיך תיכף אי־
בערצייגן! און קוקנדיק אויף אים, טייערע נאַסטענקאַ, וועט אי־
דען גלייבן, אַז ער האָט, באמת, קיינמאָל נישט געקענט די, וועל־
כע ער האָט אַזוי געליבט און זיינע היסטערישע חלומות?

צי האָט ער זי באמת געזען בלויז אין זיין פאַנטאַזיע, או־
אַז עס האָט זיך אים נישט מער ווי געחלומט די דאָזיקע ליי־
שאַפט, צי זענען זיי באמת נישט געגאַנגען אין משך פון אַזוי כ
יאָרן פון זייער לעבן האַנט באַ האַנט — אַליין, זאַלבעצווייט, 
וואַרפנדיק פון זיך אַלץ און פאַרבינדנדיק איינער מיטן אַנד־
דערער זיין וועלט און זיין לעבן?

צי נישט זי, אין אַ שפּעטן אויפדערנאַכט, אין דער שעה פון צעשיידן זיך, צי נישט זי איז געלעגן אַ פאַרבענקטע מיט געוויין אויף זיין ברוסט, נישט הערנדיק דעם שטורם, וואָס האָט זיך צע-שפּילט הינטערן אַכזריותדיקן הימל, נישט פילנדיק דעם ווינט, וואָס האָט מיטגעריסן און אַוועקגעטראָגן מיט זיך די טרערן פון אירע שוואַרצע וויִעס? צי איז דאָס אַלץ געווען אַ חלום — אויך דער דאָזיקער גאָרטן, אַן אומעטיקער, אַ פאַרוואָרלאָזטער און אַ ווילדער מיט שטעגלעך, וואָס זענען באַוואַקסן מיט מעך, אַן אָפּגעזונדערטער, פאַרמרה-שחורהטער, ווו זיי האָבן אַזוי אָפט אַרומשפּאַצירט צוזאַמען, צוזאַמען געבענקט, געהאָפט, געליבט איינער דעם צווייטן אַזוי לאַנג.

„אַזוי לאַנג און צאַרט"

אויך דאָס משונהדיקע ירושה-הויז, אין וועלכן זי האָט אַזאַ לאַנגע צייט פאַרבראַכט אין איינזאַמקייט און אין טרויער, צוזאַמען מיט דעם אַלטן, אַנגעברוגזטן, אייביק שווייגעדיקן און אויפגערעגטן מאַן, וואָס האָט אָנגעוואָרפן אַ פּחד אויף זיי, אויף די ציטערדיקע באַשעפענישן, וועלכע האָבן מיט צער און שרעק באַהאַלטן זייער ליבע, איינער פאַרן צווייטן? אַך, ווי זיי האָבן זיך געפייניקט, ווי זיי האָבן זיך געשראָקן? ווי אומשולדיק און ריין עס איז געווען זייער ליבע, און ווי שלעכט (נו, דאָס פאַרשטייט זיך, נאַסטענקאַ) עס זענען געווען די מענטשן! און, גאָט מיינער, צי האָט ער דער-נאָך באמת זיך נישט באַגעגנט מיט איר, ערגעץ ווייט פון דערהיים, הינטער א פרעמדן דרומדיקן, צעגליטן הימל, אין אַ וואונדערלעך אייביקער שטאָט, אויף אַ הערלעכן באַל, באַם געפילדער פון מוזיק, אין אַ פּאַלאַץ (אומבאַדינגט אין אַ פּאַלאַץ). וואָס איז פאַרזונקען אין אַ ים פון פייער, אויף אָט דעם באַלקאָן, וואָס איז פאַרפלאָכטן מיט רויזן און מירטן-צווייגן, ווו זי, דערקענענדיק אים, האָט אין איי-לעניש אויסגעטון די מאַסקע און, אויספליסטערנדיק: „איך בין

פריי״, וואַרפֿט זי זיך אַ פּאַרציטערטע אַרויף אויף זיין האַלדז, און מיט אַן אויסגעשריי פון פרייד האָבן זיי זיך צוגעטוליעט איינער צום צווייטן, און איך איין רגע האָבן זיי פאַרגעסן אָן זייער צער, אָן זייער בענקשאַפט, אָן די ליידן, אָן דעם פאַרמרהשחורהטן הויז, אָן אַלטן מאַן, אָן פאַרוואָרלאָזטן גאָרטן אין דער ווייטער היים, אָן דער באַנק, אויף וועלכער זי האָט זיך מיט דעם לעצטן ליידנ־שאַפטלעכן קוש אַרויסגעריסן פון זיינע אָרעמס, וואָס זענען גע־בליבן פאַרגליווערט אין יאושדיקן ווייי...

אָ, איר מוזט מודה זיין, נאַסטענקאַ, אַז מען מוז פאַרציטערט ווערן, זיך פאַרלירן און זיך פאַרשעמען, ווי אַ תלמיד, וואָס האָט נאָר וואָס אַריינגעשטעקט צו זיך אין טאַש אַן עפל, וועלכן ער האָט געגנבעט אין שכנס גאָרטן, ווען עפעס אַ לאנגער, געזונטער בחור, עפעס אַ וויצלער און אַ חוזק־מאַכער, אייער אומגעבעטענער פריינט, עפנט אויף אייער טיר און שרייט אויס, ווי קיינמאָל גאָרנישט: „איך, ברודערל, קום אָקאָרשט פון פאַוולאָווסק״. גאָט מיינער! דער אַלטער גראַף איז געשטאָרבן, עס טרעפט אייך אַן אומפאַרהאָפט גליק, — און דאָ קומען מענטשן צופאָרן פון פאַוולאָווסק!

איך בין פאַטעטיש אַנטשוויגן געוואָרן צום סוף פון מיינע פאַטעטישע אויסגעשרייען. איך געדענק, אַז מיר האָט זיך דווקה גע־וואָלט איבער מיינע כּוחות אויסברעכן מיט אַ הילכיק געלעכטער, ווייל איך האָב שוין אָנגעהויבן פילן, ווי ביי מיר אין האַרץ האָט זיך צעצאַפּלט עפעס אַ פאַרביסן שדל, אַז אין האַלדז האָט מיך גענומען שטיקן, די גאָמבע צו ציטערן, און וואָס אַמאָל נאַסער זע־נען געוואָרן מיינע אויגן...

איך בין געווען זיכער, אַז נאַסטענקאַ, וואָס האָט אויסגעהאָרכט מיינע רייד, אויסשטעלנדיק אויף מיר אירע קלוגע אויגן, וועט אויס־ברעכן מיט איר קינדיש, פריילעך געלעכטער, און איך האָב שוין געהאַט חרטה, וואָס איך בין אַזוי ווייט פאַרקראָכן און בחנם איר

דערציילט דאָס אַלץ, וואָס האָט זיך אין משך פון אַ לאַנגער צייט אָנגעזאַמלט בײַ מיר אין האַרץ, און וועגן וועלכן איך האָב געקענט רעדן, גלייך איך וואָלט עס אַרויסגעלייענט פון אַ בוך, ווייל איך האָב שוין פון לאַנג געהאַט צוגעגרייט דעם פסק־דין אויף זיך אַליין; און איצט בין איך נישט געווען בכּוח זיך איינצוהאַלטן, אַז איך זאָל דעם דאָזיקן פסק־דין נישט אַרויסזאָגן און זיך מודה זיין, כאָטש עס איז מיר אַפילו נישט איינגעפאַלן, אַז מען וועט פאַרשטיין; נאָר זי האָט צו מיין גרעסטער פאַרוואונדערונג פאַרשוויגן און, וואַרטנדיק אַ ווײַלע, האָט זי לייכט אַ דרוק געטון מיין האַנט און מיט מיטגעפיל שעמעוודיק געפרעגט:

— איר האָט באמת אויף אַזאַ אופן אַדורכגעלעבט אייער לעבן?

— דאָס גאַנצע לעבן, נאַסטענקאַ, — האָב איך געענטפערט, — דאָס גאַנצע לעבן, און אַזוי, דאַכט זיך, וועל איך שטאַרבן!

— ניין, דאָס איז אוממעגלעך, — האָט זי מיט שרעק אויסגערופן, — דאָס וועט נישט געשען; אויף אַזאַ אופן וועט דאָך מיר אייך אויסקומען צו פאַרברענגען דאָס גאַנצע לעבן מיט מיין באָבען. הערט מיך אויס: איר ווייסט, אַז עס איז גאָרנישט גוט אַזוי צו לעבן?

— איך ווייס עס, נאַסטענקאַ, איך ווייס עס! — האָב איך אויסגעשריגן נישט צוריקהאַלטנדיק מער מיינע געפילן. — און איצט איז עס פאַר מיר אַ סך קלאָרער, ווי אַן אַנדערש מאָל, אַז איך האָב מיט גאָרנישט פאַרברענגט מיינע בעסטע יאָרן! איצט ווייס איך עס און פיל עס אַ סך ווייטיקלעכער, אָפּגעבנדיק זיך אַ דין־וחשבון דערפון, ווייל גאָט האָט מיר צוגעשיקט אייך, מיין גוטן מלאך, וואָס האָט מיר דאָס אַלץ אַרויסגעזאָגט און געוויזן. איצט, ווען איך זיץ לעבן אייך און שמועס מיט אייך, קומט מיר דער געדאַנק וועגן דער צוקונפט אויס אַזוי משונהדיק, ווייל אין דער צוקונפט וואַרט מיך ווידער דער עלנט, ווידער דאָס דאָזיקע פאַר-

שימלטע נישט-נייטיקע לעבן, און וועגן וואָס וועל איך ווען עס איז אַ מאָל קענען טרוימען, אַז איך בין שוין אויף דער וואָך גע-ווען גליקלעך, געפינענדיק זיך לעבן אייך! אָ, זייט געבענטשט, מיין טייער מיידל, דערפאַר, וואָס איר האָט מיך תיכּף נישט אָפּ-געשטויסן פון זיך, דערפאַר, וואָס איך האָב דאָס רעכט צו זאָגן, אַז איך האָב אַדורכגעלעבט כאָטש צוויי אָוונטן אין מיין לעבן.

— אַך, ניין, ניין! — האָט אויסגעשריגן נאַסטענקאַ, און אין אירע אויגן האָבן זיך באַוויזן טרערן. — ניין, אַזוי ווייטער וועט נישט גיין; מיר וועלן זיך אַזוי לייכט נישט צעשיידן, דאָס זענען אַזוינס צוויי אָוונטן!

— אַך, נאַסטענקאַ, נאַסטענקאַ, ווייסט איר כאָטש, ווי איר האָט מיך באַרויִקט? צי ווייסט איר, אַז איך וועל שוין וועגן זיך נישט טראַכטן אַזוי שלעכט, ווי איך האָב אָפּטמאָל וועגן זיך גע-טראַכט? צי ווייסט איר, אַז איך וועל, מעגלעך, שוין מער קיין חרטה נישט האָבן דערויף, וואָס איך האָב געזינדיקט און באַגאַנ-גען אַ פאַרברעך בנוגע מיין לעבן, ווייל פירן אַזאַ לעבן איז דאָך אַ פאַרברעך און אַן עוולה?

און זאָל זיך אייך נישט אויסווייזן, אַז איך האָב אין וואָס עס זאָל נישט זיין איבערגעטריבן; איך בעט אייך, זאָל זיך עפּעס אַזעלכעס אייך נישט אויסווייזן, ווייל עס נעמט מיך אָפּטמאָל אַרום אַזאַ בענקשאַפט, אַזאַ בענקשאַפט... ווייל דאַמאָלס נעמט זיך מיר אויסווייזן, אַז איך בין נישט בכּוח אָנצוהייבן צו פירן אַן אמתדיק, ווירקלעך לעבן, ווייל איך האָב שוין געמיינט, אַז איך האָב פאַר-לוירן יעדן טאַקט, יעדן חוש פון עפּעס ווירקלעכעס [illegible]ן ממשות-דיקעס; ווייל איך האָב סוף-כּל-סוף געגומען זיך [illegible]; ווייל, נאָך די אַלע פאַנטאַסטישע נעכט, קומען אויף מיר די מינוטן פון ניכטערקייט, וואָס זענען אַזוי שרעקלעך!

און דערווייל הערסטו, ווי עס שטורמט און ברויזט אַרום דיר

דער המון אין וויכער פון לעבן, הערסט, זעסט, ווי עס לעבן די מענטשן, לעבן אויף אַן אמת, זעסט, אַז פאַר זיי איז דאָס לעבן נישט פאַר-באָטן, אַז זייער לעבן ווערט נישט פאַרשווינדן, ווי אַ חלום, ווי אַ מיראַזש, אַז זייער לעבן האַלט זיך אין איין באַנייען און איז איי-ביק יונג, און אַז קיין איין שעה איז נישט ענלעך צו דער צוויי-טער אין דער צייט, ווען די פחדנישע פאַנטאַזיע, די שקלאַפן פון שאָטן, פון דער אידעע, דער קנעכט פונם ערשטן בעסטן וואָלקן, וואָס פאַרדעקט מיטאַמאָל די זון, און דאָס אמתע פעטערבורגער האַרץ, פאַר וועלכן די זון איז אַזוי טייער, ווערט פאַרקלעמט פון אומעט, איז אַזוי מרה-שחורהדיק און ביז עקל מאָנאָטאָן.

און איר ווייסט דאָך, וואָס פאַר אַ פנים עס האָט די פאַנטאַ-זיע, בשעת מען -איז פאַרבענקט!

דו הייבסט אָן פילן, אַז זי ווערט סוף-כל סוף מיד און שטייט אָפּ אין איר כסדרדיקער שפּאַנונג, אָט די אומדערשעפּלעכע פאַנ-טאַזיע, ווייל מען ווערט דאָך פון טאָג-צו-טאָג רייפער און די אי-דעאַלן פון אַמאָל ווערן צו נישט: זיי צעשיטן זיך אויף שטויב און צעברעקלען זיך; און אויב אונטער דער האַנט איז קיין אַנ-דער לעבן נישט פאַרהאַן, מוז מען עס בויען פון אַזעלכע ברעק-לעך.

און דאָ לעכצט דאָס האַרץ און גאַרט נאָך עפּעס אַנדערש!

און בחנם גראָבט זיך, ווי אין אַש, אונדזער טרוימער אין זיינע אַמאָליקע חלומות, זוכנדיק אין אָט דעם אַש כאָטש עפּעס אַ פונק, וואָס וועט זיך לאָזן פונאַנדערבלאָזן, כדי זיך צו דערוואַ-רעמען דאָס פאַרפרוירענע האַרץ באַ זיעם אויפסניי צעברענגטן פיי-ער און באַנייען דאָס אַלץ, וואָס איז געוועזן אַמאָל אַזוי ליב, וואָס פלעגט אַזוי ווירקן אויף דעם געמיט, וואָס פלעגט אויפברויזן דאָס בלוט מיט זיין זיסער פאַלשקייט, אַז טרערן פלעגן זיך גיסן פון די אויגן!...

ווייסט איר, נאַסטענקאַ, צו וואָס איך בין דערגאַנגען? ווייסט איר, אַז איך בין געצוואונגען צו שטעלן אַ יאָר־צייט־ליכט נאָך מיינע געפילן, און נאָך דעם אַלעם, וואָס איז אַמאָל געווען אַזוי ליב, און וואָס איז, דעם אמת זאָגנדיק, קיינמאָל נישט געווען, — ווייל דאָס דאָזיקע יאָר־צייט־ליכט שטעל איך נאָך אָט די אַלע נאַרישע און זינלאָזע חלומות, ווייל סוף כל סוף זענען אָט די נאַרישע חלומות אויך נישט פאַרהאַן, צוליב דעם, וואָס עס איז נישטאָ, מיט וואָס זיי צו שפייזן:

אויך חלומות דאַרפן האָבן שפייז!

איר ווייסט, אַז איצט האָב איך ליב זיך צו דערמאַנען און פון צייט צו צייט צו באַזוכן די אַלע מקומות, וו איך בין, לויט מיין מיינונג, געווען אַמאָל גליקלעך, איך האָב ליב צו בויען מיין קעגנ־וואַרט לויט דעם נוסח פון דער פאַרגאַנגענהייט, וואָס וועט שוין קיינמאָל נישט צוריקקומען, און זייער אָפט בלאָנדזשע איך, ווי אַ שאָטן, אָן שום ציל און נויטווענדיקייט, אַן־אומעטיקער און פאַר־מרה־שחורהטער אַרום איבער די פעטערבורגער גאַסן און אונטער־געסלעך.

וואָס פאַר אַ פאַרשידענע דער־ינערונגען!

אָט דערמאַן איך זיך, למשל, אַז אָט אָ דאָ, אין דער און דער צייט, האָב איך זיך מיט אַ יאָר צוריק אַרומגעשלעפט אָט איבער די זעלבע טראָטואַרן פונקט אַזאַ אומעטיקער און איינזאַמער, ווי איצט! און איך דערמאַן זיך, אַז אייך דאַמאָלס זענען מיינע חלומות גע־ווען טרויעריקע, און כאָטש דאַמאָלס איז מיר אויך נישט בעסער געווען, נאָר פונדעסטוועגן פיל איך, אַז עס איז עפעס בעסער, רוי־קער געווען דאָס לעבן, אַז איך האָב זיך נישט אַרומגעטראָגן מיט אַזעלכע שוואַרצע מחשבות, וואָס פּלאָגן מיך איצטער אַזוי אומברחמנות־דיק, אַז דאָס אַלץ, וואָס לאָזט מיך איצט, סיי באַטאָג, סיי באַנאַכט, נישט צו רו, האָט אַזוי געפּלאָגט מיין פינסטער, מרה־שחורהדיק גע־

ווייסן. און איך פרעג זיך אַליין: וווּ זענען אַהינגעקומען מיינע חלומות? און איך שאָקל צו מיטן קאָפּ און זאָג זיך: ווי גיך עס פאַרלויפן די יאָרן!

און איך פרעג מיך ווייטער:

וואָס האָב איך געטון מיט מיינע בעסטע יאָרן? מיט וואָס האָב איך פאַרבראַכט די בעסטע צייט? צי האָב איך געלעבט, אָדער נישט? קוק דיך נאָר צו, זאָג איך זיך, קוק דיך נאָר צו, ווי קאַלט עס ווערט אויף דער וועלט.

עס וועלן פאַרלויפן נאָך יאָרן, און עס וועט קומען די צייט פון ביטערער איינזאַמקייט, עס וועט קומען די עלטער, ווען איך וועל אַ ציטערדיקער זיך אָנלענען אָן מיין שטעקן, עס וועט קומען די בענקשאַפט און דער יאוש, דיין פאַנטאַסטישע וועלט וועט בלאַס ווערן, עס וועלן פאַרוועלקן און אָפּשטאַרבן דיינע חלומות און אַראָפּפאַלן וועלן זיי, ווי געלע בלעטער פון די ביימער...

אָ, נאַסטענקאַ! עס ווילט זיך נישט בלייבן אַליין, אינגאַנצן אַליין, און נישט האָבן אפילו וואָס צו באַדויערן — גאָרנישט, דאָס מינדסטע נישט... ווייל דאָס אַלץ, וואָס דו האָסט פאַרלוירן, דאָס אַלץ איז גאָרנישט געווען, דיין חלום איז געווען נישט מער, ווי אַ נאַרישער, קיילעכדיקער וויץ!

— נו, לאָזט שוין אָפּ, איך קען זיך מער נישט צוהערן צו אייערע רייד! — האָט געזאָגט נאַסטענקאַ, אָפּווישנדיק זיך אַ טרער, וואָס האָט זיך אַרויסגעקייקלט פון אירע אויגן. — איצט וועט עס נעמען אַ סוף, מיר וועלן פון איצט אָן זיין צוזאַמען; וואָס עס זאָל נישט געשען מיט מיר, וועלן מיר ביידע זיך נישט צעשיידן. הערט: איך בין אַ פּשוט מיידל, איך האָב זיך ווייניק געלערנט, כאָטש די באַבעשי האָט געדונגען צו מיר לערערס, נאָר איר מעגט מיר גלייבן, אַז איך פאַרשטיי אייך, ווייל דאָס אַלץ, וואָס איר דערציילט מיר, האָב איך אַליין שוין איך דורכגעלעבט, ווען די באָ-

בעשי פלעגט מיך צושפילען צו איר קלייד. ס'פארשטייט זיך, אַז איך וואָלט נישט דערציילט אַזוי שיין, ווי איר דערציילט, איך האָב זיך נישט געלערנט, — האָט זי תמימותדיק צוגעגעבן, ווייל זי האָט אַלץ נאָך געפּילט אַ מין דרך-ארץ צו מיינע פּאַטעטישע רייד און אויפגעבלאָזענעם לשון, — נאָר איך פריי זיך זייער, וואָס איר האָט זיך פאַר מיר אַזוי אויפריכטיק מתוודה געווען. איצט קען איך אייך, אינגאַנצן קען איך אייך.

און ווייסט איר וואָס?

איך וועל אייך דערציילן מיין געשיכטע, אַלץ פון אָנהייב ביזן סוף, און דערנאָך וועט איר מיר געבן אַן עצה. איר זענט זייער אַ קלוגער מענטש; איר זאָגט מיר צו, אַז איר וועט מיר געבן אַן עצה?

— אַך, נאַסטענקאַ, — האָב איך געענטפערט — כאָטש איך האָב נאָך קיינעם קיין עצות נישט געגעבן, און קיין קלוגער בעל-עצה בין איך אוודאי און אוודאי נישט, נאָר איצט זע איך איין, אַז אויב מיר וועלן אייביק אַזוי לעבן, וועט עס זיין זייער אַ קלוגער אויפטו, און איינער וועט דעם צווייטן געבן איבערגענוג קלוגע עצות! נו, טייערע נאַסטענקאַ מיינע, אין וואָס פאַר אַן עצה נייטיקט איר זיך? רעדט מיט מיר אָפן; איך בין איצט אַזוי גליקלעך, פריי-לעך, דרייסט און קלוג, אַז קיין ווערטער וועלן מיר באַין אופן נישט פאַרפעלן.

— ניין, ניין! — האָט מיר נאַסטענקאַ מיט אַ געלעכטער איבערגעהאַקט די רייד. — מיר גייט נישט וועגן אַ קלוגע עצה, איך נייטיק זיך אין אַן עצה, אַ האַרציקע, אַ ברודערלעכע, גלייך איר וואָלט מיך דאָס גאַנצע לעבן אייערס געליבט!

— געמאַכט, נאַסטענקאַ געמאַכט, — האָב איך אַן אַנטציקטער אויסגעשריגן — אויב אפילו איך זאָל אייך שוין ליבן גאַנצע

צוואַנציק יאָר, וואָלט איך אייך, פונדעסטוועגן, הייסער גישט גע־
ליבט!

— גיט מיר די האַנט! — האָט נאַסטענקאַ געזאָגט.

— אָט איז זי! — האָב איך געזאָגט, דערלאַנגענדיק איר
די האַנט.

אויב אַזוי הייב איך אָן צו דערציילן.

## נאַכטענקאַס דערציילונג.

— די ערשטע העלפט פון מיין דערציילונג איז אייך שוין באַקאַנט, דאָס הייסט, אַז איר ווייסט, אַז איך האָב אַן אַלט־יטשקע באָבע.

— אויב די צווייטע העלפט זאָל אויך זיין אַזא קורצע... — האָב איך איר איבערגעריסן מיט אַ געלעכטער.

— שווייגט און האָרכט. קודם־כל רעדן מיר זיך אויס: איר זאָלט מיר נישט איבעררייסן, אַז נישט וועל איך, דאַכט זיך, זיך פאַרמישן. האָרכט מיך רויק אויס.

איך האָב אַן אַלטע באָבע. געקומען צו איר בין איך, ווען איך בין נאָך געווען אַ קליין מיידעלע, ווייל עס זענען מיר אָפּגע־שטאָרבן דער פאָטער און די מוטער. ס׳ווייזט אויס, אַז אַמאָל איז מיין באָבע געווען רייכער, ווייל נאָך איצט האָט זי ליב צו רעדן ווענן אַמאָליקע גוטע צייטן. טאַקע זי האָט מיך אויסגעלערנט פראַנ־צויזיש, און דערנאָך האָט זי צו מיר צוגענומען אַ לערער. ווען איך בין אַלט געוואָרן פופצען יאָר (איצט בין איך אַלט זיבצען), האָט זיך געענדיקט מיין לערנע. אָט טאַקע צו יענער צייט האָב איך אָפּגעטון אַ מיאוס שטיקל; וואָס אַזוינס איך האָב געטון, וועל איך אייך נישט דערציילן; עס איז גענוג צו זאָגן, אַז מיין חטא איז געווען אַ נאַרישער, נאָר די באָבע מיינע האָט מיך אין איין פרי־מאָרגן צוגערופן צו זיך און געזאָגט, אַז צוליב דעם, וואָס זי איז

בלינד, ווען זי נישט קענען אַכטונג געבן אויף מיר; זי האָט גע־צמען אַ שפּילקע און צוגעשטאָכן מיין קלייד צו אירס, זאָגנדיק, אַז אַזוי וועלן מיר זיצן דאָס גאַנצע לעבן, אויב, עס פאַרשטייט זיך, איך וועל זיך נישט פאַרבעסערן.

מיט איין וואָרט, די ערשטע צייט האָב איך פון איר באַין אופן נישט געקענט אַוועקגיין: אַלץ האָב איך געמוזט טון לעבן דער באָבען — זיך לערנען, אַרבעטן, לייענען...

איינמאָל בין איך געפאַלן אויף אַן המצאה: איך האָב אָנגע־רעדט פעקלען, פעקלע איז אונדזער דיגסט, זי איז טויב, זי זאָל זיך זעצן אויף מיין אָרט. פעקלע האָט פאַרנומען מיין אָרט, די באָבע איז גראָד דאַמאָלס זיצנדיקערהייט אַנטשלאָפן געוואָרן, און איך בין זיך אַוועקגעגאַנגען נישט ווייט צו מיינער אַ חברטע. עס האָט זיך אָבער שלעכט געענדיקט. די באָבע האָט זיך אין מיין אָפּוועזנהייט איבערגעוועקט און זיך עפּעס געפרעגט, מיינענדיק, אַז איך זיץ אַלץ רויִק לעבן איר. פעקלע, זעענדיק, אַז די באָבע פרעגט עפּעס, האָט נישט געוווּסט, וואָס צו טאָן, ווייל זי האָט נישט דערהערט דער באָבעס ווערטעס. זי האָט אַרויסגענומען די שפּילקע און גענומען אַנטלויפן...

באַ די ווערטער האָט זיך נאַסטענקאַ אָפּגעשטעלט און אויס־געבראָכן מיט אַ געלעכטער, איך האָב זיך אויך מיט איר צעלאַכט. זי האָט זיך אָבער תיכּף צוריקגעהאַלטן.

— הערט, איר דאַרפט נישט לאַכן פון מיין באָבען. איך לאַך בלויז דערפאַר, ווייל די גאַנצע מעשה איז זייער אַ קאָמישע... וואָס זאָל מען טאָן, אַז מיין באָבע איז פאָרט אַזעלכע; דאָך האָב איך זי עטוואָס ליב. נאָר דאַמאָלס האָב איך טייער באַצאָלט דער־פאַר: מען האָט מיך צוריקגעזעצט אויף מיין אָרט און שוין, פון אָרט האָב איך זיך נישט געטאָרט רירן.

— יאָ, איך האָב אייך פאַרגעסן צו זאָגן, אַז מיר האָבן,

אָדער בעסער געזאָגט, מיין באָבע האָט אַן אייגן הויז, דאָס הייסט, אַ קליין הייזל מיט דריי פענסטער, איינגאַנצן אַ הילצערנס און אַן אַלטס, פונקט ווי מיין באָבע, מיט אַ צוגעבויטן ערשטן שטאָק; און אָט אין דעם ערשטן שטאָק האָט זיך אַריינגעצויגן אַ נייער לאָקאַטאָר...

— דאָס הייסט, אַז עס איז אויך געווען אַן אַלטער לאָקאַטאָר? — האָב איך, דרך אגב, אַ פרעג געטון.

— פאַרשטייט זיך, — האָט געזאָגט, נאַסטענקאַ, — און אַזעלכער, וואָס האָט געקענט שווייגן בעסער פאַר אייך. אמת, אַז ער האָט קוים גערירט מיט דער צונג. דאָס איז געווען אַן איינגעדאַרטער, שטומער, בלינדער און לאָמער זקן, אַזוי, אַז ער איז, סוף־כל־סוף, נישט געווען בכוח מער צו לעבן אויף דער וועלט; נו, איז ער געשטאָרבן; דערנאָך זענען מיר געצווונגען געווען זיך צו פאַרשאַפן אַ נייעם לאָקאַטאָר, ווייל אָן אַ לאָקאַטאָר קענען מיר זיך נישט געבן קיין עצה. מיין באָבעס הכנסות באַשטיין בלויז פון עמעריטורע און דעם דירה־געלט. דער נייער לאָקאַטאָר איז געווען, ווי אויף להכעיס, אַ יונגערמאַן פון ערגעץ אין דער פרעמד. דערפאַר, וואָס ער האָט זיך נישט געדונגען האָט אים די באָבע גלייך פאַרדונגען די שטוב, און דערנאָך האָט זי מיך גענומען אויספרעגן: „נו, נאַסטענקאַ, אונדזער לאָקאַטאָר איז אַ יונגער, צי אַן אַלטער?" איך האָב נישט געוואָלט זאָגן קיין ליגנט. יאָ, באָבעשי, האָב איך געזאָגט, ער איז נישט איינגאַנצן קיין יונגער, ער איז אָבער אויך נישט קיין אַלטער.

— און אַזוי איז ער אַ שיינער? — פרעגט די באָבע.

איך וויל נישט זאָגן קיין ליגנט. יאָ, ער איז אַ שיינער, באָבע:

— אוי, אַן אומגליק! — זאָגט די באָבע — איך זאָג עס דיר, אייניקל מיינס, דערפאַר, וואָס דו זאָלסט אויף אים נישט קוקן. וועד ווייסט, ווער דאָס איז? עפּעס אַ מין לאָקאַטאָר פון דער גאַס אַראָפּ, און אויך מיר אַ שיינער. נישט אַזוי איז עס געווען אַמאָל!

— מיין באָבע האַלט אין איין דערמאַנען די אַלטע צייט!
זי איז געווען יינגער אין די אַלטע צייטן, די זון האָט דאַמאָלס מער געוואַרעמט ווי היינט, און די פוטער-מילך פלעגט אין די אַלטע צייטן נישט אַזוי גיך זויער ווערן, — נאָר די אַלטע צייטן! אָט זיץ איך און שווייג, און איך טראַכט מיר: פאַרוואָס האַלט מיר די באָבע אין איין מוסר זאָגן און אויספרעגן, צי דער נייער לאָקאַטאָר איז אַ שיי־נער און אַ יונגער? נאָר תיכף, ווי זי האָט נאָר וועגן דעם אַ טראַכט געטון, האָט זי צוריק גענומען צוזאַמענקניפּן די פעדעם און אונ־טערשטריקן דעם זאָק, און דערנאָך האָט זי וועגן דעם אַלעם לחלוטין פאַרגעסן.

אַמאָל, אין אַ שיינעם פרימאָרגן, קומט צו אונדז אַריין אונ־דזער נייער לאָקאַטאָר מיט אַ טענה, אַז מיר האָבן אים צוגעזאָגט אויס־צוטאַפּעטירן דאָס צימער. אַ וואָרט נאָך אַ וואָרט און מיין באָבע, וואָס איז זייער אַ רעדעוודיקע, רופט זיך מיטאַמאָל צו מיר אָן: גיי, נאַסטענקאַ, צו מיר אין שלאָף-צימער און ברענג אַרויס דאָס חשבון-ביכל. איך בין תיכף אויפגעשפּרונגען און, איך ווייס נישט פאַרוואָס, איך בין שטאַרק רויט געוואָרן און פאַרגעסן, אַז איך בין צוגעשפּי־ליעט צו דער באָבעס קלייד; מיר איז גאָרנישט איינגעפאַלן שטי־לערהייט אַרויסצונעמען די שפּילקע, איך האָב זיך אויפגעכאַפּט אין אַזאַ איילעניש, אַז דער באָבעס שטול איז שיעור נישט אומגעפאַלן. ווי באַלד איך האָב דערזען, אַז אונדזער לאָקאַטאָר איז איצט וועגן מיר אַלץ געוווּיר געוואָרן, האָב איך זיך שטאַרק פאַרשעמט און זיך נישט געקענט רירן פון אָרט; איך האָב זיך פונאַנדערגע־וויינט, ווייל איך האָב זיך אין יענער מינוט דערפילט אַזוי פאַרשעמט און אומגליקלעך, פשוט דאָס לעבן זיך צו נעמען. און די באָבע שרייט: וואָס שטייסטו? איך האָב זיך נאָך שטאַרקער צעוויינט...

ווען דער לאָקאַטאָר האָט באַמערקט, אַז איך שעם זיך פאַר אים, האָט ער זיך מיט אונדז געזעגנט און איז אַוועק.

פון דאַמאָלס אָן פלעג איך בלייבן זיצן אַ טויטע באַם מינדסטן גערויש אין קאָרידאָר. אָט, דאַכט זיך מיר, קומט אַריין דער לאָקאַ־טאָר, און איך נעם אויפן ערגסטן פאַל אַרויס די שפּילקע, מיט וועלכער איך בין צוגעשטאָכן צו דער באָבען. נאָר ער איז אַלץ נישט געקומען. ס'זענען אַדורך צוויי וואָכן, דער לאָקאַטאָר האָט דורך פּעקלאַן געשיקט זאָגן, אַז ער האָט אַ סך פראַנצויזישע ביכער און אַלץ גוטע ביכער, וואָס לאָזן זיך לייענען; אפשר וויל די באָבע, אַז איך זאָל זיי פאַר איר פאָרלייענען, עס זאָל איר נישט זיין לאַנג־ווייליק? די באָבע מיינע האָט מיט אַ דאַנק אָנגענומען דעם דאָזיקן פאָרשלאָג, נאָר זי האָט זיך עטלעכע מאָל איבערגעפרעגט, צי דאָס זענען מוסר־ביכער, ווייל אויב די ביכער זאָלן זיין אויסגעלאַסענע, האָט זי מיך געוואָרנט, טאָרסטו זיי נישט לייענען, ווייל דו וועסט זיך אויסלערנען שלעכטע מידות.

— וואָס וועל איך זיך אויסלערנען, באָבעשי? וואָס איז אין אַזעלכע ביכער געשריבן?

— אָ, — זאָגט זי, — דאָרט איז געשריבן, ווי יונגעלייט נאַרן אָפּ אָרנטלעכע מיידלעך און זיי רעדן זיי איין, אַז זיי ווילן מיט זיי חתונה האָבן, רייסן זיי אַרויס פון צווישן די עלטערן, און דערנאָך וואַרפן זיי אַוועק די דאָזיקע אומגליקלעכע מיידלעך, וואָס האָבן על פּי רוב זייער אַ מיאוסן סוף. — איך, זאָגט די באָבע, — האָב אַ סך אַזעלכע ביכער געלייענט, און דאָרט איז אַלץ אַזוי שיין באַשריבן, אַז דו וועסט איבער זיי אָפּזיצן גאַנצע נעכט און זיי בגנבה לייענען. דו זאָלסט זיי, נאַסטענקאַ, נישט דערוועגן צו לייענען. וואָס פאַר אַ ביכער האָט ער דיר געשיקט?

— אַלץ וואַלטער סקאָטס ראָמאַנען, באָבעשי.

— וואַלטער סקאָטס ראָמאַנען! לאָז געמאַך, דאָ שמעקט מיט עפּעס! גיב נאָר אַ קוק, צי ער האָט נישט דאָרט אַריינגעלייגט עפּעס אַ ליבעס־בריוו?

— ניין, באָבעשי, זאָג איך, עס איז נישטאָ!

— דו גיב נאָר אַ זוך הינטער די טאָוולען. זיי, די חצופים, שטעקן עס גאַנץ אָפט אַריין צווישן די טאָוולען!...

— ניין, באָבע, הינטער די טאָוולען איז איך גאָרנישט דאָ.

— נו, אויב אַזוי...

און מיר האָבן זיך גענומען לייענען וואַלטער סקאָטן; אין משך פון נישט קיין גאַנצן חודש האָבן מיר איבערגעלייענט כמעט אַ העלפט. דערנאָך האָט ער נאָך צוגעשיקט. ער האָט געשיקט פושקינען, אַזוי, אַז איך האָב זיך לסוף נישט געקענט באַגיין אָן ביכער און איך האָב אויפגעהערט צו טראַכטן, ווי אַזוי זיך משדך צו זיין מיטן כינעזישן פרינץ.

אַזוי האָט זיך געפירט אַ צייט. איינמאָל איז מיר אויסגעקומען זיך צו טרעפן מיט אונדזער לאָקאַטאָר אויף די טרעפ. די באָבע האָט מיך דאַמאָלס געהאַט אַראָפּגעשיקט. ער איז געבליבן שטיין, איך בין רויט געוואָרן; ער האָט זיך אָבער צעלאַכט, מיך באַגריסט, געפרעגט, וואָס עס מאַכט די באָבע, און מיך געפרעגט: „איר האָט שוין אַדורכגעלייענט די ביכער?“ איך האָב געענטפערט: „אַדורכגעלייענט“. „וואָס איז אייך אַמשטאַרקסטן געפעלן געוואָרן?“ פרעגט ער מיך. איך ענטפער: „איוואַנהאָיע“ און פושקין זענען מיר אַמשטאַרקסטן געפעלן געוואָרן.“ מיט דעם האָט זיך דאָס מאָל געענדיקט.

אין אַ וואָך אַרום האָבן מיר זיך ווידער אַמאָל געטראָפן אויף די טרעפ מיט אונדזער לאָקאַטאָר. נישט די באָבע האָט מיך דאַמאָלס געהאַט אויסגעשיקט, איך האָב געדאַרפט דערליידיקן אַן אייגענעם ענין. עס איז געווען דריי אַזייגער, און אונדזער לאָקאַטאָר פלעגט צו דער צייט אַהיימקומען.

— גוט מאָרגן — זאָגט ער צו מיר.

איך ענטפער: — גוט מאָרגן.

— אייך איז נישט לאַנגווייליק אַ גאַנצן טאָג צו זיצן מיט דער באָבען באַנאַנד? — פרעגט ער מיך.

ווי ער האָט מיך דאָס געפרעגט, ווייס איך אַליין נישט, פאַר־וואָס איך בין רויט געוואָרן, און זיך פאַרשעמט. מיך האָט פאַר־דראָסן, אַ פּנים, דאָס, וואָס פרעמדע הייבן אָן זיך אין מיינע עניינים אַריינצומישן. איך האָב שוין געוואָלט נישט ענטפערן און אוועק־גיין, נאָר עס האָט מיך עפּעס נישט געלאָזט.

— הערט מיך אויס, — זאָגט ער, — איר זענט אַ וווּיל מיידל. אַנטשולדיקט מיר, וואָס איך רעד מיט אייך אַזוי, נאָר איר מעגט מיר גלייבן, אַז איך בין מער פאַר אייער באָבן אויסן אייער גוטס. צי האָט איר קיין שום חברטעס נישט, צו וועלכע מען וואָלט געקענט גיין צו גאַסט?

איך ענטפער אים, אַז נישט; אפילו די איינציקע חברטע מיינע, סאַשענקע, איז אַוועקגעפאָרן קיין פּסקאָוו.

— הערט, — זאָגט ער, — איר ווילט מיט מיר גיין אין טעאַטער אַריין?

— אין טעאַטער? און וואָס וועט זאָגן די באָבע דערצו?

— גנבעט זיך שטילערהייט אַרויס, — זאָגט ער.

— ניין, זאָג איך, — איך וויל די באָבע נישט אָפּנאַרן. אַ גוטן טאָג!

— נו, אַ גוטן טאָג. — האָט ער געענטפערט און מער גאָר־נישט געזאָגט.

נאָכמיטאָג איז ער אָבער געקומען צו אונדז; ער האָט זיך אַוועקגעזעצט, לאַנג געשמועסט מיט דער באָבען, אויסגעפרעגט זי, צי זי פאָרט ערגעץ־ווּ אַוועק, און פּלוצלינג גיט ער אַ זאָג:

— איך האָב אויף היינט געקויפט אַ בילעט אויף דער אָפּע־רע. מען שפּילט „דעם סעווילער ראַזירער”; מיינע באַקאַנטע האָבן

געזאָלט מיט מיר צוזאַמען גיין, נאָר דערנאָך האָבן זיי חרטה באַ־קומען, און מיר איז פארבליבן אַן איבעריקער בילעט.

— „דער סעווילער ראַזירער״! — האָט אויסגערופן די באַ־בע, דאָס איז דער זעלבער ראַזירער, וועלכן מען האָט געשפילט אַמאָל, אין די אַלטע צייטן?

— יאָ, — האָט ער געזאָגט, — דאָס איז דער זעלבער ראַזירער, — און אַ קוק געטון אויף מיר. איך האָב תיכּף אַלץ פאַרשטאַנען און דאָס האַרץ האָט זיך אין מיר אָנגעהויבן וואַרפן פאַר פרייד.

— וואָס הייסט? — האָט געזאָגט די באָבע, — איך זאָל נישט קענען די אָפּערע! איך אַליין האָב אַמאָל אין אַן אַמאַטאָרן־טעאַטער געשפילט ראָזינען!

— אפשר וואָלט איר מיט מיר היינט געגאַנגען אין טעאַטער אַריין? האָט געזאָגט אונדזער לאָקאַטאָר, — אַ שאָד אַ בילעט זאָל פאַרפאַלן ווערן.

— פאַרוואָס נישט? — האָט געענטפערט די באָבע, — מיר קענען מיטגיין. אגב, איז נאָך נאַסטענקאַ קיינמאָל נישט געווען אין טעאַטער.

גאָט אין הימל, ווי איך האָב זיך דאַמאָלס געפרייט! מיר האָבן זיך תיכּף גענומען צוגרייטן; מיר האָבן זיך אויסגעפּוצט און געגאַנגען אין טעאַטער אַריין. כאָטש די באָבע איז אַ בלינדע, פונדעסטוועגן האָט זי געוואָלט אויסהאָרכן די מוזיק; אַ חוץ דעם איז זי סוף־כּל־סוף אַ גוטע; זי האָט מיר געוואָלט פאַרשאַפן אַ ביסל פאַרגעניגן, ווייל ווען וואָלט אונדז איינגעפאַלן צו גיין אין טעאַ־טער אַריין? וואָס פאַר אַן איינדרוק „דער סעווילער ראַזירער״ האַט אויף מיר געמאַכט, וועל איך אייך נישט דערציילן; נאָר דעם גאַנצן אָוונט האָט אונדזער לאָקאַטאָר געקוקט אויף מיר מיט אַזאַ זיסקייט,

ז'ז איך האָב פאַרשטאַנען, אַז ער וויל מיך צומאָרגנס אויספירן און מיר פאַרלייגן מיט אים אַליין צו גיין אין טעאַטער אַריין.

ווי גרויס איז דאַמאָלס געווען מיין שמחה! ווען איך האָב זיך געלייגט שלאָפן, האָב איך זיך געפילט אַזוי שטאָלץ און פריילעך, דאָס הארץ האָט זיך אין מיר אַזוי געוואָרפן, אַז איך האָב אַזש באַקומען היץ, און אַ גאַנצע נאַכט האָט זיך מיר געחלומט „דער סעווילער ראַזירער".

איך בין געווען זיכער, אַז פון דאַמאָלס אָן וועט ער אָנהייבן קומען צו אונדז וואָס אַמאָל אָפטער און אָפטער — נאָר עס הייבט זיך גאָרנישט אָן. ער האָט כמעט ווי אויפגעהערט צו אונדז צו קומען. אָט, איינמאָל אין חודש פלעגט ער אַריינפאַלן צו אונדז, כדי אונדז מיטצונעמען אין טעאַטער. עטלעכע מאָל זענען מיר מיט אים מיטגעגאַנגען, נאָר איך בין דערמיט נישט געווען איבעריק צופרידן. איך האָב איינגעזען, אַז ער האָט פשוט רחמנות אויף מיר, וואָס איך בין פאַרשפּאַרט בא מיין באָבען און גאָרנישט מער.

און איינציקווייז, איינציקווייז איז עס געקומען אויף מיר: כ'קען אויפן אָרט נישט איינזיצן, קיין בוך נישט לייענען, די מינדסטע אַרבעט נישט טון; פון צייט צו צייט לאַך איך און טו דער באָבען להכעיס, טיילמאָל צעוויין איך זיך גלאַט אין דער וועלט אַריין. דער סוף איז געווען — איך בין דאַר געוואָרן און שיער נישט אַריינגעפאַלן אין אַ קרענק. דער אָפּערן-סעזאָן האָט זיך געענדיקט, און אונדזער לאָקאַטאָר האָט לגמרי אויפגעהערט צו אונדז צו קומען; און ווען מיר פלעגן זיך טרעפן — אַלץ אויף די זעלבע טרעפ, פאַרשטייט זיך, פלעגט ער מיך שטומערהייט און ערנסט באַגריסן, גלייך ער וואָלט נישט וועלן מיט מיר רעדן; ער איז שוין איינגאַנצן אונטן, און איך שטיי אַלץ אויף די טרעפ מיט אַ צעפלאַמט פנים, ווייל יעדעס מאָל, ווען איך פלעג זיך מיט אים טרעפן, פלעגט מיר דאָס בלוט שלאָגן אין קאָפּ אַריין.

מיר קומען שוין צו צום סוף. אין מאַי ווערט א יאָר, ווען אונדזער לאָקאַטאָר איז געקומען צו דער באָבען און איר געזאָגט, אַז ער האָט שוין זיין ענין דערליידיקט, און מוז אויף אַ יאָר צוריק־פאָרן קיין מאָסקווע. ווי איך האָב דאָס דערהערט, בין איך בלאַס געוואָרן און אַ פאַרחלשטע געפאַלן אויף דער שטול. די באָבע האָט עס נישט באַמערקט, און נאָכדעם ווי ער האָט אונדז דערקלערט, אַז ער ציט זיך אַרויס פון אונדז, האָט ער זיך מיט אונדז געזעגנט און אַוועקגעגאַנגען.

וואָס האָב איך געזאָלט טאָן, כ'האָב אַ פאַרבענקטע געטראַכט אהין, געטראַכט אַהער און האָב זיך סוף־כל־סוף אַנטשלאָסן. מאָרגן פאָרט ער אַוועק, און איך האָב באַשלאָסן אין אָוונט, ווען די באָבע לייגט זיך שלאָפן, צו מאַכן דערמיט אַ סוף. איך האָב איינגעפאַקט אין אַ פאַטשיילע אַלע מיינע מלבושים, עטוואָס וועש, און מיט דעם דאָזיקן פעקל אין די הענט בין איך נישט טויט, נישט לעבעדיק אַרויפגעגאַנגען צו אונדזער לאָקאַטאָר. מיר ווייזט זיך אויס, אז דער וועג איבער די טרעפ האָט בא מיר געדויערט מער ווי אַ שעה.

ווען איך האָב געעפנט די טיר פון זיין צימער, האָט ער, דערזעענדיק מיך, אַ געשריי געטאָן. ער האָט זיך פאַר מיר, ווייזט אויס, דערשראָקן. איך האָב געציטערט אויפן גאַנצן לייב; ער האָט מיר דערלאַנגט וואַסער. ס'האַרץ האָט זיך אין מיר אַזוי געוואָרפן, אַז אין קאָפּ האָט מיר אַזש געשטאָכן און איך בין געוואָרן אינגאַנצן צעמישט. ווען איך בין געקומען צו זיך, האָב איך קודם כל אַוועקגעלייגט מיין פעקל צו אים אויפן בעט, זיך אַוועקגעזעצט לעבן פעקל און אָנגעהויבן שרעקלעך צו וויינען. ער, א פנים, האָט אַלץ מיט אַמאָל פאַרשטאַנען. ער איז געווען שטאַרק בלאַס און אַזוי טרויעריק געקוקט אויף מיר, אַז עס האָט מיר אָנגעהויבן קלעמען באַם האַרץ.

— הערט מיך אויס, — האָט ער זיך אָנגערופן, — הערט

מיך אויס, נאַסטענקאַ. איך בין גאָרנישט בכּוח צו טאָן; איך בין אַ מענטש אָן אַ רימער; דערווייל האָב איך גאָרנישט, אפילו קיין אָרנטלעכן פּאָסטן נישט; פונוואַנען וואָלטן מיר דען געלעבט, ווען איך זאָל חתונה האָבן מיט אייך?

מיר האָבן לאַנג געשמועסט, איך האָב לסוף פאַרלוירן דאָס געדולד און געזאָגט, אַז איך קען צוזאַמען מיט דער באָבען נישט לעבן, אַז איך וועל פון איר אַנטלויפן, אַז איך וויל נישט, מען זאָל מיך צושפּילעווען מיט אַ שפּילקע, און אַז איך וועל, אויב ער וועט דע- רויף מסכּים זיין, אַוועקפאָרן מיט אים קיין מאָסקווע, ווייל איך קען אָן אים נישט לעבן. שאַנדע, ליבע, שטאָלץ — אַלץ האָט אַרויס- גערעדט פון מיר, און איך בין אין קראַמפּן שיער נישט אַוועקגע- פאַלן אויפן בעט. איך האָב זיך אַזוי געשראָקן פאַר זיין אָפּזאָג.

עטלעכע מינוט איז ער געזעסן און געשוויגן, דערנאָך האָט ער זיך אויפגעשטעלט, צוגעגאַנגען צו מיר און מיך גענומען בײַ דער האַנט.

— הערט מיך אויס, ליבע, נאַסטענקאַ! — האָט ער אָנגע- הויבן און אין זיינע ווערטער האָט זיך געהערט אַ דערשטיקט גע- וויין, — הערט מיך אויס. איך שווער אייך, אַז אויב איך וועל ווען עס איז זיין בכּוח חתונה צו האָבן, וועט איר, בלתּי ספק, זיין מיין אויסדערוויילטע. הערט: איך פאָר קיין מאָסקווע, דאָרט וועל איך פאַרבלייבן אַ גאַנץ יאָר.

איך האָף, אַז מיר וועט געלינגען צו ברענגען אין אָרדנונג אַלע מיינע ענינים. ווען איך וועל צוריקקומען, און אויב איר וועט מיך אַלץ נאָך ליב האָבן, וועלן מיר זיין גליקלעך. איצט אָבער איז עס אוממעגלעך, איך קען נישט, איך האָב קיין שום רעכט נישט אייך עטוואָס צוצוזאָגן. נאָר איך חזר איבער, אויב דאָס וועט נישט געשען אין אַ יאָר אַרום, וועט עס מוזן ווען עס זאָל נישט זיין געשען; ס'פאַרשטייט זיך, אַז נאָר אין דעם פאַל, ווען מיך וועט קיין

צווייטער נישט פאַרטרעטן אין אייער האַרץ, ווייל איך קען נישט
זען ־ערלויב מער נישט אייך צו בינדן, מיט וואָס פאַר אַ ס׳זאָל נישט
זיין וואָרט.

אָט אַזוי האָט ער צו מיר געזאָגט און צומאָרגנס איז ער אַוועק־
געפאָרן. מיר האָבן זיך אָפּגעשמועסט, דער באָבען דערווייל וועגן
דעם נישט צו דערציילן. ער האָט אַזוי געוואָלט. נו, דערמיט מער
ווייניקער ענדיקט זיך מיין געשיכטע. עס איז אַדורכגעגאַנגען שוין
אַ גאַנץ יאָר. ער איז געקומען צו פאָרן, ער געפונט זיך שוין הי
דריי טעג און...

— און וואָס? — האָב איך אויסגעשריגן מיט אומגעדולד,
וועלנדיק געוויר ווערן דעם סוף.

— ער איז נאָך ביז איצט צו מיר נישט געקומען! — האָט
געענטפערט נאַסטענקאַ, און עס איז געווען קענטיק, אַז די דאָזיקע
ווערטער קומען איר זייער שווער אָן; — מען הערט אים נישט און
מען זעט אים נישט.

זי איז שטיל געבליבן און שווייגנדיק אַ ווײַלע, האָט זי אַראָפּ־
געלאָזט דעם קאָפּ, און פלוצלינג האָט זי, פאַרדעקנדיק זיך מיט די
הענט דאָס פנים, זיך אַזוי צעכליפּעט, אַז מיר איז אַזש ענג גע־
וואָרן אין האַרץ.

מיר איז באַין אופן נישט איינגעפאַלן צו הערן אַזאַ סוף.

— נאַסטענקאַ! — האָב איך זיך אָנגערופן צו איר מיט אַ
זיסע, חניפהדיקער שטימע. — נאַסטענקאַ! געדענקט אָן גאָט און
וויינט נישט! פונוואַנען ווייסט איר? גאַנץ מעגלעך, אַז ער איז נאָך
נישטאָ...

— ער איז דאָ, ער איז דאָ! — האָט מיר נאַסטענקאַ אי־
בערגעריסן די רייד. — ער איז דאָ, איך ווייס עס גאַנץ גוט. מיר
האָבן נאָך דאַמאָלס אין אָוונט, אַ טאָג פאַר זיין אַוועקפאָרן, אַזוי
אָפּגעשמועסט; און דערנאָך, ווען מיר האָבן שוין געהאַט אַדורכ־

געריעדט דאָס אַלץ, וואָס איך האָב אייך אָקאָרשט איבערגעגעבן, זענען מיר געגאַנגען שפּאַצירן אָט אויף דערזעלבער גאַס, ווו מיר געפינען זיך איצט; איך האָב שוין דאַמאָלס נישט געוויינט? מיר איז געווען אַזוי גוט, צוהערנדיק זיך צו זיינע רייד... ער האָט מיר געזאָגט, אַז באַלד דערנאָך, ווי ער וועט קומען צו פאָרן, וועט ער זיין בא אונדז, און אויב איך וועל זיך בישט אָפּזאָגן פון אים, וועלן מיר וועגן דעם אַלעם דערציילן דער באָבען. ער איז שוין איצט געקומען צו פאָרן, איך ווייס עס, און ער איז אַלץ נאָך נישטאָ, אַלץ נאָך נישטאָ!

און זי האָט ווידער גענומען וויינען.

— גאָט אין הימל! צו קען מען אייך מיט גאָרנישט העלפן אין אייער אומגליק? — האָב איך אויסגעשריגן, אויפשפּרינגענדיק אַ כאַרצווייפלטער פון דער באַנק. — זאָגט מיר, נאַסטענקאַ, אפשר זאָלט איך געגאַנגען צו אים?

— צי איז דען דאָס מעגלעך? — האָט זי געזאָגט, אויפ-הייבנדיק פּלוצלינג דעם קאָפּ.

— ניין, ס׳פאַרשטייט זיך, אַז נישט! — האָב איך געענט-פערט; נאָר איך האָב זיך באַלד צוריקגעכאַפּט:

— ווייסט איר וואָס? שרייבט צו אים א בריוו.

— ניין, דאָס איז אוממעגלעך, דאָס קען איך נישט! — האָט זי ליידנשאַפטלעך געענטפערט, נאָר זי האָט שוין צוריק אַראָפּגע-לאָזט דעם קאָפּ, נישט ווילנדיק קוקן מיר אין די אויגן אַריין.

— וואָס הייסט, איר קענט נישט? פאַרוואָס זאָלט איר עס נישט קענען? — האָב איך ווייטער גערעדט, האַלטנדיק זיך פעסט בא מיין געדאַנק — נאָר איר ווייסט, וואָס פאַר אַ בריוו מען דאַרף צו אים שרייבן? נישט אַלע בריוו זענען גלייך, און... אַך, נאַס-טענקאָ, עס איז אַזוי! פאַרלאָזט זיך אויף מיר, פאַרלאָזט זיך! איך וועל אייך נישט געבן קיין שלעכטע עצה. מען קען אַלץ גאָר גוט

איינאָרדנען! איר האָט דאָך שוין געמאַכט דעם ערשטן שריט — פּאַרוואָס-זשע זאָל איצט...

— מען קען נישט, מען קען נישט! ס'וועט אויסזען, גלייך איך וואָלט צו אים צוגעשטאַנען...

— אַך, גוטע נאַסטענקאַ מײַנע! — האָב איך איר איבערגע-ריסן מיט אַ שמייכל, וועלכן איך האָב פאַר איר נישט באַהאַלטן. — ניין און ניין; איר האָט סוף-כּל-סוף דאָס רעכט דערצו, ווייל ער האָט אייך צוגעזאָגט. בכלל זע איך איין לויט אייערע רייד, אַז ער איז אַן איידעלער מענטש, אַז ער האָט בנוגע אייך גוט גע-האַנדלט, — האָב איך ווייטער גערעדט און וואָס אַמאָל זיך מער אַנטציקט פון דעם לאָגישן גאַנג פון מײַנע אויספירונגען און באַ-ווייזן. — ווי אַזוי האָט ער געהאַנדלט? ער האָט מיט זיין הבטחה זיך אַליין בנוגע אייך פאַרפליכטעט, ער האָט אייך געזאָגט, אַז ער וועט אַ חוץ אייך מיט קיינעם נישט חתונה האָבן; אייך האָט ער באַפרייט פון וואָסערע ס'זאָל נישט זיין פאַרפליכטונגען און אייך געגעבן דאָס רעכט צו יעדער צייט זיך פון אים אָפּצוזאָגן...

אין אַזאַ פאַל קענט איר גאַנץ דרייסט מאַכן דעם ערשטן שריט; איר האָט דאָס רעכט, און אין דעם טאַקע באַשטייט אייער איבערמאַכט בנוגע אים, אַז איר מעגט, אויב איר זאָלט נאָר וועלן, באַפרייען אים, למשל, פון זיין וואָרט, וואָס ער האָט אייך גע-געבן...

— הערט, אויף וואָס פאַר אַן אופן וואָלט איר צו אים גע-שריבן?

— וואָס?

— אָט דעם דאָזיקן בריוו.

— איך וואָלט אַזוי געשריבן:

„חשובער הער"....

— יאָ, אַזוי דאַרף מען טאַקע אָנהייבן — „חשובער הער".

— אומבאַדינגט! צוריקגעשמועסט — צו וואָס? איך וואָלט געמיינט...

— נו, נו! ווייטער!

„חשובער הער"!

„אַנטשולדיקט, וואָס איך..." אייגנטלעך, ניין, מען דאַרף זיך פאַר אים נישט אַנטשולדיקן! דער פאַקט אַליין באַרעכטיקט שוין אין דעם פאַל אַלץ, שרייבט פשוט:

„איך שרייב צו אייך. אַנטשולדיקט מיר, וואָס איך בין אַזוי אומגעדולדיק; נאָר איך בין אין משך פון אַ גאַנץ יאָר געווען גליקלעך מיט מיין האָפנונג. צי בין איך שולדיק, וואָס איך בין נישט בכוח אַדורכצולעבן אַפילו איין טאָג אין צווייפל? איצט, ווען איר זענט שוין געקומען צו פאָרן האָט איר, מעגלעך, געקענט ענדערן אייערע כוונות. דאַמאָלס וועט דער דאָזיקער בריוו זאָגן עדות דערויף, אַז איך באַשולדיק אייך אין גאָרנישט. איך באַשולדיק נישט אייך דערין, וואָס איך האָב פאַרלוירן די מאַכט איבער אייער האַרץ: מסתמא איז מיר אַזוי באַשערט!

„איר זענט אַן איידעלער מענטש, איר וועט מיך נישט אויסלאַכן און ווערן אין כעס פאַר מיין אומגעדולדיקן בריוו. איר דאַרפט געדענקען, אַז די דאָזיקע שורות שרייבט אַן אָרים מיידל, וואָס איז עלנד, וואָס האָט נישט קיינעם, ווער ס׳זאָל איר אַן עצה געבן און לערנען שכל, און וואָס האָט קיינמאָל נישט געקאָנט באַהערשן די געפילן, וואָס ברויזן אין איר האַרץ. נאָר איר דאַרפט מיר מוחל זיין, אַז אין מיין האַרץ האָט זיך אויף אַ ווײַלע געקענט פאַרגנבענען אַ צווייפל בנוגע אייך. איר זענט דאָך נישט בכוח אפילו אין געדאַנק צו באַליידיקן די, וואָס האָט אייך אַזוי געליבט און ליבט אייך אַזוי."

— יאָ, יאָ! פונקט אַזוי, ווי איך האָב געמיינט! — האָט אויסגעשריגן נאַסטענקאַ, און אירע אויגן האָבן זיך צעפינקלט פאַר פרייד.

— אָ, איר האָט מיך באַפרייט פון מיין צווייפל! אייך האָט גאָט אַליין צו מיר געשיקט! איך דאַנק אייך, איך דאַנק אייך!

— פאַרוואָס? דערפאַר, וואָס מיך האָט גאָט צוגעשיקט צו אייך? — האָב איך געענטפערט, קוקנדיק מיט אַנטציקונג אויף איר שטראַלנדיק געזיכט.

— כאָטש דערפאַר אַליין!

— אַך, נאַסטענקאַ! מיר דאַנקען דאָך אַזוי פיל מענטשן בלויז דערפאַר, וואָס זיי לעבן מיט אונדז צוזאמען. איך דאַנק אייך דערפאַר, וואָס מיר האָבן זיך געטראָפן, דערפאַר וואָס איך וועל אייך אייביק, אייביק געדענקען.

— נו, זאָל שוין זיין גענוג! איצט הערט מיך אויס. ווייסט איר וואָס? מיר האָבן דאַמאָלס באַשלאָסן, אַז תיכף, ווי ער וועט נאָר קומען צו פאָרן, וועט ער מיר באַלד צוווייסן געבן וועגן זיך, איבערלאָזנדיק בײַ מיינעם אַ באַקאַנטן אַ בריוו פאַר מיר. דער דאָזיקער באַקאַנטער איז אַ פשוטער און אַ גוטער מענטש, און הייבט נישט אָן צו וויסן וועגן דעם אַלעם. און אויב ער וועט נישט האָבן די מעגלעכקייט צו לאָזן פאַר מיר אַ בריוו, כאָטש בלויז דערפאַר, וואָס אין אַ בריוו איז טיילמאָל אוממעגלעך איבערצוגעבן דאָס אַלץ, וואָס מען וויל זאָגן, וועט ער אין דעם זעלבן טאָג, ווען ער וועט קומען צו פאָרן, זיין צען אַזייגער אָט אָ דאָ, אין דער גאַס, ווו מיר האָבן באַשלאָסן זיך צו טרעפן. אַז ער איז שוין דאָ, דאָס ווייס איך; נאָר עס זענען שוין אַדורך דריי טעג, און איך זע נישט קיין בריוו און נישט אים אַליין.

מאָרגן וועט מיר זיין אוממעגלעך אַוועקצוגיין פון דער באָ-

בען. גיט איר מאָרגן איבער אָט דעם בריוו דעם זעלבן גוטן באַ-
קאַנטן, וועגן וועלכן איך האָב אייך דערציילט: זיי וועלן שוין
דעם בריוו באַזאָרגן; און עס וועט קומען אַן ענטפער, וועט איר איס
אַהערצו ברענגען מאָרגן צען אַ זייגער.

— נאָר דער בריוו, דער בריוו! מען דאַרף דאָך קודם כל
דעם בריוו אָנשרייבן! ערשט איבערמאָרגן קען דאָס אַלץ
געשען.

— דער בריוו... — האָט געענטפערט נאַסטענקאַ עטוואָס
אַ צעמישטע.

— דער בריוו... נו...

זי האָט אָבער נישט דערזאָגט. זי האָט לכתחילה אָפּגעווענדט
פון מיר איר פנים, און איז רויט געוואָרן, ווי אַ רויז, און פּלוצלינג
האָב איך דערפילט אין מיין האַנט דעם בריוו, וואָס זי האָט, ווייזט
אויס, שוין געהאַט אָנגעשריבן און צוגעגרייט. איך האָב זיך מיט-
אַמאָל דערמאַנט וועגן עפּעס נאָטעס, צאַרטעס און פּרעכטיקעס!

— ראָ-ראָ-זי-י-נאַ, — האָב איך אָנגעהויבן.

— ראָזינאַ! — האָבן מיר ביידע אָנגעהויבן צו זינגען, שיער
נישט אַרומנעמענדיק זיך פּאַר פרייד. זי איז רויט געוואָרן, אויף
וויפיל זי איז נאָר געווען בכוח רויט צו ווערן און געלאַכט מיט
טרערן, וואָס האָבן ווי בריליאַנטן געציטערט אויף אירע שוואַרצע
וויעס.

— נו, גענוג, זאָל שוין זיין גענוג! האָט מיר אַ גוטן! — האָט
זי אין איילעניש אַרויסגערעדט. — אָט האָט איר דעם בריוו, אָט
נאָט אייך דעם אַדרעס, וווּ איר דאַרפט דעם בריוו באַזאָרגן! אַ
גוטע נאַכט, אַ גוטע נאַכט! ביז מאָרגן!

זי האָט מיר שטאַרק צוגעדריקט ביידע הענט, אַ שאָקל גע-
טון מיטן קאָפּ און, ווי אַ פייל פון בויגן, איז זי פאַרשוווּנדן גע-

וואָרן אין אַ גאַנץ הינטערגעסל. איך בין לאַנג געשטאַנען אויף דעם זעלבן אָרט און איר נאָכגעקוקט.

— ביז מאָרגן! ביז מאָרגן! — האָב איך אַ טראַכט געטון, ווען זי איז אינגאַנצן פאַרשוואונדן געוואָרן פון מיינע אויגן.

## דריטע נאַכט.

דער היינטיקער טאָג איז אַזאַ אומעטיקער, רעגנדיקער און פינסטערער, גלייך ווי מיין קומענדיקע זקנה. מיך פּלאָגן אזעלכע משוגנהדיקע מחשבות, אַזעלכע מרה־שחורהדיקע געפילן און פראַגן, וואָס זענען נאָך נישט קלאָר פאַר מיר אַליין, עגבערן מיין מוח — און דאָך האָב איך נישט קיין כוח און נישט קיין חשק זיי צו לעזן.

מיר וועלן זיך היינט נישט זען. נעכטן, ווען מיר האָבן זיך געזעגנט, האָבן שווערע וואָלקנס און נעפּלען גענומען פאַרדעקן דעם הימל. איך האָב געזאָגט, אַז מאָרגן וועט זיין אַ מיאוסער טאָג; זי האָט אָבער גאָרנישט געענטפערט, נישט ווילנדיק רעדן קעגן זיך אַליין; פאַר איר איז דער היינטיקער טאָג אַ ליכטיקער און אַ קלאָרער, און קיין איין וואָלקן וועט נישט פאַרפינסטערן איר גליק.

— אויב עס וועט רעגענען, וועלן מיר זיך נישט זען! — האָט זי געזאָגט, — ווייל איך ייעל נישט קומען.

איך האָב געמיינט, אַז זי וועט נישט באַמערקן דעם היינטיקן רעגן, זי איז אָבער פונדעסטוועגן נישט געקומען.

נעכטן האָבן מיר זיך געזען צום דריטן מאָל, נעכטן איז געווען אונדזער דריטע ווייסע נאַכט.

דאָך, ווי שיין דער מענטש ווערט אין פרייד און אין גליק! ווי עס ברויזט דאָס האַרץ פון ליבע! עס ווייזט זיך דיר אויס, אַז וואָלסט וועלן איבערגיסן דיין גאַנץ האַרץ אין אַ צווייטן, וואָלסט

זועלן, אַז אַלץ אַרום דיר זאָל לאַכן און זיין פריילעך. און די דאָזי־
קע פרייד איז אַזוי אָנשטעקנד! נעכטן זענען אירע ווערטער געווען
פול מיט אַזאַ האַרציקער צאַרטקייט און גוטסקייט צו מיר!... ווי
זי האָט מיך געוואָלט צופרידן שטעלן, ווי זי האָט מיך געצערטלט,
געמונטערט און געהויבן מיין געמיט! אָ, זי האָט קאָקעטירט מיט
מיר, ווייל זי איז געווען גליקלעך! און איך... איך האָב געגלייבט
אין איר אויפריכטיקייט, איך האָב געמיינט, אַז זי...

אָבער, גאָט אין הימל! ווי אַזוי האָט מיר געקענט עפּעס ענ־
לעכס איינפאַלן? פאַרוואָס האָב איך געזאָלט זיין אַזוי בלינד אין
דער צייט, ווען דאָס אַלץ געהערט צו אַ צווייטן, נישט צו מיר;
אין דער צייט, ווען איר צאַרטקייט און ליבע צו מיר... יאָ, איר
ליבע צו מיר — זענען, סוף כל סוף, באַשטאַנען פון דער בלויזער
האָפנונג זיך אינגיכן צו זען מיט אַ צווייטן און פון דעם חשק זיך מיט
מיר צו טיילן מיט איר גליק?... ווען ער איז נישט געקומען, ווען מיר
האָבן אים בחנם אָפּגעוואַרט, איז זי געוואָרן אַזוי שרעקעוודיק און
פאַרציטערט. אירע אַלע באַוועגונגען, אירע רייד האָבן מיטאַמאָל
פאַרלוירן זייער שפּילעוודיקייט און פריילעכע לייכטקייט. און, א
מאָדנע זאַך, זי איז געוואָרן צו מיר אַ סך אויפמערקזאַמער, גלייך
זי וואָלט וועלן מיר געבן דאָס אַלץ, נאָך וואָס זי אַליין האָט אַזוי
געלעכצט, און וואָס זי האָט אַזוי מורא געהאַט צו פאַרלירן. מיין
נאַסטענקאַ האָט זיך אַזוי פאַרלוירן און זיך איבערגעשראָקן, אַז זי
האָט, ווייזט אויס, פאַרשטאַנען, סוף כל סוף, אַז איך ליב זי. און
זי האָט רחמנות באַקומען אויף מיין אָרימער ליבע. יאָ, דאַמאָלס,
ווען מיר זענען אומגליקלעך, פילן מיר אַ סך שטאַרקער דעם צווייטנס
אומגליק; דאָס געפיל צעפאַלט זיך נישט, נאָר עס ווערט קאָנצענט־
רירט.

איך בין צו איר געקומען מיט אַ פול האַרץ און האָב זיך
קוים געקענט אויף איר דערוואַרטן. מיר איז נישט איינגעפאַלן, אַז

עס וועט מיר אויסקומען איבערצולעבן דאָס, וואָס איך לעב איצט איבער; איך האָב באין אופן נישט גערעכנט, אַז דאָס אַלץ וועט זיך אָט אַזוי ענדיקן. זי האָט געשיינט פאַר פרייד, וואַרטנדיק אויף זיין ענטפער. ער אַליין איז געווען דער ענטפער... ער האָט גע־דאַרפט קומען, ער האָט געדאַרפט זיך באַווייזן אויף איר באַפעל. זי איז געקומען מיט אַ גאַנצע שעה פריער פאַר מיר. אין אָנהייב האָט זי געהאַלטן אין איין לאַכן; יעדעס וואָרט האָט אַרויסגערופן באַ איר אַ געלעכטער. איך האָב געוואָלט עפּעס זאָגן, נאָר איך בין תּיכּף אַנטשוויגן געוואָרן.

— ווייסט איר כאָטש, פאַרוואָס איך בין אַזוי פריילעך? — האָט זי געזאָגט, — פאַרוואָס איך קוק אייך אָן מיט אַזאַ שמחה? פאַרוואָס איך ליב אייך היינט אַזוי?

— נו? — האָב איך געפרעגט, און מיין האַרץ האָט געטון אַ ציטער.

— איך ליב אייך דערפאַר, וואָס איר האָט זיך אין מיר נישט פאַרליבט. אַ צווייטער אויף אייער אָרט וואָלט מיך געגומען פּיי־ניקן, ער וואָלט זיך אָנגעזעצט אויף מיר, זיך צעקרעכצט און צע־יאָמערט, און איר זענט אַזאַ איידעלער.

באַ די דאָזיקע ווערטער האָט זי צוגעדריקט מיין היינט אַזוי שטאַרק, אַז איך האָב זיך שיער נישט צעשריגן. זי האָט זיך פּו־נאַנדערגעלאַכט.

— גאָט אין הימל! וואָס פאַר אַ גו־ער פריינט איר זענט! — האָט זי נאָך אַ ווײַלע אָנגעהויבן זייער ערנסט. — אייך האָט גאָט צו מיר צוגעשיקט! אין וואָס פאַר אַ לאַגע וואָלט איך זיך געפינען, ווען איך זאָל אייך נישט האָבן? איר זענט אַזאַ אָרנטלעכער! און אייער ליבע צו מיר איז אַזאַ שיינע! ווען איך וועל חתונה האָבן, וועלן מיר זיין זייער גוטע פריינט: מיר וועלן זיין עפּעס מער ווי־

אַ ברודער מיט אַ שוועסטער. איך װעל אייך לִיבן כמעט אַזוי הייס, ווי אים...

מיר איז אין יענעם אויגנבליק געוואָרן שרעקלעך אויעטיק; דאַך, האָט זיך אין מיין האַרץ צעצאַפּלט עפּעס ענלעכס צו אַ געלעכטער.

— איר זענט אויפגערעגט, — האָב איך געזאָגט, — איר שרעקט זיך: אייך ווייזט זיך אויס, אַז ער וועט נישט קומען...

— גאָט איז מיט אייך! — האָט זי געענטפערט, — איך וואָלט זיך פשוט צעוויינט, דערפאַר, וואָס איר גלייבט מיר נישט און מאכט מיר פאָרוורפן, ווען איך וואָלט איצט נישט געווען אַזוי גליקלעך. צוריק געשמועסט, אָבער, גיבן מיר אייערע ווערטער אַ סך צו טראַכטן; מיר איז איינגעפאַלן אַ געדאַנק; איך וועל זיך אָבער דערויף נישט אָפּשטעלן. יאָ, איך מוז אייך מודה זיין, אַז איר האָט געזאָגט אַן אמת. איך בין עפּעס נישט מיט אַלעמען און מיך מאַטערט דאָס געפיל פון דערוואַרטונג. כ'פיל אַלץ עפּעס אַזוי מאָדנע לייכט. נאָר גענוג וועגן דעם, לאָמיר לאָזן צורו די געפילן...

באַ די דאָזיקע ווערטער האָבן זיך דערהערט עמעצענס טריט, און אין דער פינסטער האָט זיך באַוויזן אַנטקייגן אונדז אַ דורכגייער. מיר ביידע האָבן אַ ציטער געטון, זי האָט שיער נישט אַרויסגעלאָזט אַ געשריי. איך האָב אָפּגעלאָזט איר האַנט און געמאַכט אַ באַוועגונג, גלייך כ'וואָלט געוואָלט אַוועקגיין. נאָר מיר האָבן געהאַט אַ טעות: נישט ער איז עס געווען.

— פאַרוואָס האָט איר זיך איבערגעשראָקן? פאַרוואָס האָט איר אָפּגעלאָזט מיין האַנט? — האָט זי געפרעגט, צוריק אָננעמנדיק מיך באַ דער האַנט. — טאָ איז וואָס? מיר וועלן אים צוזאַמען טרעפן. איך וויל, אַז ער זאָל זען, ווי מיר ביידע ליבן זיך.

— ווי מיר ביידע ליבן זיך! האָב איך אויסגעשריגן.

„אָ, נאַסטענקאַ, נאַסטענקאַ!" — האָב איך אַ טראַכט געטון, —

וויפיל גמת שטעקט אין דיינע ווערטער! פון אזא ליבע ווערט אָפּטמאָל, נאַסטענקאַ, קאַלט און שווער אויפן האַרץ. דיין האַנט איז קאַלט, מיינע איז הייס ווי פייער. ווי אַ קינד ביסטו, נאַס־טענקאַ!... אָ! ווי עס איז נישט צייטנוויז אויסצוהאַלטן פון אַ גליקלעכן מענטש! נאָר איך קען מיך אויף דיר נישט בייזערן!...

סוף כל סוף האָט זיך מיין האַרץ אָנגעפולט איבער דער מאָס.

— הערט אויס, נאַסטענקאַ! — האָב איך אויסגערופן, — צי ווייסט איר, וואָס עס איז מיט מיר געשען אין משך פון אַ גאַנצן טאָג?

— נו, וואָס, וואָס אַזוינס? דערציילט גיכער! פאַרוואָס האָט איר די גאַנצע צייט געשוויגן?

— קודם כל, נאַסטענקאַ, נאָכדעם, ווי איך האָב דערליידיקט אַלע אייערע ענינים, אָפּגעגעבן דעם בריוו און זיך געזען מיט אייער גוטן באַקאַנטן, נאָכדעם... בין איך אַהיימגעקומען און זיך געלייגט שלאָפן.

— דאָס איז אַלץ? — האָט זי מיר מיט אַ געלעכטער איבער־געהאַקט די רייד.

— יאָ, כמעט ווי נאָר דאָס, — האָב איך געענטפערט מיט אַ פאַרקלעמט האַרץ, און אָנגעהויבן פילן, ווי מיינע אויגן ווער׳ פאַרלאָפן מיט נאַרישע טרערן. — איך בין אויפגעשטאַנען ערשט מיט אַ שעה פאַר דעם, ווי מיר האָבן זיך געטראָפן, דאָך ווייזט זיך מיר אויס, אַז איך בין נישט געשלאָפן. איך ווייס נישט, וואָס עס האָט זיך מיט מיר געטון. איך בין געגאַנגען, בכדי אַלץ אייך צו דערציילן, גלייך פאַר מיר וואָלט זיך אָפּגעשטעלט די צייט, גלייך איין און איינציק געפיל וואָלט פון דאַמאָלס אָן פאַרבליבן באַ מיר אויף אייביק, גלייך איין מינוט האָט געזאָלט זיך פונאַנ־דערציִען ביז אין דער אייביקייט אַריין, גלייך מיין לעבן וואָלט זיך מיטאַמאָל אָפּגעשטעלט... ווען איך האָב זיך אויפגעכאַפּט, האָט

זיך מיר אויסגעוויזן, אַז מיר האָט זיך דערמאַנט עפּעס אַ גוט באַ־קאַנטער מוזיקאַלישער מאָטיוו, וועלכן איך האָב אַמאָל ערגעץ גע־הערט און דערנאָך פאַרגעסן, און וואָס איז אַזוי האַרציק און זיס. מיר האָט זיך אויסגעוויזן, אַז ער האָט דורך דער גאַנצער צייט פון מיין לעבן זיך געזוכט אַ תיקון אין מיין נשמה, און ערשט איצט. . .

— אַך, גאָט אין הימל! — האָט מיר איבערגעריסן נאַס־טענקאַ, — וואָס איז אַלץ אַזוינס? כ'הייב אייך נישט אָן צו פאַר־שטיין.

— אַך, נאַסטענקאַ! איך האָב אייך געוואָלט איבערגעבן דאָס דאָזיקע מאָדנע געפיל... — האָב איך געזאָגט מיט אַ טרויע־ריקע שטימע, אין וועלכער עס האָט זיך נאָך בעטליעט אַ פונק פון זייער אַ ווייטער האָפנונג.

— לאָזט געמאַכט, איך בעט אייך! לאָזט געמאַכט! — האָט זי בעזאָגט און תיכּף זיך אָנגעשטויסן, וואָס איך וויל איר זאָגן.

מיטאַמאָל איז זי געוואָרן שרעקלעך רעדעוודיק, פריילעך און אויפגערוימט. זי האָט מיך גענומען אונטערן אָרעם, אָנגעהויבן צו לאַכן, און דווקא געוואָלט איך זאָל זיך אויך צעלאַכן; נאָר יע־דער איינציק וואָרט, וואָס איך האָב אַ צעמישטער אַרויסגערעדט, האָט בא איר אַרויסגערופן אזא הילכיק און פריילעך געלעכטער... איך האָב זיך גענומען בייזערן, נאָר זי האָט מיט מיר אָנגעהויבן צו קאָקעטירן.

— הערט מיך אויס, — האָט זי אָנגעהויבן — סוף־כּל־סוף פיל איך זיך עטוואָס באַליידיקט דערפון, וואָס איר האָט זיך אין מיר נישט פאַרליבט. דערגייט נאָך דעם אַלעמען אָט אַזאַ מין מענטש! אָבער איר, הער מיינער, וואָס באַזיצט אזאַ פעסטן כאַראַקטער, קענט נישט פונדעסטוועגן לויבן מיך פאַר מיין אָפנהערציקייט. איך

דערציייל איך וועגן אַלעם, וועגן אַלעם, וועגן וואָס פאַר אַ נאַריש-קייט ס׳זאָל מיר נישט איינפאַלן.

-- הערט! איצט איז, דאַכט זיך, עלף אַ זייגער, — האָב איך געזאָגט, ווען עס האָט זיך דערהערט דער געלאַסענער גלאָקן-קלאַנג פון וויטן שטאָט-זייגער. זי האָט זיך פלוצלינג אָפּגעשטעלט, אויפגעהערט צו לאַכן און אָנגעהויבן ציילן.

— יאַ, עלף, — האָט זי לסוף געזאָגט מיט אַן אומזיכערער, דערשראָקענער שטימע.

איך האָב תיכּף חרטה באַקומען, וואָס איך האָב זי איבערגע-שראָקן און, פאַרשעלטנדיק זיך פאַר מיין אָנפאַל פון בייזווילליקייט, האָב איך זי געצווונגען נאָכאַמאָל זיך איבערצוצייגן, וויפיל עס האַלט דער זייגער. מיר איז צוליב איר געוואָרן שרעקלעך אומעטיק, און איך האָב נישט געוווסט, מיט וואָס זיך אויסצוקויפן פון דער עולה, וואָס איך בין בנוגע איר באַגאַנגען. איך האָב זי אָנגעהויבן טרייסטן און אויף פאַרשידענע אופנים צו דערקלערן די סיבה, וואָס ער איז נישט געקומען, אויסטראַכטנדיק כּלערליי תּירוצים און באַווייזן. עס איז קיינעם נישט געווען אַזוי לייכט אָפּצונאַרן, ווי זי אין יענער מינוט, כאָטש יעדער איינציקער וואָלט אין יענער מינוט מיט פרייד אויסגעהאָרכט, וואָס פאַר אַ ס׳זאָלן נישט זיין טרייסט-ווערטער, און זיך געוואָלט באַגניגענען מיט דער מינדסטער וואַרשיינלעכקייט.

— באמת, אַ געלעכטער, — האָב איך ליידנשאַפטלעך אָנגע-הויבן, וואָס אַמאָל אַלץ מער הנאה האָבנדיק פון דער אויסערגע-וויינטלעכער קלאָרקייט פון מיינע באַווייזן: — ער האָט באין אופן נישט געקענט קומען; איר האָט מיך אָפּגענאַרט און פאַרפירט. נאָס-טענקאַ, אַזוי, אַז איך האָב אַזש פאַרלוירן דעם חשבון פון דער צייט... גיט נאָר אַ טראַכט; ס׳איז כמעט, ווי אוממעגלעך, ער זאָל שוין האָבן באַקומען אייער בריוו; לאָמיר אָננעמען, אַז ער האָט

אייך געוואָלט געבן אַ שריפטלעכן ענטפער, אַזוי, אַז זיין בריוו צו אייך וועט נישט קענען אָנקומען פריִער ווי מאָרגן.

מאָרגן באַלד אינדערפרי וועל איך זיין בײַ אים און וועגן אַלעם אים צו וויסן טון. ס׳האָבן אויך אַן אָרט טויזנטער אַנדערע מעגלעכקייטן: ער איז, למשל, נישט געווען אינדערהיים, ווען דער בריוו איז אָנגעקומען, און ער האָט אים, גאַנץ מעגלעך, נאָך ביז איצט נישט אַדורכגעלייענט! וואָס עס קען אַלץ געשען?

— יאָ, יאָ! — האָט געענטפערט נאַסטענקאַ, — איך האָב וועגן דעם נישט געטראַכט; ס׳איז קלאָר, אַז מען קען נישט וויסן, וואָס עס האָט געקענט געשען, — האָט זי אין איילעניש אַרויסגע־רעדט, נאָר אין איר שטימע האָט זיך דערהערט אַ פּאַרדריסלעכער דיסאָנאַנס, עפּעס גאָר אַן אַנדערע, ווייטע מחשבה. — אָט וואָס איר דאַרפט טון, — האָט זי ווייטער געזאָגט, — גייט מאָרגן וואָס פריִער אַהינצו, און אויב איר וועט עפּעס געוווּיר ווערן, טוט מיר באַלד צו וויסן. איר ווייסט דאָך, וואו איך וווין? — און זי האָט מיר נאָכאַמאָל איבערגעגעבן איר אַדרעס.

דערנאָך איז זי פּלוצלינג געוואָרן צו מיר אַזוי צאַרט און גוט... זי האָט כּלומרשט אויפמערקזאַם זיך צוגעהערט צו מיינע רייד; נאָר ווען איך האָב זיך צו איר געווענדעט מיט עפּעס אַן אָנ־פראַגע, האָט זי זיך נישט אָנגערופן מיט קיין איין וואָרט, זיך צע־מישט און אַוועקגעדרייט פון מיר דעם קאָפּ. איך האָב איר אַ קוק געטון אין די אויגן אַריין — כ׳האָב עס תּיכּף פאַרשטאַנען: זי האָט געוויינט.

— נו, ווי קען מען אַזוי? ווי קען מען אַזוי? אַך, וואָס פאַר אַ קינד איר זענט! זייט בעסער נישט קיין נאַר!... לאָזט אָפּ!

זי האָט געפּרוּווט אַ שמייכל טון און זיך באַרויִקן, נאָר איר גאָמבע האָט געציטערט און זי האָט באַ אין אופן נישט געקענט כאַפּן דעם אָטעם.

— איך טראַכט וועגן אייך, — האָט זי זיך אָנגערופן נאָך אַ לאַנגן שטילשווייגן, — איר זענט אַזאַ גוטער, אַז איך וואָלט געדאַרפט זיין אַ שטיין, כּדי דאָס נישט פילן. איר ווייסט, וואָס מיר איז איינגעפאַלן: איך האָב אייך ביידע פאַרגלייכט. פאַרוואָס איז ער — נישט איר? פאַרוואָס איז ער נישט אַזעלכער, ווי איר? ער איז ערגער פאַר אייך, כאָטש איך ליב אים מער פאַר אייך.

איך האָב גאָרנישט געענטפערט. זי האָט, דאַכט זיך, געוואַרט, איך זאָל איר עפּעס זאָגן.

— ס'איז קלאָר, אַז איך, קען זיין, קען אים נאָך נישט און איך פאַרשטיי אים נישט. איר ווייסט, אַז איך האָב פון שטענדיק אָן פאַר אים זיך עפּוואָס געשראָקן; ער איז אייביק געווען אַזאַ ערנסטער און אַזאַ שטאָלצער. כ'פאַרשטיי, אַז ער זעט נאָר אויס אַזוי, און זיין האַרץ איז אַ סך צאַרטער פאַר מיינס... איך דערמאָן מיך, ווי ער האָט אויף מיר אַ קוק געטון, איר געדענקט, ווען איך בין צו אים געקומען מיט מיין פּעקל זאַכן; נאָר נישט קוקנדיק דערויף, האָב איך פאַר אים עפּעס צו פיל דרך-ארץ, און דאָס מאַכט דעם איינדרוק, ווי איך וואָלט פאַר אים נישט געפּאַסט.

— ניין, נאַסטענקאַ, ניין, — האָב איך געענטפערט, — דאָס באַווייזט, אַז איר האָט אים ליב דאָס גאַנצע לעבן, אַז איר ליבט אים מער, ווי זיך אַליין.

— יאָ, זאָל זיין, אַז עס איז אַזוי, — האָט געענטפערט די תּמימותדיקע נאַסטענקאַ. — נאָר איר ווייסט, וואָס מיר איז איינגעפאַלן? נאָר נישט וועגן אים וויל איך איצט רעדן, נאָר אַזוי בכלל; איך האָב שוין אַ סך מאָל וועגן דעם געטראַכט. הערט, פאַרוואָס זענען מיר אַלע נישט, ווי ברודער מיט ברודער? פאַרוואָס זאָל מען נישט זאָגן תּיכּף אָפן, וואָס עס ליגט אויפן האַרץ, אין דער צייט, ווען מען ווייסט, אַז די ווערטער זענען נישט געוואָרפן אויפן

ווינט ? נאָר יעדער אייציקער מאַכט דעם איינדרוק, גלייך ער וואָלט געווען שטרענגער, ווי ער איז אין אמתן ; גלייך יעדער האָט מורא צו באַליידיקן זיינע געפילן, ווען ער וועט זיך תּיפּף מיט זיי טיילן...

— אַך, נאַסטענקאַ ! איר זענט גערעכט, נאָר דאָס איז פאַר-בונדן מיט אַ סך סיבות, — האָב איך איר איבערגעריסן, שטיקנדיק אין זיך נאָך מער ווי אַלעמאָל מיינע געפילן.

— ניין, ניין ! — האָט זי געענטפערט טיף גערירט, — איר, למשל, זענט נישט, ווי אַלע אַנדערע ! איך ווייס נישט, ווי אַזוי מע גיט איבער דאָס אַלץ, וואָס איך פיל ; נאָר מיר ווייזט זיך אויס, אַז איר זענט צוליב מיר עפּעס מקריב, — האָט זי דערשראָקן צו-געגעבן, אַ קוק טועדיק אויף מיר. — זייט מיר מוחל, וואָס איך זאָג אייך דאָס ; איך בין דאָך אַ פּשוט מיידל ; איך האָב נאָך אַזוי ווייניק געזען די וועלט און איר מעגט מיר גלייבן, אַז אָפּטמאָל ווייס איך נישט, אויף וואָס פאַר אַן אופן מען רעדט צו אַ מענטש, — האָט זי צוגעגעבן מיט אַ שטימע, וואָס האָט געציטערט פון עפּעס אַ באַהאַלטן געפיל. און דאָך האָט זי זיך באַמיט צו שמייכלען, — נאָר איך האָב אייך בלויז געוואָלט זאָגן, אַז איך בין זייער צו-פרידן דערמיט, וואָס איך פיל אויך אָט דאָס אַלץ... אָ, זאָל אייך גאָט באַצאָלן פאַרן דאָזיקן גליק ! אָט דאָס, וואָס איר האָט מיר דאַמאָלס אָנדערציילט וועגן אייער טרוימער, איז לחלוטין נישט אמת, דאָס הייסט, איך וויל זאָגן, אַז דאָס איז אייך נישט נוגע. איר הייבט אָן געזונט צו ווערן, איר זענט, אין אמתן, גאָר אַן אַנ-דערער מענטש, ווי איר האָט זיך אַליין אָפּגעשילדערט. אויב איר וועט זיך, ווען עס איז, פאַרליבן, זאָל אייך גאָט געבן גליק אין אייער ליבע ! אייער אויסדערוויילטע האָב איך גאָרנישט צו זאָגן, ווייל זי וועט זיין מיט אייך צוזאַמען גליקלעך. איך ווייס, איך בין אַ פרוי, און איר דאַרפט מיר גלייבן, אויב איך זאָג אייך דאָס.

זי איז אַנטשוויגן געוואָרן און מיר געדריקט די האַנט. איך בין געווען שטאַרק געריירט און בין נישט געווען בכוח אַרויסצו־רעדן אַ וואָרט. עס זענען אַדורך עטלעכע מינוט.

— ס'ווייזט אויס, אַז ער וועט שוין היינט נישט קומען! — האָט זי צום סוף געזאָגט, אויפהייבנדיק דעם — עס איז שוין שפעט!...

— מאָרגן וועט ער קומען, — האָב איך ...עזאָגט מיט אַ זיכע־רער, פעסטער שטימע.

— יאָ, — האָט זי צוגעגעבן אַ דע... יטע, — איך אַליין פאַרשטיי שוין איצט, אַז ער וועט קומען ... מאָרגן. נו, האַט מיר אַ גוטע נאַכט! מאָרגן וועלן מיר זין ...ען? אויב עס וועט רעגענען, וועל איך אפשר נישט קומען, ...אָר איבערמאָרגן וועל איך קומען, איך וועל אומבאַדינגט קומען, ווי עס זאָל נישט זיין; איר זאָלט אויך דאָ זיין. איך וועל אומבאַדינגט קומען, ווי עס זאָל נישט זיין; איר זאָלט אויך דאָ זיין. איך וויל זיך מיט אייך זען, כדי וועגן אַלעם אייך צו דערציילן.

און דערנאָך, ווי מיר האָבן זיך געזעגנט, האָט זי מיר דער־לאַנגט די האַנט און מיך וואַרעם אָנגעקוקט;

— פון איצט אָן וועלן מיר אייביק זיין צוזאַמען, נישט אמת?

אָ! נאַסטענקאַ, נאַסטענקאַ! ווען די וואָלסט וויסן, ווי איינ־זאַם איך בין איצט!

ווען דער זייגער האָט געשלאָגן צען, האָב איך נישט גע־קענט איינזיצן אין מיין צימער, איך האָב זיך אָנגעטון און אַרויס אין גאַס, נישט קוקנדיק אויפן רעגן. איך בין דאָרט געווען און יצזעסן צו־ה אונדזער באַנק. איך האָב זיך געלאָזט גיין אין דער גאַס, ווו זי האָט געוווינט, נאָר איך האָב זיך פאַרשעמט פאַר זיך אַליין און דורכגעגאַנגען, געפינענדיק זיך צוויי טריט פאַר איר הויז און נישט אַ קוק טוענדיק צומאָל אויף דעם פענסטער פון איר

צימער. ווען איך בין אַהיים געקומען, האָט מיך אַרומגענומען אַ בענקשאַפט, וואָס איך האָב, ווי לאַנג איך לעב, נישט געפילט, וואָס פאַר אַ פייכטע, לאַנגווייליקע צייט! ווען עס וואָלט געווען אַ שיין וועטער, וואָלט איך דאָרט אַרומגעשפּאַצירט אַ גאַנצע נאַכט...

נאָר ביז מ[illegible] ביז מאָרגן! מאָרגן וועט זי מיר אַלץ [illegible]ציילן.

דאָך האָב, א[illegible] קיין שום בריוו נישט באַקומען. צוריק גע-שמועסט אָבער, דאַרף [illegible] טאַקע אַזוי זיין. זיי זענען שוין צוזאַמ[illegible]ן ..

## פערטער קאַפּיטל.

גאָט, ווי דאָס אַלץ האָט זיך געענדיקט! מיט וואָס דאָס אַלץ האָט זיך געענדיקט!

איך בין געקומען ניין אַ זייגער. זי איז שוין דאָרט געווען. איך האָב זי באַמערקט נאָך פון דערווייטנס; זי איז געשטאַנען, ווי דאַמאָלס צום ערשטן מאָל, אָנשפּאַרנדיק זיך אָן דעם אָנלען פון דער בריק. זי האָט נישט געהערט, ווי איך בין צו איר צוגעגאַנגען.

— נאַסטענקאַ! — האָב איך זי אַ רוף געטון, באַמיִענדיק זיך מיט אַלע כוחות זיך צו באַהערשן.

זי האָט זיך שנעל אומגעקערט אין מיין זייט.

— נו, — האָט זי געזאָגט, — נו! גיכער!

— איך האָב זי אַ פאַרוווּנדערטער אָנגעקוקט.

— נו, ווו איז דער בריוו? איר האָט געבראַכט דעם בריוו? — האָט זי נאָכאַמאָל געזאָגט, אָנכאַפּנדיק זיך מיט דער האַנט באַם אָנלען.

— ניין, איך האָב נאָך נישט קיין שום בריוו, — האָב איך געזאָגט; — ער איז נאָך נישט דאָ געווען?

זי איז שרעקלעך בלאַס געוואָרן און אַ לאַנגע צייט שטאַר געקוקט אויף מיר, נישט רירנדיק זיך פונם אָרט. איך האָב באַ איר צוגענומען די לעצטע האָפנונג.

— זאָל ער זיך גיין געזונטערהייט! — האָט זי ענדלעך גע-

זאָגט מיט אַ ציטערדיקער שטימע. — זאָל ער זיך גיין געזונטער־הייט, אויב ער קען מיך אויף אַזאַ אופן פאַרלאָזן!

זי האָט אַראָפּגעלאָזט די אויגן, דערנאָך האָט זי געוואָלט אַ קוק טון אויף מיר, זי איז אָבער נישט געווען בכוח עס צו טון. א צייט האָט זי געפּרוווט זיך צו באַהערשן, נאָר זי האָט זיך פּלוצלינג אויסגעדרייט און זיך צעכליפּעט, אָנשפּאַרנדיק זיך אויף דעם אָנלען פון דער בריק.

— לאָזט אָפּ! לאָזט אָפּ! — האָב איך זיך אָנגערופן, נאָר קוקנדיק אויף איר, האָט מיר פאַרפעלט כוח צו איר צו רעדן; און וואָס האָב איך איר, סוף כל סוף, געהאַט צו זאָגן?

— טרייסט מיך נישט, — האָט זי געזאָגט, נישט אויפהערנ־דיק צו וויינען; — רעדט נישט וועגן אים; זאָגט נישט, אַז ער וועט נאָך קומען, אַז ער האָט מיך נישט פאַרלאָזט אויף אַזאַ שרעקלעכן, אוממענטשלעכן אופן, ווי ער האָט עס געטון. און פאַרוואָס, פאַר־וואָס? צי איז באמת עפּעס געווען אין מיין בריוו, אין מיין אומ־גליקלעכן בריוו?...

נאָר באַ די דאָזיקע ווערטער האָט דאָס געוויין דערשטיקט אירע רייד. מיר איז פאַרקלעמט געוואָרן דאָס האַרץ, אויף איר קוקנדיק.

— אָ, ווי אוממענטשלעך און גרויזאַם! — האָט זי ווידער אָנ־געהויבן.

— קיין איין איינציקע שורה נישט, קיין איין איינציקע שורה! ער וואָלט כאָטש געענטפערט, אַז איך בין אים איבעריק, אַז ער שטויסט מיך אָפּ פון זיך; אַפילו קיין איין שורה נישט אין משך פון גאַנצע דריי טעג! ווי לייכט עס קומט אים אָן צו באַליידיקן אַן אָרים, הילפלאָז מיידל, וואָס האָט זיך פאַרזינדיקט דערמיט, וואָס זי ליבט אים! אָ וויפיל איך בין אויסגעשטאַנען דורך די דריי טעג! גאָט אין הימל! גאָט אין הימל! ווען איך דערמאַן זיך, אַז איך בין צום ערשטן מאָל צו אים געקומען אַליין, אַז איך האָב זיך פאַר אים

געמאַכט שפּילדיק, געוויינט איַן געבעטלט באַ אים כאָטש אַ פונק פון ליבע... און נאָך דעם אַלעם! ניין, עס איז נישט מעגלעך; דאָס איז אומנאַטירלעך! אָדער איך האָב געהאַט אַ טעות, אָדער איר; אפשר האָט ער דעם בריוו גאָרנישט באַקומען? אפשר ווייסט ער ביז איצט גאָרנישט? איך בעט אייך, למען־השם, זאָגט מיר, דער־קלערט מיר, ווי אַזוי דאָס איז מעגלעך — איך פאַרשטיי דאָס נישט — ווי אַזוי מען קען זיין אַזוי אומבררחמנותדיק און גראָב, ווי ער איז געוועזן בנוגע מיר! קיין איין איינציק וואָרט נישט! אויף דעם מינדסטן מענטש אין דער וועלט האָט מען דאָך מער רחמנות. אפשר האָט ער וועגן מיר עפּעס געהערט, אפשר האָט אים עמעץ דערציילט וועגן מיר? האָט זי אויסגעשריגן, ווענדנדיק זיך צו מיר מיט דער דאָזיקער פראַגע. — ווי מיינט איר?

— הערט, נאַסטענקאַ, מאָרגן גיי איך צו אים אין אייער נאָמען.

— נו!

— איך וועל אים וועגן אַלץ אויספרעגן, איך וועל אים אַלץ דערציילן.

— נו, נו?

— איר שרייבט אָן אַ בריוו. זאָגט נישט, אַז ניין, נאַסטענקאַ, זאָגט נישט, אַז ניין! איך וועל אים צווינגען, ער זאָל זיך מיט דרך־ארץ באַציִען צו אייער האַנדלונג, ער וועט וועגן אַלעם זיך דער־וויסן, און אויב...

— ניין, פריינט מיינער, ניין — האָט זי מיר איבערגעריסן. — גענוג! קיין איין וואָרט נישט פון מיר, קיין איין וואָרט נישט, קיין איין שורה — גענוג! איך קען אים נישט, איך ליב אים נישט מער. איך וועל אים פאַרגעסן...

זי האָט נישט דערזאָגט.

— באַרויִקט זיך, באַרויִקט זיך! זעצט זיך אַוועק, נאַסטענקאַ, — האָב איך געזאָגט, אַוועקזעצנדיק זי אויף דער באַנק...

— יאָ, איך בין רויק. גענוג. עס איז אַחי! דאָס זענען טרערן, און זיי וועלן אויסגעטרוקנט ווערן! איר מיינט. אַז איך וועל מיר נעמען דאָס לעבן, אַז איך וועל מיך וואַרפן אין וואַסער אַריין?!...

מיין האַרץ איז געווען איבערפולט, איך האָב געוואָלט עפּעס זאָגן, נאָר איך האָב נישט געקאָנט.

— הערט! — האָט זי ווייטער געזאָגט, אָננעמענדיק מיך באַ דער האַנט. — זאָגט מיר; איר וואָלט אַזעלכעס נישט געטון? איר וואָלט נישט אַוועקגעוואָרפן די, וואָס איז אַליין צו אייך געקומען, איר וואָלט זי נישט באַליידיקט מיט אַן אומפאַרשעמט געלעכטער איבער איר שוואַך, נאַריש האַרץ! איר וואָלט זי אָפּגעשוינט! איר וואָלט זיך פאַרגעשטעלט, אַז זי איז איינע אַליין, אַז זי קען זיך אַליין נישט אָפּהיטן, אַז זי איז נישט געווען בכוח זיך צו באַוואָרענען פון דער ליבע צו אייך, אַז זי איז נישט שולדיק, אַז זי איז, סוף כל סוף, נישט שולדיק... אַז זי האָט גאָרנישט געטון... גאָט אין הימל, גאָט אין הימל!...

— נאַסטענקאַ! — האָב איך ענדלעך אויסגעשריגן, נישט האָבנדיק מער קיין כוח זיך צו באַהערשן. -- נאַסטענקאַ! איר פּייניקט מיך! איר פאַרווונדעט מיר דאָס האַרץ, איר מאַכט פון מיר אַ תל, נאַסטענקאַ! איך קאָן נישט שווייגן! איך בין סוף כל סוף, געצוווּנגען צו רעדן, אַרויסצוזאָגן דאָס אַלץ, וואָס האָט זיך אָנגעקליבן באַ מיר אין האַרץ...

באַ די דאָזיקע ווערטער האָב איך מיך אויפגעשטעלט פון דער באַנק. זי האָט מיך אָנגענומען באַ דער האַנט און אַ פאַרווונדעטע מיך אָנגעקוקט.

— וואָס איז אייך? — האָט זי זיך ענדלעך אָנגערופן.

— הערט! — האָב איך שאַרף געזאָגט. — הערט מיך אויס, נאַסטענקאַ! דאָס, וואָס איך וויל איצט זאָגן, איז אַלץ נאַרישקייטן,

פּיסטע רייד און איז אוממעגלעך! איך ווייס, אַז דאָס וועט קיינמאָל נישט געשען, נאָר איך קען נישט שווייגן. אין נאָמען פון דעם, צוליב וואָס איר ליידט איצט, בעט איך באַצייטנס, זייט מיר מוחל!...

— נו, וואָס אַזוינס, וואָס? — האָט זי געזאָגט, אויפהערנדיק צו וויינען און קוקנדיק אויף מיר מיט שטאַרע בליקן, און אין אירע פאַרוואונדערטע אויגן האָט געפונקלט אַ מין מאָדנע נייגעריקייט, — וואָס איז אייך?

— דאָס איז אַ זאַך, וואָס וועט קיינמאָל נישט פאַרווירקלעכט ווערן, נאָר איך ליב אייך, נאַסטענקאַ? אָט דאָס איז עס! איצט האָב איך שוין אַלץ געזאָגט, — האָב איך אַרויסגעשטאַמלט, אַ מאַך טוענדיק מיט דער האַנט. — איצט וועט איר זען, צי איר קענט מיט מיר אַזוי רעדן, ווי איר האָט ביז איצט מיט מיר גערעדט, צי איר קענט, סוף כל סוף, אויסהערן דאָס, וואָס איך וועל אייך זאָגן...

— נו, וואָס אַזוינס, וואָס אַזוינס? — האָט מיר נאַסטענקאַ איבערגעריסן. — נו, וואָס איז דערפון געדרונגען? איך האָב שוין פון לאַנג געוווּסט, אַז איר ליבט מיך, נאָר מיר האָט זיך אַלץ אויסגעוויזן, אַז איר האָט מיך אַזוי, גאָר פשוט... עפּעס ליב... אַך, גאָט אין הימל, גאָט אין הימל!

— לכתחילה איז עס געווען גאָר פשוט, נאַסטענקאַ, נאָר איצט, איצט!... איך בין פּונקט אַזוי ווי איר, ווען איר זענט מיט אייער פּעקל זאַכן געקומען צו אים. מיר איז ערגער, נאַסטענקאַ, פאַר אייך, דערפאַר, וואָס ער האָט דאַמאָלס קיינעם נישט געליבט, און איר ליבט יאָ...

— וואָס רעדט איר עפּעס! סוף כל סוף. הייב איך נישט אָן צו פאַרשטיין. נאָר, הערט מיך אויס, פאַרוואָס, דאָס הייסט, נישט פאַרוואָס, נאָר צוליב וואָס איר האָט אַזוי און מיטאַמאָל... גאָט מיינער! וואָס פאַר אַ נאַרישקייטן איך רעד! נאָר איר!..

און זי האָט זיך אינגאַנצן פאַרלוירן. זי איז רויט געוואָרן און האָט אַרפּגעלאָזט די אויגן.

— וואָס זאָל איך טון, נאַסטענקאַ, וואָס זאָל איך טון? איך בין שולדיק, וואָס איך האָב דאָס אַלץ אויסגענוצט צום שלעכטן... נאָר ניין, בשום אופן נישט, איך בין נישט שולדיק, נאַסטענקאַ; איך הער און פיל דאָס, ווייל דאָס האַרץ זאָגט מיר, אַז איך בין גערעכט דערפאַר, וואָס איך קען אייך נישט פאַרשעמען און מיט גאָרנישט באַליידיקן! איך בין געווען אייערס אַ פריינט; איך בין נאָך איצט אויך אייער פריינט! איך האָב אייך נישט פאַראַטן. אָט גיסן זיך איצט פון מיינע אויגן טרערן, נאַסטענקאַ, זאָלן זיי זיך גיסן, זאָלן זיי — זיי שטערן נישט קיינעם — זיי וועלן זיך אויס־טריקענען, נאַסטענקאַ...

— נו, זעצט אייך, זיצט, — האָט זי געזאָגט, מיך אַוועקזעצנ־דיק אויף דער באַנק. — אַך, גאָט אין הימל!

— ניין, נאַסטענקאַ, איך וועל זיך נישט זעצן; איך קען שוין מער דאָ נישט בלייבן! איר דאַרפט מיך שוין מער נישט זען; איך וועל אייך אַלץ זאָגן און אַוועקגיין, איך וועל אייך נאָר זאָגן, אַז איר וואָלט זיך קיינמאָל נישט דערוווּסט, אַז איך ליב אייך. איך וואָלט אין זיך געהאַלטן דעם דאָזיקן סוד. איך וואָלט אייך איצט, אָט אין דער מינוט, נישט גענומען פייניקן מיט מיין עגאָיזם. ניין! נאָר איך האָב שוין מער נישט געקענט אויסהאַלטן; איר האָט די ערשטע אָנגעהויבן רעדן וועגן דעם, איר זענט שולדיק, איר זענט אין אַלעם שולדיק, נישט איך. איר טאָרט מיך פון זיך נישט אַוועק־טרייבן.

— עס הייבט זיך גאָרנישט אָן? איך טרייב אייך נישט אַוועק פון זיך! — האָט געזאָגט נאַסטענקאַ, באַמיִענדיק זיך, נעבעך, נישט אַרויסצוווייזן איר אויפרעגונג.

— איר טרייבט מיך נישט אַוועק? ניין! איך האָב שוין אַליין געוואָלט פון אייך אַנטלויפן. איך וויל טאַקע אַוועקגיין, נאָר קודם כּל וועל איך אייך אַלץ זאָגן, דערפאַר ווייל דאַמאָלס, ווען איר האָט גערעדט, האָב איך נישט געקענט איינזיצן, ווען איר האָט זיך געפייניקט צוליב דעם, נו, צוליב דעם. (איך וועל עס שוין קלאָר אַרויסזאָגן, נאַסטענקאַ), וואָס מען שטויסט אייך אָפּ, וואָס מען זאָגט זיך אָפּ פון אייער ליבע, דאַמאָלס האָב איך דערפילט און דערהערט אין מיין האַרץ אַזוי פיל ליבע צו אייך, נאַסטענקאַ, אַזוי פיל ליבע!... און מיר איז געווען אַזוי ביטער, וואָס איך קען אייך מיט מיין ליבע נישט העלפן... אַז מיין האַרץ איז, פשוט, צעריסן געוואָרן אויף שטיקער, און איך, איך — האָב נישט געקענט שווייגן, איך האָב געמוזט רעדן, נאַסטענקאַ, איך האָב געמוזט רעדן!...

— יאָ, יאָ! רעדט צו מיר, אָט אַזוי רעדט צו מיר! — האָט געזאָגט נאַסטענקאַ און געמאַכט עפּעס אַ מין מאָדנע באַוועגונג. — אייך קומט עס, אפשר, אויס ווילד, וואָס איך רעד צו אייך אויף אַזאַ מאָדנע אופן, אָבער... רעדט! איך וועל אייך שפּעטער זאָגן! איך וועל אייך אַלץ דערציילן!

— איר האָט רחמנות אויף מיר, נאַסטענקאַ, איר האָט פשוט, רחמנות אויף מיר, ליבער פריינט מיינער! דאָס, וואָס איז פאַרפאַלן, איז פאַרפאַלן! דאָס, וואָס מען האָט שוין געזאָגט, ווערט מען שוין נישט צוריקכאַפּן! נישט אמת? אויב אַזוי, ווייסט איר שוין אַלץ, אָט אָ דאָ איז דער יסוד פון מיינע רייד. נו, גוט! איצט איז אַלץ זייער שיין; נאָר האָרכט מיך אויס. ווען איר זענט געזעסן און געוויינט, האָב איך באַ זיך געטראַכט (אַך, לאָזט מיך דערציילן, וועגן וואָס איך האָב געטראַכט!), האָב איך געטראַכט, אַז (עס פאַרשטייט זיך, נאַסטענקאַ, אַז דאָס איז אוממעגלעך), האָב איך געטראַכט, אַז איר... האָב איך געטראַכט, אַז איר האָט אים שוין מער נישט... נו, עפּעס גאָר אויף אַן אויסטערלישן אופן... אַז איר האָט אים

שוין מער נישט ליב. דאַמאָלס — ווען דעם האָב איך שוין נעכטן און אייערנעכטן געטראַכט, נאַסטענקאַ — דאַמאָלס וואָלט איך שוין אַזוי געמאַכט, איך וואָלט אומבאַדינגט אַזוי געמאַכט, אַז איר זאָלט מיך ליב באַקומען: איר האָט דאָך געזאָגט, איר האָט דאָך אַליין געזאָגט, נאַסטענקאַ, אַז איר האָט מיך כמעט ווי ליב. נו, וואָס ווײַ-טער? דאָס האָב איך, מער וויניקער, אייך געוואָלט דערציילן; עס בלייבט מיר בלויז צו זאָגן, וואָס וואָלט געווען דאַמאָלס, ווען איר וואָלט מיך ליב געהאַט, בלויז דאָס, נישט מער!

הערט מיך אויס, פריינט מײַנער.

ווײַל איר זענט סוף כּל סוף, מײַנער אַ פריינט. — איך בין, פאַרשטייט זיך, אַ מענטש אַ פּשוטער, אַן אָרימער, אַ נישט וויכטי-קער, נאָר דאָס איז טאַקע די זאַך (איך רעד אַלץ גאָך נישט וועגן יענעם, נאַסטענקאַ, אַזוי אויפגערעגט בין איך), נאָר איך וואָלט אייך אַזוי געליבט, אַזוי הייס געליבט, אַז ווען איר וואָלט אים אפילו געליבט, אַז איר וואָלט נישט אויפגעהערט צו ליבן דעם, וועלכער איז מיר פרעמד, וואָלט איר פונדעסטוועגן נישט באַמערקט, אַז איך בין, מיט וואָס עס זאָל נישט זײַן, אייך מטריח מיט מײַן ליבע. איר וואָלט בלויז שטענדיק געפילט און געהערט, אַז לעבן אייך קלאַפּט אַזאַ דאַנקבאַר האַרץ, אַזאַ הייס האַרץ, וואָס וואָלט פאַר אייך... אַך, נאַסטענקאַ, נאַסטענקאַ! וואָס האָט איר פון מיר גע-מאַכט!!!...

— ווײַנט-זשע נישט. איך וויל נישט, אַז איר זאָלט וויינען, - האָט געזאָגט נאַסטענקאַ, אויפהייבנדיק זיך פלוצלינג פון דער באַנק, — קומט, שטעלט זיך אויף, קומט מיט מיר, ווײַנט-זשע נישט, ווײַנט נישט, — האָט זי געזאָגט אָפּווישנדיק מיר די טרערן מיט איר טיכל, — נו, קומט שוין; איך וועל אייך אפשר עפּעס זאָגן... אויב ער האָט שוין יאָ מיך פאַרלאָזט, אויב ער האָט אָן מיר פאַרגעסן, כאָטש איך ליב אים נאָך, (איך וויל אייך נישט נאַרן)... נאָר האָרכט

מיך אויס און ענטפערט מיר. אויב איך וואָלט אייך, למשל, לי...
באַקומען, דאָס הייסט, אַז איך וואָלט אייך בלויז... אַך, פריינ...
מיינער, פריינט מיינער! ווען איך גיב נאָר אַ טראַכט, ווען אי...
שטעל זיך נאָר פאָר, ׳אַז איך האָב אייך דאַמאָלס באַליידיקט, ז...
איך האָב געלאַכט אויס אייער ליבע, אַז איך האָב אייך געלויב...
דערפאַר, וואָס איר האָט זיך אין מיר נישט פאַרליבט! גאָט א...
הימל! ווי אַזוי האָב איך דאָס אַלץ נישט פאָרויסגעזען, ווי נאַר...
בין איך געווען, אָבער... נו, נו, איך האָב זיך אַנטשלאָסן, א...
וועל אַלץ זאָגן.

— הערט, נאַסטענקאַ, ווייסט איר וואָס? איך וועל פון איי...
אַוועקגיין, איך ווייס, איך פייניק אייך, פשוט גערעדט: אָט ליידט אי...
איצט דערפון, וואָס איר האָט מיך אויסגעלאַכט, און איך וויל ניש...
יאָ איך וויל נישט, אַז איר זאָלט אַ חוץ אייער צער... איך, פאַ...
שטייט זיך, בין שולדיק, נאַסטענקאַ, בלייבט געזונט!

— שטייט, האָרכט מיך אויס: איר קענט וואַרטן?

— אויף וואָס וואַרטן, ווי אַזוי?

— איך ליב אים; נאָר דאָס וועט פאַרבייגיין, דאָס מוז פאַר
בייגיין. דאָס קען נישט נישט פאַרבייגיין; איך פיל, ווי עס הייב...
אָן פאַרבייגיין... ווער ווייסט, ס׳איז מעגלעך, אַז נאָך היינט ווע...
עס זיך ענדיקן דערפאַר, ווייל איך קריג אים פיינט, דערפאַר, וואָ...
ער האָט געמאַכט פון מיר שפאַס אין דער צייט, ווען ער האָ...
מיט מיר צוזאַמען געוווינט, דערפאַר וואָס איר האָט מיך נישט פאַר-
שטויסן, אַזוי ווי ער, דערפאַר וואָס איר ליבט מיך, או...
ער האָט מיך נישט געליבט, דערפאַר, וואָס איך האָב אייך,
סוף-כל-סוף, ליב... יאָ, איך ליב אייך!... איך האָב אייך ליב,
אַזוי ווי איר מיך: איך אַליין האָב נאָך פריער געזאָגט, איר האָט
עס אַליין געהערט, — איך ליב אייך דערפאַר, וואָס איר זענט

בעסער פאַר אים, איידעלער פאַר אים, דערפאַר, דערפאַר, וואָס ער...

זי האָט זיך, נעבעך, אַזוי שטאַרק אויפגערעגט, אַז זי האָט גישט געקענט ענדיקן אירע רייד; זי האָט אַרויפגעלייגט איר קאָפּ אויף מיין אַקסל, דערנאָך אויף מיין ברוסט, און זיך ביטער צע־וויינט. איך האָב זי געטרייסט, איינגעטענהט מיט איר, נאָר זי האָט זיך נישט געקענט באַהערשן; זי האָט וואָס אַמאָל שטאַרקער גע־דריקט מיין האַנט און וויינענדיקערהייט צו מיר געזאָגט:

— וואַרט צו, וואַרט צו; איך הער באַלד אויף! איך וועל אייך זאָגן... זאָל זיך אייך נישט אויסווייזן, אַז איך וויין אַזוי — פּשוט, צוליב מיין שוואַכקייט, וואַרט צו, ביז עס וועט פאַרגיין. ענדלעך האָט זי אויפגעהערט צו וויינען, זי האָט אָפּגעווישט די טרערן, און מיר זענען ווייטער געגאַנגען. איך האָב געוואָלט צו איר רעדן, נאָר זי האָט מיך אַלץ געבעטן, איך זאָל צוּוואַרטן. מיר זענען אַנטשוויגן געוואָרן...

זי האָט זיך לסוף געפאַסט און אָנגעהויבן צו רעדן...

— אָט וואָס, — האָט אָנגעהויבן מיט אַ שוואַכער, ציטערדי־קער, שטימע. אין וועלכער ס'האָט זיך אָבער געהערט עפּעס אַזעל־כעס, וואָס האָט מיט אַ זיסלעכן ווייטיק זיך איינגעשניטן אין מיין האַרץ, — מיינט נישט, אַז איך בין אַזוי לייכטזיניק און נישט באַ־שטענדיק, מיינט נישט, אַז איך קען אַזוי גיך און לייכט פאַרגעסן אָדער פאַראַטן... איך האָב אים געליבט אַ גאַנץ יאָר, און איך שווער בײַ גאָט, אַז איך האָב אים קיינמאָל נישט אפילו אין געדאַנק אָפּגענאַרט. ער האָט אָט אָ דאָס פאַראַכטעט, ער האָט מיך אויסגעלאַכט — זאָל אים גאָט דאָס מוחל זיין. ער האָט מיך טיף באַליידיקט, ער האָט פאַרוווּנדעט מיין האַרץ. איך... איך ליב אים נישט, ווייל איך קען נאָר ליבן דעם, וואָס איז גרויסמוּ־טיק, וואָס איז איידל און פאַרשטייט מיך; ווייל איך אַליין בין

אַזעלכע, ווייל ער איז מיך נישט ווערט, — נו, זאָל ער זיך גיין געזונטערהייט! עס איז בעסער אַזוי, איידער איך זאָל זיך שפּע־טער דאַרפן אַנטוישן אין מיינע האָפנונגען און זיך דערוויסן, וואָס פאַר איינער ער איז... באַשטימט אַזוי!... וואָס קען מען אָבער וויסן, ליבער פריינט מיינער, — האָט זי ווייטער געזאָגט, דריקנדיק מיר די האַנט, — ווער קען וויסן, אפשר איז מיין ליבע נאָר אַ מיראַזש, אַן איינרעדעניש, אפשר האָט זי זיך אָנגעהויבן מיט אַ נאַרישקייט און אַ שטיפעריי, דערפאַר, וואָס איך בין אייביק געווען הינטער מיין באָבעס אויפזיכט. אפשר דאַרף איך ליבן אַ צווייטן, און נישט אים, נישט אַזאַ אַרט מענטש, נאָר אַ צווייטן, וואָס וואָלט אויף מיר רחמנות געהאַט און, און... נו, מיר ווען דאָס לאָזן צו־רו, — האָט נאַסטענקא אָפּגעהאַקט, כאַפּנדיק קוים דעם אָטעם פאַר אויפרעגונג, — איך האָב אייך בלויז געוואָלט זאָגן, אַז אויב נישט קוקנדיק דערויף, וואָס איך ליב אים (ניין, וואָס איך האָב אים גע־ליבט), אויב נישט קוקנדיק אויף דעם אַלעם, וועט איר נאָך זאָגן... אויב איר פילט, אַז אייער ליבע איז אַזוי שטאַרק, אַז איר וועט אפשר, סוף־כל־סוף, זיין בכוח צו דערשטיקן אין מיין האַרץ די ערשטע ליבע... אויב איר ווילט זיך אויף מיר מרחם זיין, אויב איר ווילט מיך נישט לאָזן אַליין מיט מיין גורל אָן שום טרייסט און האָפנונג. אויב איר וועט מיך ווען ליבן אייביק, אַזוי ווי איר ליבט מיך איצט, שווער איך אייך, אַז איך וועל אייך זיין דאַנק־באַר... אַז איך וועל אפשר פאַרדינען אויף אייער ליבע... ווילט איר איצטער נעמען מיין האַנט?

— נאַסטענקאַ! — האָב איך אַויסגעשריגן, שטיקנדיק זיך פאַר געוויין, — נאַסטענקאַ! אָ, נאַסטענקאַ!

— נו, גענוג, גענוג; דאָס איז פולשטענדיק גענוג! — האָט זי געזאָגט, וועלנדיק מיט אַלע כוחות באַהערשן די אויפרעגונג איצט איז שוין אַלץ געזאָגט געוואָרן, נישט אמת? האַ? אויך איר זענט

גליקלעך און איך בין גליקלעך; קיין איין וואָרט שוין נישט מער וועגן דעם; וואַרט צו; שוינט מיך... רעדט וועגן עפעס אַנדערש, זייט אַזוי גוט!...

— יאָ, נאַסטענקאַ, יאָ! גענוג וועגן דעם, איצט בין איך גליקלעך, איך! נו, נאַסטענקאַ, מיר וועלן רעדן וועגן עפעס אַנדערש, נאָר גיכער, וואָס גיכער; יאָ! איך בין גרייט...

מיר האָבן אַליין נישט געוווּסט, וואָס מיר רעדן; מיר האָבן גערעדט טויזנטער ווערטער אָן שום צוזאַמענהאַנג און אָן שום זין; אָט זענען מיר געגאַנגען איבערן טראָטואַר, פּלוצלינג האָבן מיר זיך צוריקגעקערט און גענומען אַריבערגיין אויף דער אַנדערער זייט גאַס; אָט, האָבן מיר זיך אָפּגעשטעלט און צוריקגעגאַנגען צום ברעג פונם טייך; מיר האָבן זיך געפירט, ווי קינדער...

— איצט לעב איך אינגאַנצן אַליין, — האָב איך אָנגעהויבן — און מאָרגן, נאַסטענקאַ... ס'פאַרשטייט זיך, אַז איך בין אַן אָרימאַן, נאַסטענקאַ, איך פאַרמאָג סך-הכל אַ טויזנט צוויי הונדערט, נאָר דאָס איז גאָרנישט...

— ס'פאַרשטייט זיך, אַז נישט. מיין באָבע באַקומט אַן עמערי טורע, און זי וועט אונדז גאָרנישט אויסברענגען. מען דאַרף די באָבע צו זיך נעמען.

— ס'פאַרשטייט זיך, אַז מ'דאַרף נעמען צו זיך די באָבע... אָבער מאַטרענאַ, זעט איר...

— אַך, אויך מיר האָבן אַ פעקלאַ

— מאַטרענאַ איז זייער אַ גוטע, זי האָט אָבער איין חסרון: זי האָט קיין שום פאַנטאַזיע נישט, נאַסטענקאַ, דאָס מינדסטע ברעקל פאַנטאַזיע פאַרמאָגט זי נישט; נאָר דאָס מאַכט נישט אויס...

— ס'מאַכט נישט אויס; זיי ביידע קענען זיין צוזאַמען; נאָר איר דאַרפט זיך מאָרגן תיכף צו אונדז איבערציִען.

— וואָס הייסט? צו אייך? גוט, איך בין גרייט...

— איר דינגט באַ אונדז אַ שטוב. דער ערשטער שטאָק שטייט ליידיק: ס'האָט דאָרט געוווינט עפּעס אַן אַלטע גרעפין, האָט זי זיך אַרויסגעצויגן, און די באָבע, ווייס איך, וויל פאַרדינגען די שטוב אַ יונגנמאַן.

איך פרעג זי:

— פאַרוואָס עפּעס אַ יונגמאַן?

ענטפערט זי:

— דערפאַר וואָס איך בין שוין אַלט, נאָר זאָל זיך דיר נישט אויסווייזן, נאַסטענקאַ, אַז איך וויל, דו זאָלסט זיך מיט אים משדך זיין האָב איך זיך אָנגעשטויסן, אַז טאַקע דערוועגן גייט אין...

— אַך, נאַסטענקאַ!

און מיר האָבן זיך ביידע צעלאַכט.

— נו, זאָל שוין זיין גענוג, זאָל שוין זיין גענוג! ווו וווינט איר? איך האָב שוין פאַרגעסן.

— דאָרט באַ דער —סקער בריק, אין באַראַניקאָווס הויז.

— עס איז אַזאַ גרויס הויז?

— יאָ, אַ גרויס הויז.

— איך ווייס, אַ שיין הויז, נאָר איר פאַרלאָזט עס בעסער און ציט זיך אַריבער צו אונדז וואָס גיכער...

— מאָרגן, נאַסטענקאַ, תיכף מאָרגן. איך דאַרף נאָך דאָרט באַצאָלן עפּעס דירה-געלט, נאָר דאָס איז גאָרנישט... איך וועל אין גיכן באַקומען מיין געהאַלט...

—ווייסט איר וואָס? איך וועל אפשר אָנהייבן געבן לעקציעס. איך וועל מיך צוערשט אליין אויסלערנען און דערנאָך אַ צווייטן לערנען...

— זייער גוט... איך וועל אינגיכן באַקומען געלט, נאַסטענקאַ...

—אויב אַזוי, וועט איר שוין מאָרגן ווערן אונדזער לאָקאַטאָר...

— און מיר וועלן גיין אויף דעם „סעווילער ראַזירער", מען וועט אים שפּילן אין דער נאָנטסטער צייט...

— מיט וועלן גיין, — האָט געענטפערט נאַסטענקאַ מיט אַ געלעכטער, — ניין, מיר וועלן נישט גיין אויף „דעם ראַזירער"; בעסער אויף עפּעס אַנדערש...

— גוט, זאָל זיין עפּעס אַנדערש... ס׳פאַרשטייט זיך, אַז ס׳וועט זיין גלייכער; איך האָב וועגן דעם גאָרנישט געטראַכט...

שמועסנדיק אַזוי, זענען מיר אַרומגעגאַנגען פאַרשיכורטע, גלייך ווי אין אַ נעפּל, און מיר האָבן כמעט נישט געוווּסט, וואָס עס טוט זיך מיט אונדז. אָט שטעלן מיר זיך אָפּ און שמועסן אַ לאַנגע צייט, נישט רירנדיק זיך פון אָרט. אָט נעמען מיר ווייטער גיין און מיר פאַרקריכן, גאָט ווייסט ווּהין, און — פרישע געלעכטערס, פרישע טרערן. אָט ווילט זיך נאַסטענקאַן מיטאַמאָל אַהיים גיין, איך האָב גישט די העזה זי אָפּצוהאַלטן און איך וויל זי אָפּפירן ביז אַהיים; מיר נעמען זיך גיין און מיטאַמאָל, אין אַ מינוט פּונקט אַרום געפינען מיר זיך באַ דער בריק, לעבן אונדזער באַנק. אָט גיט זי אַ קרעכץ, און אירע אויגן ווערן פאַרלאָפן מיט טרערן; איך הייב אָן ציטערן, ס׳ווערט מיר קאַלט... נאָר זי דריקט מיר תיכף די האַנט און שלעפּט מיך ווייטער, מיר גייען, שמועסן און פּלוידערן אָן אַ שיער...

— שוין צייט אַהיים צו גיין, שוין די העכסטע צייט; מיר דאַכט זיך, אַז עס איז שוין זייער שפּעט, — האָט ענדלעך זיך אָנגערופן נאַסטענקאַ. — גענוג זיך שוין באַנאַרישט!...

— גוט, נאַסטענקאַ, איך וועל אָבער איצט נישט אַנטשלאָפן ווערן; איך וועל נישט אַהיים גיין.

— מיר דאַכט זיך, אַז איך וועל אויך נישט איינשלאָפן: נאָר איר וועט מיך אָפּפירן...

— ס׳פאַרשטייט זיך!

— איצט מוזט איר מיך שוין אומבאַדינגט אָפּפירן ביז אַהיים.

— ס׳פאַרשטייט זיך...

— איר גיט אייער וואָרט? ווייל מען מוז דאָך, ווען עס איז, אַמאָל אַהיים קומען!

— ערן-וואָרט. — האָב איך געענטפערט מיט אַ געלעכטער...

— טאָ קומט!

— קומט.

— גיט נאָר אַ קוק אויפן הימל, נאַסטענקאַ, גיט נאָר אַ קוק! מאָרגן וועט זיין אַ שיינער טאָג; וואָס פאַר אַ בלויער הימל, וואָס פאַר אַ לבנה! קוקט זיך נאָר איין; אָט פאַרדעקט זיך מיט אַ געלן וואָלקן, קוקט נאָר, קוקט! ניין, דער וואָלקן מיידט זי אויס... קוקט-זשע זיך איין, קוקט-זשע!...

נאָר נאַסטענקאַ האָט נישט געקוקט אויפן וואָלקן, זי איז געשטאַנען אַ שווייגנדיקע, אַ צוגעשמידטע צום אָרט; אין אַ ווייַלע אַרום האָט זי מיט אַ מאָדנער שרעק זיך האַרט גענומען טוליען צו מיר. איר האַנט האָט אין מיינער אַ ציטער געטון. זי האָט זיך נאָך מער אָן מיר אָנגעשפּאַרט. איך האָב זי אָנגעקוקט...

אין דער דאָזיקער מינוט איז לעבן אונדז פאַרבייגעגאַנגען עפּעס אַ יונגערמאַן. ער האָט זיך פּלוצלינג אָפּגעשטעלט, אונדז אויפמערקזאַם אָנגעקוקט און דערנאָך געמאַכט נאָך עטלעכע טריט. ס׳האַרץ האָט אין מיר אַ ציטער געטון...

— נאַסטענקאַ, — האָב איך שנעל געזאָגט צו איר, — ווער איז דאָס, נאַסטענקאַ?

— דאָס איז ער! — האָט זי געענטפערט מיט אַ מורמל, נאָך וואַרעמער, נאָך ציטערדיקער, צוטוליענדיק זיך צו מיר... איך בין קוים געשטאַנען אויף די פיס.

— נאַסטענקאַ! נאַסטענקאַ! דאָס ביסטו! — האָט זיך אונטער

אונדז דערהערט אַ שטימע, און אין דעם זעלבן אויגנבליק האָט דער דאָזיקער יונגערמאַן זיך דערנענטערט צו אונדז...

גאָט, וואָס פאַר אַ געשריי! ווי זי האָט אַ ציטער געטון! ווי זי האָט זיך אַרויסגעריסן פון מיינע הענט און אים אנטקייגנגעלאָפן! איך בין געשטאַנען און געקוקט אויף זיי אַ צעמישטער. נאָר ווי באַלד זי האָט אים דערלאַנגט די האַנט, ווי באַלד זי האָט זיך אַרויפגעוואָרפן אויף זיין האַלדז, האָט זי זיך פלוצלינג אויסגעדרייט צו מיר און, ווי אַ ווינד, ווי אַ בליץ, צוגעלאָפן צו מיר. און איידער איך האָב באַוויזן צו זיך צו קומען, האָט זי מיך אַרומגענומען מיט ביידע הענט און מיר אַ הייסן קוש געטון. דערנאָך, נישט זאָגנדיק קיין איין איינציק וואָרט, איז זי ווידער צוגעלאָפן צו אים, אים גענומען בײַ די הענט און אים מיטגעשלעפט מיט זיך.

איך בין אַ לאַנגע צייט געשטאַנען און זיי נאָכגעקוקט... לסוף זענען זיי ביידע פאַרשוווּנדן געוואָרן פון מיינע אויגן.

## דער פּרימאָרגן.

מיינע נעכט האָבן זיך געענדיקט מיט אַן אינדערפרי. עס אַ געווען אַ מיאוּסער טאָג. ס׳האָט גערעגנט, און דער רעגן האָט אוּמעסיק געקלאַפּט און מיין פענסטער. אין דער שטוּב איז געווען פינסטער, אין דרויסן איז אַלץ געווען פאַרהילט אין אַ נעפּל. דער קאָפּ האָט מיר ווײ געטון און אַלץ האָט זיך געדרייט פאַר מיינע אויגן; איך האָב געפילט, ווי אַ פיבער הייבט אָן אַרומצונעמען מיינע גלידער.

— דו האָסט באַקומען אַ בריוו דורך דער פּאָסט, טייערינקע. דער בריוו-טרעגער האָט אים געבראַכט — האָב איך דערהערט איבער מיר מאַטרענאַס קול.

— אַ בריוו! פון וועמען? — האָב איך אויסגעשריגן, אויפשפּרינגענדיק פון אָרט.

— פרעג מיך בחרם, ליבינקע, גיב אַ קוק, אפשר איז דאָרט אויפגעשריבן פון וועמען.

איך האָב אַדורכגעבראָכן דעם זיגל — פון איר!

„זייט מוחל, זייט מיר מוחל!" — האָט מיר נאַסטענקאַ געשריבן — אויף די קניען בעט איך אייך, זייט מיר מוחל! איך האָב אייך און זיך אָפּגענאַרט. דאָס איז געווען אַ חלום, אַ זעעניש... איך האָב זיך היינט אַזוי פיל דורכגעפייניקט צוליב אייך, זייט מוחל, זייט מיר מוחל!"...

„באַשולדיקט מיך נישט, ווייל איך האָב זיך בנוגע אייך מיט גאַרנישט געענדערט: איך האָב געזאָגט, אַז איך וועל אייך ליבן, און אויך איצט האָב איך אייך ליב, מער נאָך ווי ליב. גאָט אין הימל! ווען איך וואָלט קענען אייך בײדע צוזאַמען ליבן! אָ! ווען איר זאָלט זיין ער!“

— אָ! ווען ער זאָל זיין איך! — האָב איך אַ טראַכט געטאָן. איך האָב זיך, נאָסטענקאַ, דערמאָנט אָן דײנע ווערטער!

„גאָט אַליין איז אַן עדות, וואָס איך וואָלט איצט אַלץ פאַר אייך געטאָן! איך ווייס, ווי שווער און אומעטיק אייך איז אויפן האַרץ. איך האָב אייך באַליידיקט, נאָר איר ווייסט דאָך — אַז מען ליבט, קען מען דען לאַנג געדענקען אַן עוולה? און איר האָט דאָך מיך ליב!

„איך דאַנק אייך! יאָ! איך דאַנק אייך פאַר דער דאָזיקער ליבע. ווייל זי האָט זיך אַרײנגעקריצט אין מײן זכרון, ווי אַ זיסער חלום, וועלכן מען געדענקט נאָך לאַנג נאָכן דערוואַכן; ווייל איך וועל אייביק געדענקען יענע מינוט, ווען איר האָט אַזוי ברודערלעך געעפנט פאַר מיר אייער האַרץ און מיט אַזאַ גרויסמוטיקייט צוגענומען אַלס אַ מתנה מײן נידערגעשלאָגן ווען, כּדי עס אָפּצושיצן, אָפּצוהיטן און עס אויסצוהיילן... אויב איר וועט מיר מוחל זיין, וועט די דערינערונג וועגן אייך ווערן נאָך הייליקער, צוליבן געפיל פון אייביקער דאַנקבאַרקייט, וואָס וועט קײנמאָל נישט ווערן אויסגעלאָשן אין מײן האַרץ. איך וועל אָפּהיטן די דאָזיקע דערינערונג, איך וועל אייך זיין געטריי, איך וועל זי נישט פאַראַטן, איך וועל נישט פאַראַטן מײן אייגן האַרץ. נאָך נעכטן האָט עס זיך אָפּגעגעבן דעם, צו וועמען עס געהערט אויף אייביק.

מיר וועלן זיך נאָך טרעפן, איר וועט קומען צו אונדז, איר וועט אונדז נישט פאַרלאָזן, איר וועט אויף אייביק פאַרבלייבן מײן

פריינט, מיין ברודער... און ווען איר וועט מיך דערזען, וועט איר מיר דערלאַנגען אייער האַנט... וואָס? איר וועט מיר דערלאַנגען אייער האַנט, ווייל איר האָט מיר מוחל געווען, נישט אמת? איר ליבט דאָך מיך, ווי ביז אַהער?

אָ, ליבט מיך, פאַרלאָזט מיך נישט, ווייל איך ליב אייך אין דער דאָזיקער מינוט אַזוי הייס, ווייל איך בין ווערט אייער ליבע און איך וועל זי מיר פאַרדינען... טייערער פריינט מיינער! אויף דער צווייטער וואָך האָב איך מיט אים חתונה... ער איז צו מיר צוריקגעקומען אַ פאַרליבטער, ער האָט קיינמאָל אָן מיר נישט פאַרגעסן... איר וועט נישט בייז זיין אויף מיר דערפאַר, וואָס איך שרייב אייך וועגן אים, נאָר איך וויל צו אייך קומען צוזאַמען מיט אים. איר וועט אים ליב באַקומען, נישט אמת?

זייט מוחל, געדענקט און ליבט אייער

נאַסטענקא.״

איך האָב לאַנג געליינט דעם דאָזיקן בריוו, און אין די אויגן זענען מיר געשטאַנען הייסע טרערן. לסוף איז דער בריוו אַרויס־געפאַלן פון מיינע הענט און איך האָב מיר פאַרדעקט דאָס פנים.

— טייערינקער! אָ, טייערינקער! — האָט מיך מאַטרענאַ אַ רוף געטון.

— וואָס, אַלטע?

— איך האָב אַ אָפּגערוימט פון באַלקן דאָס שפּינוועבס; איצט קאָנסטו דרייסט חתונה האָבן, געסט צונויפרופן, אין דערזעלבער צייט טאַקע...

איך האָב אָנגעקוקט מאַטרענאַן. זי איז נאָך געווען אַ לעבע־דיקע, יונגע זקנה, נאָר איך ווייס נישט פאַרוואָס, איך האָב זי פּלוצלינג דערזען מיט אַן אויסגעלאָשענעם בליק, פול מיט קנייטשן אויפן פנים, אַן איינגעהויקערטע, אַ צעבראָכענע... איך ווייס נישט פאַרוואָס מיר האָט זיך אויסגעוויזן, אַז מיין שטוב איז פּונקט אַזוי

אַלט געוואָרן, ווי מאַטרענאַ. די פאַרב אויף די ווענט, אויף דער פּאָדלאָגע איז געוואָרן פינסטער און בלאַס; אַלע ווינקלען זענען געווען פול מיט שפינוועבס. איך ווייס נישט פאַרוואָס, נאָר ווען איך האָב אַ קוק געטון אויפן פענסטער, האָט זיך מיר אויסגעוויזן, אַז דאָס הויז פון קעגנאיבער איז אויך געוואָרן אַלט און אָפּגענוצט, אַז דאָס קאַלך האָט אָנגעהויבן זיך צו שיילן און אָפּצופאַלן, אַז די גזימסן זענען געוואָרן שוואַרץ און צעשפּאָלטן, און די טונקל-געלע פאַרב פון דער מויער איז געוואָרן אינגאַנצן גרוי...

אַ זונען-שטראַל, וואָס האָט אַ בליק געטון פון פאַרכמורעטן הימל, האָט זיך צוריק באַהאַלטן הינטער אַ וואָלקן, און אַלץ איז דורכדעם פינסטער געוואָרן אין מיינע אויגן; אָדער, אפשר, האָט זיך פאַר מיינע אויגן געשטעלט דאָס אומעטיקע בילד פון מיין צוקונפט, און איך האָב זיך דערזען, ווי איך זע אויס איצט, נאָך פופצען יאָר, אַ פאַרעלטערטער, אַן עלנטער, אין דער זעלבער שטוב, מיט דער זעלבער מאַטרענאַן, וואָס איז דורך דער גאַנצער צייט אויף קיין האָר נישט קלוגער געוואָרן.

נאָר איך זאָל געדענקען די עוולה, וואָס דו האָסט מיר געטון, נאַסטענקאַ? איך זאָל פאַרדעקן מיט אַ פינסטערן וואָלקן דיין ליכטיק, נישט-פאַרשטערט גליק, אַז איך זאָל מיט אַ ביטערן פאָרוואָרף אָנטרייבן אַן אומעט אויף דיין האַרץ, עס פאַרווונדן מיט אַ באַהאַלטענער חרטה און עס צווינגען טרויעריק צו קלאַפּן אין דער מינוט פון גליק, אַז איך זאָל צעטרעטן כאָטש איין צאַרטע בלום פון דעם קראַנץ, וואָס דו האָסט איינגעפלאָכטן אין דיינע שוואַרצע לאָקן, ווען דו ביסט מיט אים געשטאַנען פאַרן אַלטאַר?... אָ, קיינמאָל נישט, קיינמאָל נישט! זאָל ליכטיק זיין דיין גורל, זאָל צופרידן שיינען דיין חנווודיק שמייכעלע, זיי געבענטשט פאַר דער מינוט פון פרייד און גליק, וואָס דו האָסט פאַרשאַפן אַ פרעמד, איינזאַם און דאַנקבאַר האַרץ!

גאָט מיינער! אַ גאַנצע מינוט פון גליק! צי איז דען דאָס
היינטיק אפילו פאַרן גאַנצן לעבן פון מענטש?...

**סוף.**

I.

## וועלטשאַנינאָוו.

דער זומער איז געקומען, און וועלטשאַנינאָוו איז נישט קוקנ־דיק אויף אַלע דערוואַרטונגען פאַרבליבן אין פּעטערבורג. די נסיעה קיין מזרח־רוסלאַנד איז געשטערט געוואָרן, און זיין ענין האָט זיך פאַרשלעפּט, ווי אָן אַ סוף. זיין ענין — דער פּראָצעס צוליב אַ גוט — האָט אָנגענומען אַ שלעכטע ווענדונג. נאָך מיט דריי חדשים צוריק האָט זיך דער ענין אויסגעוויזן פאַר זייער פּשוט, כמעט זיכער, אָבער פּלוצלינג האָט זיך אַלץ געענדערט. „און בכלל האָט זיך אַלץ אָנגעהויבן ענדערן צום שלעכטן!" — די דאָזיקע פראַזע האָט וועלטשאַנינאָוו גענומען כסדר איבערחזרן וועגן זיך מיט עגמת־נפש. ער האָט געהאַט אַ געשיקטן, גוטן, באַקאַנטן אַדוואָקאַט און האָט נישט געשוינט קיין געלט. אָבער צוליב זיין אומגעדולדיקייט און חשד האָט ער אָנגעהויבן אַליין זיך פאַרנעמען מיט זיין ענין: ער האָט געלייענט און געשריבן פּאַפּירן, וועלכע דער אַדוואָקאַט האָט כסדר אָפּגעוואָרפן, געלאָפן איבער פאַרשידענע אינסטאַנצן, געמאַכט חקירות ודרישות און מסתמא זייער געשטערט אין אַלעם; לכל־הפּחות דער אַדוואָקאַט האָט זיך באַקלאָגט אויף זיי און אים גע־טריבן אַרויסצופאָרן אויף אַ זומער־וווינונג. אָבער ער האָט זיך אפילו נישט געקענט אַנטשליסן צו פאָרן אויף אַ זומער־וווינונג. דער שטויב, די דומפּיקייט, די ווייסע פּעטערבורגער נעכט, די צעשטרייטע נערוון — אָט פון וואָס ער האָט הנאה געהאַט אין פּעטערבורג. זיין

ווינונג האָט זיך געפונען, ערגעץ-ווו, באַם גרויסן טעאטער. ער האָט זי נישט לאַנג געדונגען און זי האָט זיך אים אויך נישט איינגע-געבן. „קיין שום זאַך גיט זיך נישט איין!" זיין מרה-שחורה איז געוואַקסן פון טאָג צו טאָג, נאָר צו מרה-שחורה איז ער פון לאַנג געווען גענייגט.

דאָס איז געווען אַ מענטש, וואָס האָט געמאַכט אַ רייך און ברייט לעבן, שוין ווייט נישט קיין יונגערמאַן, אַלט געווען אַן ערך אַכט און דרייסיק אָדער גאָר ניין און דרייסיק יאָר, און די דאָזיקע גאַנצע „זקנה" זיינע — ווי ער פלעגט זיך אַליין אויסדריקן — איז זי צו אים געקומען „כמעט אינגאַנצן אומדערוואַרטעט." ער האָט אָבער אַליין פאַרשטאַנען, אַז ער איז אַלט געוואָרן גיכער נישט צוליבן כמות, נאָר אַזוי צו זאָגן, צוליבן איכות פון די יאָרן, און אויב עס האָט זיך שוין אָנגעהויבן זיין עלטער-שוואַכקייט, איז עס געשען מער פון אינעווייניק, ווי פון דרויסן. אויפן קוק האָט ער נאָך איצט אויסגעזען פריש און געזונט.

דאָס איז געווען אַ הויכער פעסט-געבויטער בחור, העל-שאַטין, מיט געדיכטע האָר, אָן איין גרוי הערעלע אויפן קאָפּ און מיט אַ לאַנגע בלאָנדע באָרד, וואָס האָט כמעט דערגרייכט ביז דער העלפט ברוסט. פון ערשטן קוק האָט ער אויסגעזען אַ ביסל משונהדיק און אַפּגעלאָזן, אָבער צוקוקנדיק זיך נענטער, האָט מען תיכף געקענט דערזען אין אים אַ הער, וואָס האָט זיך אויסגעצייכנט געהאַלטן און אַמאָל באַקומען אַן אַריסטאָקראַטישע דערציונג. וועלטשאַנינאָוס באַוועגונגען זענען נאָך איצט געווען פריי, דרייסט און זאָגאַר גראַציעז, נישט קוקנדיק אויף זיין גאַנצע צום גוטן אייגעלעבטע פאַר-נאַכלעסיקייט און אָנגעבלאָזנקייט. און אויך ביז איצט איז ער לחלוטין נישט געווען וואַקלדיק באַ זיך און האָט פאַרמאָגט די אמתע אַריסטאָקראַטיש-געמיינע אייגן-זיכערקייט. וואָס איר מאָס האָט ער אפשר אַליין נישט חושד געווען אין זיך, נישט קוקנדיק

ד-רויף, וואָס ער איז נישט נאָר געווען קלוג, נאָר ער האָט אויך אָפט געגומען אַ לעבהאַפטן אָנטייל אין וויכּוחים וועגן די אָדער יענע ענינים, איז געווען כּמעט געבילדעט און זיך אויסגעצייכנט מיט נישט-צווייפלהאַפטע פעיִקייטן. די פאַרב פון זיין אָפן, רויטלעך פּנים האָט זיך מיט יאָרן צוריק אויסגעצייכנט מיט אַ ווייבערישער צערט-לעכקייט און געוואנדעט אויף זיך די אויפמערקזאַמקייט פון פרויען, אויך איצט פלעגט דער אָדער יענער. אָנקוקנדיק אים, זאָגן:

— אַך, וואָס פאַר אַ „פרישינקער", בלוט מיט מילך!

און דאָך איז דער דאָזיקער „פרישינקער" געווען זייער שטאַרק אָנגעשטעקט מיט מרה-שחורה. זיינע גרויסע בלויע אויגן האָבן מיט צען יאָר צוריק אויך געהאַט אין זיך אַ סך נצחונדיקס. דאָס זענען געווען אַזעלכע ליכטיקע, פריילעכע, זאָרגלאָזע אויגן, אַז נישט ווילנדיק האָבן זיי געלאָקט צו זיך יעדן איינציקן, מיט וועלכן ער האָט זיך נאָר צונויפגעטראָפן. איצט, צו די פערציקער יאָרן, האָבן זיך כּמעט ווי אויסגעלאָשן די ליכטיקייט און גוטסקייט אין די דאָזיקע אויגן, וועלכע עס האָבן שוין אַרומגע-רינגלט לייכטע רינצלען. אין די אויגן האָבן, להיפך, זיך באַוויזן דער ציניזם פון אַ נישט אינגאַנצן אָנשטענדיקן און פאַרמאַטערטן מענטש, אַ געביפּטקייט, אַ וואָס-אָפטער שמייכל און נאָך אַ נייער אויסדרוק, וואָס איז פריִער נישט געווען: אַן אויסדרוק פון צער און ווייטיק, פון עפּעס אַ גרויליכן צער, ווי אָן שום סיבה, אָבער דאָך אַ שטאַרק-באַאומרויִקנדיקן. באַזונדערס האָט זיך באַוויזן בײַ אים דער צער, ווען ער פלעגט פאַרבלייבן אַליין. און מאָדנע: דער דאָזיקער, ערשט מיט צוויי יאָר צוריק טומלדיקער, פריילעכער און צעשטרייטער מאַן, וועלכער האָט אַזוי אויסגעצייכנט דערציילט פריילעכע מעשיות, — האָט איצט קיין שום זאַך אַזוי נישט ליב געהאַט, ווי פאַרבלייבן איינער אַליין. ער האָט בכּיוון פאַרלאָזט אַ סך פון זיינע באַקאַנטע, מיט וועלכע ער וואָלט אויך איצט זיך

געקענט צונויפקומען. נישט קוקנדיק אויף זיין פולשטענדיקער מאַ־טעריעלער רוינע. אמת, אויך דאָ האָט מיטגעווירקט זיין יאָגן זיך נאָך רום: מיט זיין חושד־זיין אין זוכן כבוד וואָלט מען נישט געקענט פאַרטראָגן די פרי־ערדיקע באַקאַנטשאַפטן. אָבער אויך זיין יאָגן זיך נאָך רום האָט ביסלעכווייז זיך אָנגעהויבן פאַרוואַנדלען אין איינזאַמקייט. עס האָט זיך נישט פאַרקלענערט, אפשר גאָר להיפך, עס האָט זיך אָנגעהויבן פאַרוואַנדלען אין עפּעס אַ באַזונ־דערן מין אייגן־ליבע, וועלכער איז פרי־ער נישט געווען: ער האָט פון צייט צו צייט אָנגעהויבן ליידן פון גאָר אַנדערע סיבות, ווי גע־וויינטלעך פרי־ער, פון סיבות אומדערוואַרטעטע און פרי־ער לחלוטין אוממעגלעכע, פון „העכערע“ סיבות ווי ביז איצט — „אויב מען קען זיך נאָר אויסדריקן, אַז עס זענען באמת פאַרהאַן סיבות העכערע און נידעריקע...“ דאָס האָט ער שוין אַליין צוגעגעבן.

יאָ, ער האָט דערגרייכט אויך צו דעם מצב. ער האָט גע־קעמפט מיט עפּעס העכערע סיבות, וועגן וועלכע ער וואָלט אפילו נישט קיין קלער געטון. אין זיין באַוווסטזיין און לויטן געוויסן האָט ער אָנגערופן אַלס העכערע די אַלע „סיבות“, פון וועלכע ער אַליין האָט (צו זיין פאַרוואונדערונג) בשום אופן נישט געקענט חוזק מאכן, וואָס עס איז ביז איצט נאָך נישט פאָרגעקומען, אָבער נאָר זייענדיק מיט זיך אַליין, פאַרשטייט זיך, אין געזעלשאַפט — איז אַן אַנדערע זאַך! ער האָט קלאָר געוווסט, אַז ווען די אומשטענדן זאָלן זיך צונויפקומען, וואָלט ער שוין מאָרגן הויך אויפן קול, נישט קוקנדיק אויף אַלע געהיימניספולע באַשלוסן אין זיין געוויסן, זיך רויק אָפּגעזאָגט פון די אַלע „העכערע סיבות“, אַליין, דער ערש־טער, פון זיי זיך אויסגעלאַכט, און זיך, פאַרשטייט זיך, נישט מודה געווען אין קיין שום זאַך. און עס איז טאַקע אַזוי געווען, נישט קוקנדיק אויף דער געוויסער, זאָגאַר זייער באַדייטנדער, מאָס פון דער אומאָפּהענגיקייט פון זיינע געדאַנקען, וועלכע ער האָט אויסגעקעמפט

אין דער לעצטער צייט באַ די „בידעריקע סיבות“, וועלכע ער האָט ביז איצט געהאַט. און וויפיל מאָל האָט ער אַליין, אויפהייבנדיק זיך אינדערפרי פון בעט, אָנגעהויבן זיך שעמען פאַר זיינע געדאַנקען און געפילן, וועלכע ער האָט אַדורכגעלעבט באַנאַכט, בעת דער שלאָפלאָזיקייט! (אין דער לעצטער צייט האָט ער כסדר געליטן פון שלאָפלאָזיקייט). ער האָט שוין לאַנג באַמערקט, אַז ער הייבט אָן אויסערגעוויינטלעך חושד זיין אַלץ און אַלעמען, סיי אין וויכטיקע ענינים און סיי אין קלייניקייטן. און דערפאַר האָט ער באַשלאָסן צו גלויבן זיך אַליין ווי מעגלעך ווייניקער. עס זענען אָבער געשען פאַקטן, וועלכע מען האָט בשום אופן נישט געקענט נישט אָנערקענען פאַר באמת פאָרגעקומענע. אין דער לעצטער צייט, אָפטמאָל באַנאַכט, פלעגן זיינע געדאַנקען און געפילן זיך אינגאַנצן ענדערן, אין פאַרגלייך מיט די אַמאָליקע און זענען על פי רוב נישט געווען ענלעך צו די, וועלכע ער האָט אַדורכגעלעבט אין דער ערשטער העלפט פון טאָג. דאָס האָט אים איבעראַשט — און ער האָט זיך אפילו בּאַראַטן מיט אַן אָנגעזעענעם דאָקטאָר, טאַקע מיט זיינעם אַ באַקאַנטן. פארשטייט זיך, אַז ער האָט גערעדט מיט אים אין אַ וויציקן טאָן.

ער האָט באַקומען אַן ענטפער, אַז דער פאַקט פון ענדערונג איז זאָגאַר צעשפּליטערונג פון די געדאַנקען און געפילן באַנאַכט, בשעת שלאָפלאָזיקייט, און בפרט באַנאַכט — איז אַן אַלגעמיינער פאַל צווישן מענטשן, וואָס „דענקען און פילן שאַרף“. איבערצייגונגען פון אַ גאַנץ לעבן ענדערן זיך פלוצלינג אונטערן מעלאַנכאָלישן איינדרוק פון נאַכט און שלאָפלאָזיקייט; אומדערוואַרט, אינמיטן דערינען, נעמט מען אָן די וויכטיקסטע באַשלוסן. אָבער אַלץ געשעט ביז אַ געוויסער מאָס — און אויב דער סוביעקט פילט שוין צו שטאַרק אין זיך די דאָזיקע צעשפּליטערונג, אַזוי אַז ער הייבט שוין אָן ליידן דערפון, איז עס, בלתי ספק, אַ סימפּטאָם, אַז די

קראַנקהייט האָט זיך שוין אָנגעהויבן. מען דאַרף דעריבער תיכף אָנגעבן מען וועלכע עס איז מיטלען. אַמבעסטן איז צו ענדערן דעם אופן פון לעבן, ענדערן די דיעטע און אפילו זיך אַרויסלאָזן אויף אַ נסיעה. ס'איז, פאַרשטייט זיך, נוצלעך אַ נסיעה וואָס זאָל אָפּשוואַכן.

וועלטשאַנינאָוו האָט מער נישט געוואָלט הערן. די קראַנקהייט האָט זיך אים אויסגעוויזן פאַר פולשטענדיק באַוויזן.

— הייסט דאָס, אַז דאָס אַלץ איז נאָר א קראַנקהייט, דאָס גאַנצע העכערע איז אַ קראַנקהייט און מער גאָרנישט — האָט ער, פאַרבייסנדיק די ליפּן, אויסגעשריגן אָפּט צו זיך. ער האָט זייער נישט געוואָלט מסכּים זיין דערמיט.

אינגיכן האָט זיך אויך אין די פרימאָרגנס אָנגעהויבן איבער־חזרן דאָס זעלבע, וואָס פלעגט געשען אויסשליסלעך אין די נאַכט־שעהן, אָבער מיט מער גיפטיקייט, ווי באַנאַכט, מיט רשעות, אָנשטאָט חרטה, מיט אַ בייזן שמייכל, אָנשטאָט באַגנעדיקונג. אין אמתן זענען דאָס געווען פאַרשידענע געשעענישן פון זיין פאַרגאַנגען, לאַנג פאַרגאַנגען לעבן, וועלכע זענען אים וואָס אַמאָל אָפטער אויפגעשווומען אין זכרון „פּלוצלינג און איין גאָט ווייסט פאַרוואָס". זיי האָבן זיך אים דערמאַנט אויף עפּעס אַ משונהדיקן אופן. וועלטשאַנינאָוו האָט זיך, למשל, שוין לאַנג באַקלאָגט, אַז ער האָט פאַרלוירן דעם זכרון: ער האָט פאַרגעסן דעם אויסזען פון פנימער פון באַקאַנטע מענטשן, וועלכע האָבן זיך דערפאַר באַליידיקט, ווען ער פלעגט זיי באַגעגנען. אַ בוך, וואָס ער האָט איבערגעלייענט מיט אַ האַלב יאָר צוריק, האָט ער אָפט לחלוטין פאַרגעסן אין משך פון דער דאַזיקער צייט. און וואָס־זשע? — נישט קוקנדיק דערויף, וואָס ער האָט כלומרשט אַלץ פאַרגעסן פון טאָג צו טאָג (צוליב וואָס ער האָט זיך שטאַרק באַאומרויִקט) — איז אַלץ, וואָס האָט געהאַט אַ שייכות מיט דער ווייטער פאַרגאַנגענהייט, אַלץ, וואָס ער האָט שוין צייט צען און זאָגאַר פופצן יאָר אינגאַנצן פאַרגעסן, — אויפגע־

שווּמען איצט אָפּט אין זיין זכּרון און מיט אַזאַ באַוווּנדערנדער פּינקטלעכקייט פון די איינדריקן און פּרטים, ווי ער וואָלט עס איצט אויפסניי איבערגעלעבט.

איינינקע פון די פּאַקטן, וועלכע ער האָט זיך איצט דערמאַנט, זענען שוין פריִער געווען אַזוי אויסגעמעקט פון זיין זכּרון, אַז דאָס אַליין איז שוין געווען אַ חידוש, וואָס ער האָט זיך געקענט וועגן זיי דערמאַנען. אָבער דאָס איז נאָך נישט געווען אַלץ; ווער-ז׳שע, וואָס האָט נאָר געמאַכט אַ ברייט לעבן, האָט נישט זיינע אייגנאַרטי-קע דערינערונגען? דער עיקר איז אָבער געווען דאָס, וואָס אַלץ, וואָס עס האָט זיך אים דערמאַנט, האָט זיך איצט צוריקגעקערט ווי מיט אַ דורך עמעצן, צוגעגרייטן, פולשטענדיק נייעם, אומדערוואַר-טעטן און פריִער כּמעט אויסגעשלאָסענעם שטאַנדפּונקט אויפן פּאַקט גופא. פאַרוואָס האָבן געוויסע דערינערונגען אים זיך אויסגעוויזן איצט, ווי פאַרבּרעכנס? און נישט נאָר וועגן די אורטיילן פון זיין פאַרשטאַנד האָט זיך עס געהאַנדלט: זיין טונקעלן, איינזאַמען און קראַנקן מוח וואָלט ער אָבער נישט געגלייבט. עס האָט אָבער דער-גרייכט ביז קללות און כּמעט ווי ביז טרערן, אויב נישט אויסער-לעכע איז אינערלעכע. נאָך מיט צוויי יאָר צוריק וואָלט ער נישט געגלייבט, ווען מען וואָלט אים געזאָגט, אַז ער וועט זיך אַמאָל צע-חיינען. לכתּחילה האָט ער זיך דערמאַנט נישט וועגן קיין מאָמענטן פון געפילן, נאָר וועגן נישט אָנגענומע, באַליידיקנדיקע פּאַקטן. ער האָט זיך דערמאַנט וועגן מפּלות, דערנידערונגען. ער האָט זיך דערמאַנט, ווי ס׳האָט אויף אים אויסגערעדט אַלדאָס ביז איינער, אַן אינטריגאַנט, צוליב וואָס מען האָט אים אויפגעהערט אויפצונעמען אין אַ געוויס הויז; ווי אַזוי מען האָט אים מיט אַזאַ קורצער צייט צו-ריק עפנטלעך און אויסדריקלעך באַליידיקט; ווי אַזוי מען האָט אים אַמאָל געטראָפן מיט אַ זייער שאַרפזיניקן עפּיגראַם אין אַ קרייז פון בלויז שיינענקע פרויען, און ער האָט נישט געפונען, וואָס צו

ענטפערן. ער האָט זיך אפילו אויך דערמאַנט וועגן אַ צוויי-דריי נישט געצאָלטע חובות, דעם אמת געזאָגט, לעכערלעכע, אָבער ערן-חובות, און ער איז שולדיק געבליבן אַזעלכע פאַרשוינען, מיט וועלכע ער האָט שוין לאַנג נישט געהאַט קיין מגע-ומשא און אויף אייניקע פון זיי האָט ער שוין אויסדערציילט שלעכטס. אים האָט אויך געמאַטערט אָבער בלויז אין די ערגסטע מינוטן) אַ דערינערונג וועגן צוויי גי-טער, וועלכע ער האָט פאַרשאַרלאַטאַנעוועט אויפן נאַרישסטן אופן, און ביידע גיטער זענען געווען באַדייטנדע, אָבער אינגיכן האָט ער זיך אויך אָנגעהויבן דערמאַנען וועגן „העכערן".

פלוצלינג האָט זיך אים, למשל, דערמאַנט אָן אַ פאַרוואָס און אָן אַ פאַרוואָס אַ פאַרגעסענע, אַ אינגאַנצן שוין פאַרגעסענע פיגור פון איינעם אַ גוטן אַלטעטשקן, אַ באַאַמטן, אַ גרויען און לע-כערלעכן, וועלכן ער האָט אַמאָל-אַמאָל באַליידיקט עפנטלעך און אומבאַשטראָפט, נאָר צוליב בייזוויליקייט, נאָר צוליב דעם, בכדי עס זאָל אים מיט דערפאָלג גיין אומזיסט עפעס אַ פריילעכער און גע-לונגענער וויץ, וואָס האָט אים פאַרשאַפט רום, און וועלכן מען האָט שפּעטער איבערגעחזרט. דעם דאָזיקן פאַקט האָט ער אויף אַזוי פיל פאַרגעסן, אַז ער האָט זיך אפילו נישט געקענט דערמאַנען דעם פאַ-מיליע-נאָמען פון אַלטעטשקן, הגם דער גאַנצער פאַל האָט זיך אים מיטאַמאָל פאָרגעשטעלט אין אַן אומבאַגרייפלעכער קלאָרקייט. ער האָט זיך גענוי דערמאַנט, אַז דער אַלטער האָט זיך דאַמאָלס אָנ-גענומען פאַר זיין טאָכטער, וואָס האָט געוווינט צוזאַמען מיט אים און פאַרגעסן אַלס מויד, וועגן וועלכער עס האָבן אין דער שטאָט אָנגעהויבן אַרומגיין עפעס קלאַנגען. דער אַלטעטשקער האָט געוואָלט ענטפערן און זיך אָנגעהויבן בייזערן, אָבער פלוצלינג האָט ער זיך צעוויינט אופן קול פאַר אַלע אין די אויגן, און דאָס האָט זאָגאַר געמאַכט אַ געוויסן איינדרוק. מען האָט געענדיקט דערמיט, וואָס, כדי זיך צו מאַכן לוסטיק, האָט מען אים דאַמאָלס אָנגעטרונקען

מיט שאַמפּאַנער און אָן א שיער געלאַכט. און ווען וועלטשאַנינאָוו האָט זיך איצט אין ביטן דערינען דערמאַנט וועגן דעם, ווי אַזוי דער אַלטיטשקער האָט געבליפּעט און זיך פאַרשטעלט דאָס פּנים מיט די הענט, ווי אַ קינד, האָט זיך אים פּלוצלינג אויסגעוויזן, ווי ער וואָלט קיינמאָל דאָס נישט אָנגעהויבן צו פאַרגעסן און ער האָט זיך געחידושט: אַמאָל האָט זיך אים דאָס אויסגעוויזן זייער לעכער-לעך, איצט-זשע — להיפך, און באַזונדערס די פּרטים, דהיינו: דאָס פאַרשטעלן מיט די הענט. דערנאָך האָט ער זיך דערמאַנט, ווי ער האָט, נאָר צוליב אַ שפּאַס באַרעדט אַ שיינעניקע פרוי פון אַ שול-לערער, און דאָס לשון-הרע איז דערגאַנגען צום מאַן. וועלטשאַני-נאָוו איז אינגיכן אַוועקגעפאָרן פון דער שטאָט און האָט נישט גע-ווּסט, וואָס עס זענען דאַמאָלס געווען די פאָלגן פון זיין מסירה. אָבער איצט האָט ער פּלוצלינג זיך אָנגעהויבן פאָרצושטעלן, מיט וואָס עס האָט זיך געענדיקט — און גאָט ווייסט, צו וואָס עס וואָלט דערגרייכט זיין פאַנטאַזיע, ווען ער וואָלט זיך פּלוצלינג נישט פאָר-געשטעלט אַ נעענטערע דערינערונג וועגן אַ מיידל פון פּראָסטן שטאַנד, וועלכע איז אים אפילו נישט געפעלן און מיט וועלכער ער האָט, דעם אמת זאָגנדיק, זיך געשעמט, נאָר מיט וועלכער ער האָט אליין, נישט ווּיסנדיק פאַרוואָס געלעבט, און זי האָט געהאַט פון אים אַ קינד. ער האָט זי טאַקע אַוועקגעוואָרפן צוזאַמען מיטן קינד, נישט געזעגענענדיק זיך אפילו, (עס איז באמת קיין צייט נישט געווען) ווען זי איז אַוועקגעפאָרן קיין פּעטערבורג. דאָס דאָזיקע מיידל האָט ער דערנאָך אַרומגעזוכט אַ גאַנץ יאָר, ער האָט זי אָבער בשום אופן נישט געקענט געפינען — איבעריקנס זענען אַזעלכע דערינע-רונגען געווען שיער נישט אין די הונדערטער — און אויף אַזאַ אופן, ווי יעדע איינציקע דערינערונג וואָלט מיטגעצויגן מיט זיך צענדליקער אַנדערע. ביסלעכווייז האָט אויך אָנגעהויבן ליידן זיין איגן ליבע.

מיר האָבן שוין אויבן דערמאנט, אַז זיין אייגנליבע האָט זיך פאַרוואַנדלט אין עפּעט אַ משונהדיק געפיל. אין געוויסע מינוטן (זייער זעלטענע, איבעריקנס) האָט ער זיך אזוי פאַרגעסן, אַז ער האָט זיך אפילו נישט גישעמט דערפאַר, וואָס ער פאַרמאָגט נישט זיין אייגענע קאַרעטע און שלעפּט זיך צופוס איבער די פאַרשידענע אינסטאנצן און וואָס ער איז געוואָרן אַ ביסל נישט-אָפּגעהיטן אין זיין קליידונג. און ווען עמעצער פון די אַלטע באַקאַנטע האָלט אים אָפּגעמאָסטן אויף דער גאַס מיט אַ שמייכלדיקן בליק, אָדער פּשוט זיך געמאַכט אים נישט דערקענען, וואָלט ער געהאַט אין זיך אַזוי פיל שטאָלץ, אַז ער וואָלט זיך אפילו נישט פאַרקרימט, ערנסט זיך נישט פאַרקרימט און נישט נאָך כדי צו מאַכן אַ בלויזן אָנשטעל. פאַרשטייט זיך, אַז דאָס איז געשען זייער זעלטן; דאָס פלעגט פאָרקומען נאָר אין יענע מינוטן, ווען ער האָט זיך פאַרגעסן און איז געווען אויפגערעגט. אָבער זיין אייגנליבע האָט זיך פאַרט ביסלעכווייז אָנגעהויבן צו דערווייטערן פון די פריערדיקע סיבות און זיך קאָנצענטרירן אַרום איין ענין, וואָס איז אים געקומען אויפן געדאַנק.

— אָט — פלעגט ער אַמאָל אָנהייבן דערקלערן סאַטיריש (און ער האָט כמעט שטענדיק, טראַכטנדיק וועגן זיך, אָנגעהויבן פון דער סאַטירע) — אָט זאָרגט זיך דאָרט עמעצער צו פאַרבעסערן מיין מאָראַלישן מצב און שיקט מיר די דאָזיקע פאַרשאָלטענע דערינערונגען און „טרערן פון חרטה“. זאָל זיין אַזוי, אָבער אומזיסט און אומנישט! איז עס דאָך אַ שיסעריי מיט פּוסטע קוילן! נו. ווייס איך דען נישט זיכער, זיכערער פון זיכער, אַז נישט קוקנדיק אויף די אַלע חרטה-טרערן און זעלבסט-פאַראורטיילונגען, האָב איך נישט אין מיר קיין איין טראָפּן זעלבסטשטענדיקייט, נישט קוקנדיק אויף מיינע זייער נאַרישע פערציק יאָר! זאָל זיך מיר דאַרפן טרעפן אַזאַ אייגענער נסיון, זאָלן זיך, למשל, שאַפן אַזעל-

כע אומשטענדן, אַז מיר זאָל זיין באַקוועם צו רויסצולאָזן אַ קלאַנג, אַז די לערערין פלעגט פון מיר נעמען מתנות — און איך וועל דאָך זיכער אַרויסלאָזן אַזאַ קלאַנג, איך וועל נישט אַ ציטער טון — און דער ענין וועט זיך אויסלאָזן נאָך ערגער און אומאָנגענעמער, ווי צום ערשטן מאָל, ווייל דאָס וועט שוין זיין דאָס צווייטע מאָל, און נישט דאָס ערשטע. נו, זאָל מיך נאָכאַמאָל באַליידיקן דער דאָזיקער פירשט, דער בן-יחיד בא זיין מאַמען, וואָס איך האָב אים מיט עלף יאָר צוריק אָ פּוס אָפּגעשאָסן — וועל איך אים באַלד אַרויסרופן און נאָכאַמאָל אַוועקזעצן אויף אַ קלאָץ. נו, זענען דען דאָס נישט קיין פּוסטע קוילן, און וואָס האָט עס פאַר אַ זין? צו וואָס דערמאַנען, ווען איך קען נישט אָנשטענדיק מיט מיר אַליין קאָטש חיפּיל עס איז איבערייסן?

און הגם עס האָט זיך נאָכאַמאָל נישט איבערגעחזרט דער פאַקט מיט דער לערערין, הגם ער האָט קיינעם נישט אַוועקגעזעצט אויפן קלאָץ, האָט אים אָבער דער געדאַנק וועגן דעם, אַז עס מוז זיך אומבאַדינגט נאָכאַמאָל איבערחזרן, ווען די אומשטענדן וואָלטן זיך צונויפגעטראָפן, דער דאָזיקער געדאַנק האָט אים אינגאַנצן דער-שלאָגן... פון צייט צו צייט. נישט שטענדיק דאַרף מען דאָך ליידן פון דערנידערונגען, מען קען זיך אָפּרוען און אַ הוליע טון — אין די הפסקות.

און וועלטשאַנינאָוו האָט אַזוי געטון: ער איז געווען גרייט אַ הו-ליע צו טון אין די הפסקות. אָבער וואָס ווייטער איז זיין לעבן אין פּעטערבורג — אים געוואָרן אַלץ אומאָנגענעמער. דער חודש יולי האָט זיך שוין דערנענטערט, אָפּט האָט אין אים אויפגעבליצט אַן אַנטשלאָסנקייט אַוועקצוואַרפן אַלץ, אויך דעם פּראָצעס גופא, און אוועקפאָרן וווהין עס איז, נישט אַרומקוקנדיק זיך, אָט אַזוי פלוצ-לינג, אומדערוואַרטעט, זאָל זיין טאַקע קיין קרים, למשל. אָבער אין אַ שעה אַרום האָט ער געוויינטלעך שוין פיינט באַקומען זיין

געדאַנק און אים אויסגעלאַכט: „די דאָזיקע שלעכטע מחשבותן תּעלן זיך אויף קיין שום אָרט נישט איבערייסן, אויב זיי האָבן זיך שוין איינמאָל באַוויזן און אויב איך בין נאָך וויפיל עס איז אַן אָרנטלעכער מענטש. הייסט דאָס, אַז עס איז נישטאָ וווהין צו אַנטלויפן פון זיי און אויך נישט צוליב וואָס".

— און נאָכוואָס אַנטלויפן — האָט ער אָנגעהויבן צו פילאָ-זאָפירן פון עגמת-נפש — דאָ איז אַזוי שטויביק, אַזוי דומפּיק, אין דעם הויז איז אַלץ אַזוי שמוציק, און די אָטעמען, איבער וועלכע איך שלעפּ זיך אַרום צווישן די אַלע געשעפטס-מענטשן — איז אַזאַ געמויזעכץ אַזוי פיל זאָרג; באַ אָט דעם גאַנצן המון, וואָס איז פאַרבליבן אין שטאָט, אויף די אַלע פּנימער, וואָס לויפן פאַרביי פון אינדערפרי ביז אָוונט — איז אַזוי נאַיוו און אויפריכטיק דער-ציילט זייער גאַנצע אייגנליבע, זייער גאַנצע אויפריכטיקע געמיינ-הייט, דאָס גאַנצע פּחדנות פון זייערע נשמהלעך, דאָס גאַנצע הי-נעררישקייט פון זייערע הערצלעך — אַז דאָ איז באמת אַ גן-עדן פאַר אַ מרה-שחורהניק, זייער ערנסט גערעדט, אַלץ איז אויפריכטיק, אַלץ איז קלאָר. אַלץ האַלט נישט פאַר נויטיק אפילו זיך צוצודעקן. ווי ערגעץ באַ אונדזערע פּרייזלינס אויף די זומער-וווינונגען, אָדער אויף די וואַסערן אין אויסלאַנד. אַלץ פאַרדינט דעריבער אַ סך מער די פּוסטע אַכטונג שוין פאַר דער אויפריכטיקייט און פּשוטקייט איך וועל אין ערגעץ נישט אוועקפאָרן! פּלאַצן וועל איך דאָ, און אין ערגעץ נישט אַוועקפאָרן!

## II.

## דער הער מיט קריעפּ אויפן הוט.

עס איז געווען דער דריטער טאָג אין יולי, די דומפּיקייט און היץ זענען געוואָרן נישט צו דערליידן. וועלטשאַנינאָוון האָט זיך אויסגעוויזן, אַז ער איז דעם טאָג געווען צום שטאַרקסטן פאַרנומען. אַ גאַנצן פרימאָרגן איז אים אויסגעקומען צו גיין און אַרומצופאָרן און נאָך היינט אין אָוונט האָט ער אומבאַדינגט געדאַרפט באַזוכן איינעם אַ וויכטיקן הער, אַ געשעפטס-מענטש און אַ שטאַטס-ראַט אויף זיין זומער-וווינונג, ערגעץ-ווו, באַם „שוואַרצן טייכל". און אים אומדערוואַרטעט טרעפן אינדערהיים. זעקס אַ זייגער איז וועלטשאַנינאָוו ענדלעך אַריינגעגאַנגען אין אַ רעסטאָראַן (זייער אַ פּרעכטיקן, אָבער אַ פּראַנצויזישן) אויפן ניעווסקי פּראָספּעקט באַ דער פּאָליציי-בריק. ער האָט זיך אַוועקגעזעצט אין זיין געוויינטלעך ווינקל באַ זיין טישל און געבעטן אים צו דערלאַנגען זיין טאָג-טעגלעך מיטאָג.

ער פלעגט יעדן טאָג אויפעסן אַ מיטאָג פאַר אַ רובל און פאַר וויין האָט ער געצאָלט באַזונדער, וואָס ער האָט געהאַלטן פאַר אַ קרבן, וועלכן ער האָט פון זיין גוטן פאַרשטאַנד געברענגט פון זיינע צעשטרייטע עסקים. וווּנדערנדיק זיך, ווי אַזוי מען קען עסן אַזאַ מיאוס מאכל, האָט ער פונדעסטוועגן אַלץ אַראָפּגעשלונגען ביזן לעצטן קרישל — און יעדעס מאָל מיט אַזאַ אַפּעטיט, ווי ער וואָלט פריער נישט געגעסן דריי מעת-לעת. „דאָס איז עפּעס

קראַנקהאַפּטעס" — האָט ער בייז געמורמלט צו זיך, באַמערקנדיק אַמאָל זיין אַפּעטיט. אָבער דאָסמאָל האָט ער זיך אַוועקגעזעצט ב… זיין טישל אין אַ זייער שלעכטער שטימונג. ער האָט ממש מ… האַרץ אַוועקגעוואָרפן ערגעץ-ווו זיין הוט, זיך אָנגעלענט אָן … צונויפגעביילטע פויסטן און פאַרטראַכט זיך. ווען זיין שכן, וו… האָט לעבן אים געגעסן מיטאָג, וואָלט אים וואָס עס איז פאַרטש… פעס, אָדער דאָס יינגל, וואָס האָט אים באַדינט, וואָלט אים צ… ערשטן מאָל נישט פאַרשטאַנען, וואָלט ער, ווערכער האָט געקענ… זיין אַזוי העפלעך און, ווען מען דאַרף, אַזוי הויכמוטיק — ניש… דערצערנענדיק, — זיכער אויפגעהויבן איצט אַ טומל און אפּע… אויך געמאכט אַן אַוואַנטורע.

מען האָט אים דערלאַנגט די זופּ, ער האָט גענומען דעם לעפ… אָבער פּלוצלינג, נישט באַוויינזנדיק אָנצונעמען אַ ביסל זופּ, האָט ע… אַוועקגעוואָרפן דעם לעפל אויפן טיש און שיער נישט אויפגעשפּרו… גען פון אָרט. אַן אומדערוואַרטעטער געדאַנק האָט אים איבעראַש… אין איין מאָמענט האָט ער — גאָט ווייסט, אויף וואָס פאַר … אופן! — פּלוצלינג אינגאַנצן באַגריפן די סיבה פון זיין בענקשאַפ… פון זיין באַזונדערער, אייגנאַרטיקער בענקשאַפט, וואָס האָט אי… געמאַטערט שוין איניקע טעג נאָכאַנאַנד. די גאַנצע לעצטע צייט … גאָט ווייסט, ווי אַזוי זי האָט זיך צו אים צוגעבונדן און גאָט ווייס… פאַרוואָס זי האָט בשום אופן נישט געוואָלט פון אים אַוועקגיי… איצט אָבער האָט ער שוין אַלץ דערזען און פאַרשטאַנען, ווי זיינ… פינף פינגער.

— אַלץ דער דאָזיקער הוט! — האָט ער אַ מורמל געטו… ווי באַגייסטערט. — נאָר דער איינער פאַרשאָלטענער רונדיקער הו… מיטן דאָזיקן אָפּשיילעכן טרויער-קרעפּ — איז די סיבה פון אַל… און אַלעם.

ער האָט אָנגעהויבן קלערן און וואָס מער ער האָט זיך איינ-

געטראַכט, אַלץ מוראדיקער און משונהדיקער איז געוואָרן אין זיי-נע אויגן דאָס „גאַנצע געשעעניש".

— און דאָך... וואָס איז דען דאָס אייגנטלעך פאַר אַ גע-שעעניש? — האָט ער ווי פּראָטעסטירט, נישט גלייבנדיק זיך אַליין. — איז דען דאָ פאַרהאַן וואָס עס איז ענלעכס צו אַ געשעעניש?

דער גאַנצער ענין איז באַשטאַנען אָט אין וואָס: שוין כמעט צוויי וואָכן, (געווי האָט ער נישט געדענקט, נאָר, דאַכט זיך, אַז צוויי וואָכן) ווי ער האָט צום ערשטן מאָל באַגעגנט אויף דער גאַס, ערגעץ-ווו באַם עק פּאָדיאַטשעסקאַיאַ און מיעשטשאַנסקאַיאַ, איינעם אַ הער מיט קרעפּ אויפן הוט. דער הער האָט אויסגעזען, אַזוי ווי אַלע זען אויס. עס איז אין אים נישט געווען גאָר נישט קיין באַ-זונדערס. ער איז אַדורכגעגאַנגען שנעל, נאָר אויף וועלטשאַנינאָוון האָט ער אַ קוק געגעבן שוין צו שטאַרק און האָט עפּעס מיטאַמאָל צוגעצויגן אויף זיך אַ געוואַלטיקע אויפמערקזאַמקייט. לכל הפחות זיין פיזיאָנאָמיע האָט זיך אויסגעוויזן וועלטשאַנינאָוון באַקאַנט. ער האָט, ווי עס ווייזט זיך אויס, ערגעץ-ווו און ווען-עס-איז אים גע-טראָפן. „און איבעריקנס, וויניק טויזנטער פיזיאָנאָמיעס האָב איך דען געטראָפן אין מיין לעבן — מען קען נישט אַלע געדענקען!"

אַדורכגייענדיק צוואַנציק טריט, האָט ער, ווייזט אויס, שוין פאַרגעסן דאָס באַגעגעניש, נישט קוקנדיק אויפן ערשטן איינדרוק. און דער איינדרוק איז פונדעסטוועגן פאַרבליבן אויף אַ גאַנצן טאָג — און אַ געוויס אָריגינעלער איינדרוק, ווי עפּעס אַן אייגנ-אַרטיקער, באַזונדערער כעס און אַן אַ שום סיבה. איצט, אין צוויי וואָכן אַרום, האָט ער זיך אַלץ געווי דערמאַנט. ער הגיט זיך אויך דערמאַנט, אַז ער האָט דאַמאָלס לחלוטין נישט פאַרשטאַנען, פון-וואַנען עס האָט זיך גענומען צו אים דער דאָזיקער כעס? און ער האָט אַזוי פיל נישט פאַרשטאַנען, אַז ער האָט קיין איין מאָל נישט דערנענטערט און נישט צונויפגעשטעלט זיין שלעכטע שטימונג אין

יענעם גאַנצן אָוונט מיטן באַגעגעניש אינדערפרי. אָבער דער הער האָט זיך אַליין צוגעאיילט דערמאַנען ווענן זיך: און האָט צומאָרגנס זיך ווידער צונויפגעשטויסן מיט וועלטשאַנינאָוון אויפן נעווסקי פּראָספּעקט און ווידער אַמאָל עפּעס מאָדנע אַ קוק געגעבן אויף אים.

וועלטשאַנינאָוו האָט אַ שפּיי געטון, נאָר אויסשפּייענדיק, האָט ער זיך תּיכּף געוווּנדערט, פאַרוואָס ער האָט דאָס געטון. אמת, עס זײַנען פאַרהאַן פיזיאָנאָמיעס, וואָס דערוועקן תּיכּף אַן עקל אָן שום ציל און סיבה.

— יאָ, איך האָב אים באמת ערגעץ־ווו געטראָפן — האָט ער אַ מורמל געטון פאַרקלערט שוין אין אַ האַלבע שעה אַרום נאָכן באַגעגעניש. דערנאָך איז ער דעם גאַנצן אָוונט געווען אין אַ זייער שלעכטער שטימונג. באַנאַכט האָט ער אפילו געהאַט עפּעס אַ זייער שלעכטן חלום, און דאָך איז אים קיין איין מאָל נישט געקומען אין קאָפּ אַריין, אַז די גאַנצע סיבה פון זײַן נייער און באַזונדערער מרה־שחורה — איז נאָר יענער אבל, הגם ער האָט יענעם אָוונט נישט איינמאָל זיך דערמאַנט ווענן אים. ער האָט זיך זאָגאַר אויף אַ ווײַלע צעבייזערט, וואָס אַזאַ „שטיק נבלה" וואַגט אַזוי לאַנג אים זיך צו דערמאַנען. צושרײַבן אים זײַן גאַנצע אויפרעגונג, וואָלט ער זיכער באַטראַכט פאַר דערנידעריקנד, אויב אַזאַ מחשבה וואָלט אים נאָר געקומען אין קאָפּ אַריין. אין צוויי טעג אַרום האָבן זיי זיך ווידער באַגעגנט צווישן אַ המון, בײַם אַראָפּגיין פון אַ שיף אויף דער נעוואַ.

איצט, צום דריטן מאָל, איז וועלטשאַנינאָוו געווען גרייט צו שווערן, אַז דער הער מיטן טרויער־הוט האָט אים דערקענט און זיך געריסן צו אים, ווערנדיק אָפּגעשלעפּט און געשטופּט דורכן המון. ער האָט, דאַכט זיך, ער האָט אפילו געוואַגט אויסצוציִען צו אים די האַנט; עס קען זײַן, אַז ער האָט אפילו אַ געשריי געטון און

אים גערופן אויף זיין נאָמען. דאָס לעצטע האָט וועלטשאַנינאָוו איבעריקנס נישט דערהערט קלאָר, אָבער...

— אָבער וועל-זשע איז, אייגנטלעך, דער דאָזיקער מנוול, און פאַרוואָס גייט ער נישט צו צו מיר, אויב ער דערקענט מיך טאַקע באמת און אויב עס גליסט זיך אים אַזוי שטאַרק צוצוגיין? — האָט ער, בייזערנדיק זיך, אַ טראַכט געטון, אַרויפזעצנדיק זיך אויף אַ דראָזשקע און אַוועקפאָרנדיק צום סמאָלנע מאָנאַסטיר. אין אַ האַלבער שעה אַרום האָט ער שוין געליאַרעמט און זיך געקריגט מיט זיין אַדוואָקאַט. אָבער אין אָוונט און בּאַנאַכט האָט ער ווידער געליטן פון אַ מוראדיקער און פאַנטאַסטישער בענגשאַפט. „צי פּלאַצט נישט אַמאָל די גאַל?" — האָט ער אין ספק זיך געפרעגט קוקנדיק אין שפּיגל.

דאָס איז געווען די דריטע באַגעגעניש. דערנאָך האָט ער פינף טעג כסדר נישט געטראָפן לחלוטין „קיינעם" און וועגן „מנוול" איז געוואָרן שאַ-שטיל. און בינו-לבינו פלעגט ער זיך אין מיטן דערינען דערמאַנען וועגן הער מיטן קרעפּ אויפן הוט, וועלטשאַנינאָוו האָט זיך שטאַרק געחידושט דערויף.

— וואָס איז, עס בענגט זיך מיר נאָך אים, צי וואָס? הם!... און מעגלעך, אַז ער האָט אויך אַ סך צו טון אין פעטערבורג, — און נאָך וועמען טראָגט ער טרויער? ער האָט, ווייזט אויס, מיך דערקענט און איך דערקען אים נישט. און פאַרוואָס טון-אָן אַזעלכע מענטשן קרעפּ? עס פּאַסט עפּעס נישט צו זייער פּנים... מיר ווייזט זיך אויס, אַז ווען איך וועל בעסער אויף אים אַ קוק טון, וועל איך אים דערקענען...

און עפּעס אַזוינס האָט זיך ווי אָנגעהויבן רירן אין זיין זכּרון, עפּעס אַ באַקאַנט, נאָר פאַרוואָס-עס-איז פּלוצלינג פאַרגעסן, וואָרט, וואָס דו ווילסט מיט אַלע כּוחות זיך דערמאַנען. דו קענסט עס זייער גוט, און ווייסט אויך, אַז דו קענסט עס: דו ווייסט, וואָס עס

באַדייט, ווייסט אַלץ אַרום און אַרום. נאָר דאָס וואָרט אַליין וויל זיך בשום אופן נישט דערמאָנען, ווי די זאָלסט זיך איבער עס נישט מאַטערן!

— ראָס איז געווען... דאָס איז געווען לאַנג... דאָס איז געווען דאָרט... דאָס איז געווען, געווען... — נו, כאַפּט עס אינ־גאַנצן דער טייוול, וואָס דאָס איז געווען, און וואָס דאָס איז נישט געווען!... — האָט ער פּלוצלינג בייז אויסגעשריגן. — און צי לוינט זיך צוליב דעם דאָזיקן מנוול אַזוי פיל מאַטערן און דערנידעריקן?...

ער האָט זיך שרעקלעך צעבייזערט, אָבער אין אָוונט, ווען ער האָט זיך דערמאָנט, אַז ער האָט זיך פּלוצלינג צעבייזערט און נאָך „שרעקלעך" דערצו — איז אים געוואָרן זייער אומאָנגענעם: עמעצער האָט אים געכאַפּט ווי באַ עפּעס אַ מעשה. אים איז גע־וואָרן אומעטיק, און ער האָט זיך געחידושט:

און צומאָרגנס האָט ער זיך נאָך שטאַרקער צעבייזערט, אָבער דאָסמאָל האָט זיך אים אויסגעוויזן, אַז עס איז געווען פּאַרהאָס, און אַז ער איז פולשטענדיק גערעכט. „ס'איז געווען אַן אומדער־הערטע חוצפה". דהיינו: עס איז פאָרגעקומען דאָס פערטע באַגע־געניש. דער הער מיטן קרעפּ האָט זיך פאַר אים ווידער באַוויזן, ווי פון אונטער דער ערד אַרויס.

וועלטשאַנינאָוו האָט נאָר וואָס געכאַפּט אויף דער גאַס דעמ־זעלבן שטאַטס-ראַט און נייטיקן הער, וועלכן ער האָט אויך איצט געכאַפּט, בכדי אים צו פאַרשלעפּן אויף דער זומער-וווינונג אומדערוואַרטעט, ווייל דער דאָזיקער באַאַמטער, וועלכן וועלטשאַ־נינאָוו האָט קוים געקענט, און וועלכער איז אים געווען נייטיק צו־ליב זיין ענין, האָט אויך דאַמאָלס, ווי איצט, זיך נישט געלאָזט כאַפּן און, ווי עס ווייזט אויס, זיך באַהאַלטן, נישט ווילנדיק פון זיין זייט בשום אופן זיך באַגעגענען מיט וועלטשאַנינאָוון, דערפרייענ־

דיק זיך, אַז ער האָט אים סוף־כל־סוף באַגעגנט. איז וועלטשאַנינאָוו אַװעקגעגאַנגען מיט אים צוזאַמען, איילנדיק זיך, אַריינקוקנדיק אים אין די אויגן און אָנשטרענגענדיק אַלע כּוחות, בכדי אַרויסצופירן דעם געביפטן זקן אויף אַ טעמע, אויף אַ געשפּרעך, אין װעלכן ער װאָלט זיך אפשר אַרויסגערעדט און ווי עס איז אַרויסגעכאַפּט מיט איין נייטיק זון לאַנג דערוואַרט וואָרט; אָבער דער געביפּטער זקן איז אויך געווען באַם שכל און האָט זיך געפּרוווט אַרויסדרייען. און אָט טאַקע אין דער אויסערגעוויינטלעך־שפּאַנענדער מינוט, האָט וועלטשאַנינאָוו בליק פלוצלינג דערקענט אויפן קייגנאיבערדיקן טראָטואַר דעם הער מיטן קרעפּ אויפן הוט. ער איז געשטאַנען און אויפמערקזאַם געקוקט פון דאָרט אויף זיי ביידע. ער האָט זיי נאָכגעקוקט, דאָס איז געווען קלאָר, און האָט, דאַכט זיך, אפילו צוגעשמייכלט.

— דער טייוול כאַפּט עס! — האָט וועלטשאַנינאָוו זיך אויפגערעגט, באַגלייטנדיק שוין דעם באַאַמטן און צושרייבנדיק זיין גאַנצן דורכפאַל מיט אים דעם אומדערוואַרטעטן באַווייזן זיך פון דאָזיקן „מנוול‟. — דער טייוול כאַפּט עס, ער שפּיאָנירט מיר נאָך, צי וואָס! ער קוקט מיר נאָך, ווייזט אויס.

— עס האָט אים עמעצער געדונגען, צי וואָס, און... און, ווי איך האָב גאָט אין האַרצן: ער האָט געשמייכלט! איך שווער, אַז איך וועל אים צעברעכן די ביינער... אַ שאָד נאָר, וואָס איך גיי אָן אַ שטעקן! איך וועל דאָס אַזוי נישט איבערלאָזן! ווער איז ער דאָס? איך וויל אומבאַדינגט וויסן, ווער ער איז!

ענדלעך, פונקט אין דריי טעג אַרום נאָכן דאָזיקן (פּערטן) באַגעגעניש, טרעפן מיר וועלטשאַנינאָוון אין זיין רעסטאָראַן, ווי מיר האָבן באַשריבן, שוין אינגאַנצן אין ערנסט אויפגעבראַכט און זאָגאַר אַ ביסל פאַרלוירן. זיך נישט מודה זיין דערין האָט נישט געקענט אפילו ער אַליין, נישט קוקנדיק אויף זיין גאַנצער גאווה. ער איז

ענדלעך געווען געצווונגען זיך אָנצושטויסן, צינויפשטעלנדיק אַלע אומשטענדן, אַז די סיבה פון זיין גאַנצער ״ה־שחורה״, פון זיין באַזונדערער בענקשאַפט און פון אַלע זיינע איבערגעגנגען אין משך פון די צוויי וואָכן — איז געווען נישט קיין אַנדערער, ווי דער זעלבער אבל, נישט קוקנדיק אויף זיין גאַנצער „נישטיקייט״.

— זאָל זיין, אַז איך בין אַ מרה־שחורהניק — האָט וועל־טשאַנינאָוו געטראַכט — איך בין, הייסט עס, גרייט צו מאַכן פון אַ פליג אַ העלפאַנט, אָבער צי איז מיר לייכטער דערפון, וואָס דאָס אַלץ איז אפשר נאָר אַן אילוזיע אַ פאַנטאַזיע? אויב יעדער איינציקער ענלעכער שווינדלער וועט זיין בכוח אינגאַנצן איבערצודרייען אַ מענטש, איז עס דאָך... איז עס דאָך...

און, באמת, בשעתן דאָזיקן היינטיקן (פינפטן) באַגעגעניש, וואָס האָט אַזוי אויפגעבראַכט וועלטשאַנינאָוון, האָט זיך דער העל־פאַנט באַוויזן, ווי כמעט אינגאַנצן א פליג: דער דאָזיקער הער האָט זיך, ווי פריער אין איילעניש אַדורכגעגנבעט, אָבער דאָס מאָל האָט ער שוין נישט באַטראַכט וועלטשאַנינאָוון און נישט געמאַכט ווי פריער קיין אָנשטעל, אַז ער דערקענט אים. ער האָט, להיפך, אַראָפּ־געלאָזט די אויגן און האָט, ווי עס ווייזט אויס, געוואָלט, אַז מען זאָל אים גופא נישט באַמערקן. וועלטשאַנינאָוו האָט זיך אומגע־דרייט און אויסגעשריגן צו אים אויפן גאַנצן קול:

— הע, איר קרעפּ אויפן הוט! איצט באַהאַלט איר זיך! שטייט: ווער זענט איר דאָס אַזעלכער?

די פראַגע (און דאָס גאַנצע געשריי) איז געווען זייער זינ־לאָז. אָבער וועלטשאַנינאָוו האָט זיך אָנגעשטויסן וועגן דעם, שוין אָפּשרייענדיק. אויפן דאָזיקן געשריי האָט זיך דער הער אומגע־דרייט, איף אַ מינוט זיך אָפּגעשטעלט, זיך פאַרלוירן, אַ שמייכל געטון, ער האָט עפּעס געוואָלט עפּעס זאָגן, עפּעס טון — איין מינוט איז ער, ווי עס ווייזט אויס, געווען שרעקלעך הילפלאָז. אָבער

פּלוצלינג האָט ער זיך אַ דריי געטון און שנעל אַוועקגעלאָפן
אומקוקנדיק זיך, יעלטשאַנינאָו האָט אים נאָכגעקוקט פאַר..נ־
דערט.

— און וואָס־זשע איז — האָט ער געקלערט — וואָס־זשע
איז. אַז איך טשעפּע זיך אין דער ווירקלעכקייט צו אים און נישט
ער — צו מיר, און דאָס איז די גאַנצע קונץ?

אָפּעסנדיק מיטאָג איז ער ווי צום גיכסטן אַוועקגעפאָרן צו
באַאַמטן אויף דער זומער־וווינונג. דעם באַאַמטן האָט ער נישט גע־
טראָפן. מען האָט געענטפערט, אַז „דער הער איז פון אינדערפרי
נישט צוריקגעקומען און וועט אוודאי נישט צוריקקומען היינט פאַר
דריי אָדער פיר אַ זייגער באַנאַכט, ווייל ער איז פאַרבליבן אין
שטאָט בײַ איינעם, וואָס פייערט היינט זיין געבורטס־טאָג". דאָס
איז געווען אַזאַ „באַליידיקונג", אַז אין ערשטן כּעס האָט וועלטשאַ־
נינאָוו געוואָלט אַוועקפאָרן צום בעל־שמחה און איז טאַקע אַוועקגע־
פאָרן. אָבער אויפן וועג האָט ער פאַרשטאַנען, אַז ער פאַרגייט ז
ווייט און האָט אָפּגעלאָזט אינמיטן וועג דעם בעל־עגלה, אַוועק
שלעפּנדיק זיך צופוס צו זיך, צום גרויסן טעאַטער. ער האָט גע־
פילט, אַז ער דאַרף זיך אַ ביסל דורכגיין, כּדי צו באַרויקן די צ
רודערטע נערוון, האָט ער געדאַרפט באַנאַכט זיך אויסשלאָפן,
כּדי ער זאָל איבּ נישט אָנקומען, נישט קוקנדיק אויף דער שלאָ
לאָזיקייט. און כּדי איינצושלאָפן האָט ער געדאַרפט לכל־הפּחות מי
צו ווערן. אויף אַזאַ אופן האָט ער זיך דערשלעפּט אַהיים שוין
האַלבּ עלף אַ זייגער, ווייל דער וועג איז נישט געווען קיין נאָנ
טער — און ער איז באמת מיד געוואָרן.

די דירה, וועלכע ער האָט געדונגען אין חודש מערץ, וועל־
כע ער האָט אַזוי געטאַדלט און געשאָלטן, אַנשולדיקנדיק זיך פאַר
זיך אליין דערמיט, וואָס „דאָס אַלץ איז צייטווייליק" און וואָס ער
איז געבליבן „שטעקן" אין פעטערבורג אומדערוואַרטעט צוליבן דאָ

זיקן „פאַרשאָלטענעם עסק", — די דאָזיקע דירה זײַנע איז גאָר־
נישט אַזאַ שלעכטע און אַזאַ מיאוסע, ווי ער אַליין פלעגט זיך
אויסדריקן וועגן איר. דער אַרײַנגאַנג איז באמת געווען אַ ביסל
פינסטערלעך און „פאַרשמאָדערט", הינטערן טויער אַרונטער. אָבער
די דירה אַליין, אויפן צווייטן שטאָק, איז באַשטאַנען פון צוויי
גרויסע ליכטיקע און הויכע שטובן, וואָס זענען געווען אָפּגעטיילט
איינע פון דער צווייטער דורך אַ פינסטערן קאָרידאָר און וואָס
זענען אויף אַזאַ אויפן אַרויסגעגאַנגען איינע אויף דער גאַס, און די
צווייטע — אין הויף לעבן דער שטוב, וואָס אירע פענסטער זענען
אַרויסגעגאַנגען אין הויף האָט זיך געפונען בײַ דער זײַט אַ קליינער
קאַבינעט, וואָס איז געווען באַשטימט פאַר אַ שלאָפצימער. אָבער
בײַ וועלטשאַנינאָוון האָבן זיך דאָרט אַרומגעוואַלגערט אין אומאָרד־
נונג ביכער און פאַפירן, געשלאָפן איז ער אין איינער פון די גרוי־
סע שטובן, אין דער זעלבער, וואָס אירע פענסטער זענען אַרויסגע־
גאַנגען אויף דער גאַס. מען האָט אים אויסגעבעט אויף דער קאַ־
נאַפּקע, ער האָט געהאַט אָנשטענדיק מעבל, הגם שוין אָפּגענוצטס.
עס האָבן זיך אויך אויסער דעם געפונען אייניקע טײַערע חפצים —
איבערבלײַבענישן פון אַמאָליקן וווילבאַשטאַנד: שפּילצייגן פון
בראָנז און פאַרפאָר, גרויסע עכטע בוכאַרער דיוואַנעס. עס זענען
אויך גאַנץ געבליבן צוויי נישט־שלעכטע בילדער. אָבער אַלץ איז
געווען אין אַ שרעקלעכער אומאָרדנונג, נישט אויף זיין אָרט און
אפילו פאַרשטויבטע פון דאַמאָלס, זייט דאָס דינסט־מיידל פעלאַגעיאַ
איז אַוועקגעגאַנגען אויף אַ באַזוך צו אירע אייגענע אין נאָווגאָ־
ראָד און האָט אים איבערגעלאָזט אַליין. דער דאָזיקער פאַקט, וואָס
איינאיינציק מיידל האָט באַדינט אַן אומפאַרהייראַטן מאַן פון דער
העכערער געזעלשאַפט, וועלכער האָט נאָך אַלץ געוואָלט אָפּהיטן
די האַלטונג פון אַ דושענטלמאַן, האָט כמעט געצווונגען וועלטשאַ־
נינאָװן זיך צו פאַרויטלען, הגם ער איז געווען זייער צופרידן פון

פעלאַגעיאַן. דאָס דאָזיקע מיידל האָט זיך פאַרדונגען צו אים אין דער זעלבער מינוט, ווען ער האָט פריילינגס־צייט געדונגען די וווינונג. זי איז נאָר־וואָס אַוועקגעגאַנגען פון דער שטעל אין אַ באַקאַנט פאַמיליען־הויז, וואָס איז אַוועקגעפאָרן קיין אויסלאַנד. זי האָט באַלד געמאַכט בײַ אים אַן אָרדנונג, אָבער ווען זי איז אַוועקגעפאָרן, האָט ער שוין קיין צווייטע פּרויעקצימער, אַ דינסט, זיך נישט אַנטשלאָסן צו דינגען. אַריינעמען אין שטוב אַ לאָקיי אויף אַ קורצע צייט האָט נישט געלוינט, און ער האָט בכלל נישט ליב קיין לאָקייען. און ער האָט זיך אייגעאָרדנט אַזוי, אַז יעדן פרימאָרגן איז געקומען אויפרוימען זיינע שטובן דער הויז־וועכטערינס שוועסטער מאַווראַ, בײַ וועמען ער האָט אויך איבערגעלאָזט דעם שליסל, אַרויסגייענדיק פון הויף. זי האָט כמעט גאָר־נישט געטון, געגומען געלט און, דאַכט זיך, געגנבעט. אָבער ער האָט שוין אויף אַלץ אַוועקגעמאַכט מיט דער האַנט און איז זאָגאַר געווען זייער צופרידן, וואָס ער פאַרבלייבט איצט איינגאַנצן אַליין אינדערהיים. אָבער אַלץ ביז אַ געוויסער מאָס — און זיינע נערוון האָבן אָפּט, אין זייער שלעכטע מינוטן, נישט מסכים געווען צו ליידן פון דאָזיקן „שמאָדער” און צוריקקומענדיק אַהיים, איז ער כמעט יעדעס מאָל מיט עקל אַריינגעגאַנגען אין זיינע שטובן.

אָבער דאַסמאָל האָט ער כמעט זיך נישט גענומען קיין צייט זיך אויסצוטון. ער האָט זיך אַוועקגעוואָרפן אויפן בעט און אויפגערעגט באַשלאָסן נישט צו טראַכטן וועגן קיין שום זאַך און, וואָס עס זאָל נישט זיין, איינשלאָפן אויגנבליקלעך. און אַ חידוש: ער איז פּלוצלינג איינגעשלאָפן, ווי נאָר זיין קאָפּ האָט באַוויזן זיך צו־צורירן צום קישן. אַזוינס האָט שוין בײַ אים נישט פּאַסירט אַ חודש צייט.

ער איז אַדורכגעשלאָפן אַן ערך דריי שעה. ער האָט אָבער געהאַט זייער אַן אומרויִקן שלאָף. אים האָבן זיך געחלומט עפּעס

משונהדיקע חלומות, וועלכע מען האָט געוויינטלעך, ווען מען וואַרפט זיך אין קדחת. דער ענין איז באַשטאַנען פון עפּעס אַ פאַרברעכן, וועלכעס ער זאָל כלומרשט האָבן באַגאַנגען און פאַרהוילן און אין וועלכן עס האָבן אים אין איין קול באַשולדיקט מענטשן, וואָס האָבן געהאַלטן אין איין אַריינקומען צו אים פון ערגעץ-ווו. עס האָט זיך צונויפגעזאַמלט אַ שרעקלעכער המון, אָבער די מענטשן האָבן נישט אויפגעהערט אַריינצוקומען, אַזוי אַז די טיר האָט זיך נישט פאַרמאַכט און איז געווען אָפן אין דער גאַנצער ברייט. אָבער דער גאַנצער אינטערעס האָט זיך ענדלעך קאָנצענטרירט אויף איינעם אַ משונהדיקן פאַרשוין, וועלכער איז אים אַ מאָל געווען נאָענט און באַקאַנט, וועלכער איז שוין געשטאָרבן און איצט פאַרוואָס-עס-איז פּלוצלינג אויך צו אים אַריינגעקומען. מער פון אַלץ האָט אים געמאַטערט דאָס, וואָס וועלטשאַנינאָוו האָט נישט געוווּסט, וואָס איז דאָס פאַר אַ פאַרשוין, ער האָט פאַרגעסן זיין נאָמען און זיך בשום אופן נישט געקאָנט דערמאַנען. ער האָט געוווּסט נאָר דאָס, אַז ער האָט אים ווען-עס-איז זייער ליב געהאַט. פון דאָזיקן מאַן האָבן אַלע אַנדערע אַריינגעקומענע ווי דערוואַרט דאָס וויכטיקסטע וואָרט: וועלטשאַנינאָווס באַשולדיקונג אָדער ריינוואַשונג, און אַלע זענען געווען אומגעדולדיק.

אָבער ער איז געזעסן אומבאַוועגלעך באַם טיש, האָט געשוויגן און נישט געוואָלט רעדן. דער טומל האָט זיך איינגעשטילט, די אייפרעגונג איז געוואַקסן, און וועלטשאַנינאָוו האָט פּלוצלינג, אין משוגעת, אַ קלאַפּ געטון דעם פאַרשוין דערפאַר, וואָס ער האָט נישט געוואָלט רעדן, און וועלטשאַנינאָוו האָט געהאַט דערפון אַ מאָדנע פאַרגעניגן. דאָס האַרץ איז אים אָפּגעשטאָרבן פון שרעק און עגמת-נפש פאַר זיין טאַט, נאָר אין דאָזיקן אָפּשטאַרבן איז טאַקע געווען דאָס פאַרגעניגן. אַלע האָבן שרעקלעך געשוויגן און, אָפּוואַרטנדיק, זיך געווענדט צו דער טיר. אין דאָזיקן מאָמענט האָבן

זיך דערהערט דריי קלינגענדיקע קלעפּ אין גלעקל, נאָר מיט אַזאַ קראַפט, ווי מען וואָלט געוואָלט אַראָפּרייסן דאָס גלעקל פון דער טיר.

וועלטשאַנינאָוו האָט זיך אויפגעכאַפּט און דערוואַכט געוואָרן אין איין רגע. ער איז געווען פעסט איבערצייגט, אַז דאָס קלינגען אין גלעקל איז נישט קיין חלום און אַז עס האָט באמת עמעצער געקלינגען צו אים אין דער מינוט. „עס וואָלט געווען צופיל אומנאַטירלעך, ווען אַזאַ קלאָרער, ווירקלעכער, ממשותדיקער קלונג זאָל זיך מיר בלויז חלומען אין שלאָף"!

אָבער צו זיין גרויסער פאַרוווּנדערונג האָט אויך דער קלונג פון גלעקל זיך אַרויסגעוויזן אַלס חלום. ער האָט געעפנט די טיר און איז אַרויסגעגאַנגען אין קאָרידאָר, ער האָט אפילו געכאַפּט אַ קוק אויף די טרעפּ — ס'איז אָבער קיינער נישט געווען. דאָס גלעקל איז געהאָנגען אומבאַוועגלעך. מיט אַ פאַרוווּנדערונג און גלייכצייטיקער פרייד, איז ער צוריק אַריינגעגאַנגען אין שטוב. אָנצינדנדיק אַ ליכט, האָט ער זיך דערמאַנט, אַז די טיר איז נאָר געווען פאַרמאַכט און נישט פאַרשלאָסן אויפן שלאָס און ריגל. ער האָט אויך פריער, צוריקקומענדיק אַהיים, אָפט פאַרגעסן צו פאַרשליסן די טיר אויף באַנאַכט, נישט האַלטנדיק דאָס פאַר באַזונדערס וויכטיק. פעלאַגעיאַ האָט אים אייניקע מאָל דערפאַר אויסגעמוסרט. ער איז צוריק אַריינגעגאַנגען אין קאָרידאָר, כדי צו פאַרמאַכן די טיר און האָט זי נאָכאַמאָל געעפנט, אַ קוק געגעבן אין פאָדער־הויז און נאָר פאַריגלט דעם ריגל. דעם שליסל אין דער טיר האָט ער זיך פאַרט געפוילט א דריי צו טון. דער זייגער האָט געקלונגען האַלב דריי. ער איז, הייסט עס, אַדורכגעשלאָפן דריי שעה.

דער חלום האָט אים אַזוי אויפגערעגט, אַז עס האָט זיך גים שוין נישט געגלוסט צו לייגן זיך בהלר ווייטער, און ער האָט באַ־

שלאָסן אַרומצוגיין איבער דער שטוב א האַלבע שעה — „ס'איז צייט צו פאַרייכערן אַ פּאַפּיראָס". אָנטועענדיק זיך אויף דער שנעל, איז ער צוגעגאַנגען צום פענסטער, אויפגעהויבן דעם דיקן גאַרדין און הינטער אים דעם ווייסן שטאָר. אויף דער גאַס איז אינגאַנצן ליכטיק געוואָרן די ליכטיקע, זומערדיקע פּעטערבורגער נעכט האָבן שטענדיק אויפגערעגט זיינע נערוון און אין דער לעצטער צייט נאָר מיטגעווירקט צו זיין שלאָפלאָזיקייט, אַזוי אַז ער האָט מיט צוויי וואָכן צוריק בכיוון פאַרהאָנגען די פענסטער מיט אָט די דיקע גאַרדינען, וואָס האָבן נישט אַדורכגעלאָזט קיין ליכט, ווען מען האָט זיי אינגאַנצן אַראָפּגעלאָזט.

אַדורכלאָזנדיק די שיין און פאַרגעסנדיק אויפן טיש דאָס אָנגעצונדענע ליכט, האָט ער אָנגעהויבן אַרומצושפּאַצירן אהין און צוריק, נאָך אַלץ מיט עפּעס אַ שווער, קראַנק געפיל. דער איינדרוק פון חלום האָט נאָך כסדר געווירקט. ער האָט נאָך ווייטער ערנסט געליטן דערפון, וואָס ער האָט געקענט אויפהייבן די האַנט אויף דאָזיקן מענטש און אים שלאָגן.

— אָבער דער דאָזיקער בשר-ודם איז נאָך נישטאָ און איז קיינמאָל נישט געווען. עס איז נאָר אַ חלום.

מיט אַ פאַרביטערונג און ווי אין דעם וואָלטן באַשטאַנען אַלע זיינע זאָרגן, האָט ער אָנגעהויבן קלערן, אַז ער ווערט אומ-אַדינגט קראַנק, אַ „קראַנקער מענטש".

אים איז שטענדיק געווען שווער זיך מודה צו זיין, אַז ער ווערט שוואַך, און פון בייזקייט האָט ער, אין שלעכטע מינוטן, אָנגעהויבן איבערצוטרייבן סיי דאָס און סיי יענץ, בכיוון, בכדי זיך אַליין איינצורעדן.

— אַלטקייט! איך ווער אינגאַנצן אַלט, — האָט ער געברומט, שפּרייזנדיק אַהין און צוריק — איך פאַרליר דעם זכרון, איך זע האַלוצינאַציעס, חלומות, גלעקלעך קלינגען... כאַפּט עס דער טייוול!

פון מיין געניטקייט ווייס איך, אז אזעלכע חלומות האָבן שטענדיק באַדייט פאַר מיר אַ פיבער... איך בין איבערצייגט, אַז אָט די גאַנ-צע מעשה מיטן קרעפ — איז אויך, אפשר, נאָר אַ חלום. איך האָב דאָך באמת נעכטן אַ קלער געטון: איך טשעפּע זיך צו אים צו און נישט ער צו מיר? איך האָב פון אים אַ פּאָעמע פּאַרפּאַסט און בין אַליין פאַר שרעק אונטערן טיש אַרונטערגעקראָכן. און פאַרוואָס רוף איך אָן כלב? עס קען זיין, ער איז זייער אַן אָרנטלעכער מענטש. דאָס פנים איז טאַקע נישט קיין אָנגענעמס. הגם גאָר שטאַרק מיאוס איז עס נישט, אָנגעטון, אזוי ווי אַלע, נאָר דער בליק איז עפּעס אַ... און ווידער בין איך בײַ דער מיינונג! איך קלער ווידער וועגן אים! און וואָס, צום טייוול, גייט מיך אָן זיין בליק? לעבן קען איך איך נישט אָן אָט דעם כלב, צו וואָס?

צווישן אַנדערע געדאַנקען, וואָס האָבן אויפגעבליצט אין זיין מוח, האָט איינער אים באַזונדערס וויי געטון; ער האָט זיך פלוצ-לינג ווי איבערצייגט, אַז דער דאָזיקער הער מיטן קרעפ איז וועגן עס איז געווען מיט אים נאָנט באַקאַנט און איצט, באַגעגנענדיק אים, לאַכט ער פון אים, ווייל ער ווייסט עפּעס זיינס אַ פריערדיקן גרויסן סוד און זעט אים איצט אין אַזאַ שפלדיקן מצב. ער איז ווי מעכאַניש צוגעגאַנגען צום פענסטער, כדי עס צו עפענען און אַן אָטעם טון מיט נאַכט-לופט און — און פלוצלינג האָט ער אינ-גאַנצן אויפגעציטערט: אים האָט זיך אויסגעוויזן, אַז פאַר זיינע אויגן איז פלוצלינג פאָרגעקומען עפּעס אומדערהערטעס און אומ-געווייניטלעכעס.

ער האָט נאָך נישט באַוויזן צו עפענען דאָס פענסטער און האָט זיך וואָס גיכער אָפּגערוקט אין ווינקל בײַ דער זייט פון פענסטער און זיך באַהאַלטן; אויפן ליידיקן קייגנאיבערדיקן טראָטואַר האָט ער פלוצלינג דערזען, פונקט פאַרן הויז, דעם הער מיטן קרעפ אויפן הוט. דער הער איז געשטאַנען אויפן טראָטואַר מיטן פנים

צו זיינע פענסטער. ווי עס ווייזט אויס, האָט ער אים נישט באַמערקט און בייגעריק, ווי עפּעס טראַכטנדיק, באַקוקט דאָס הויז. עס ווייזט אויס, אַז ער האָט עפּעס באַקלערט און האָט זיך אויף עפּעס אַנטשלאָסן; ער האָט אויפגעהויבן די האַנט און ווי צוגעשטעלט דעם פינגער צום שטערן. ענדלעך האָט ער זיך אַנטשלאָסן: האָט זיך שנעל אַרומגעקוקט און אַדורכגנבענדיק זיך אויף די שפּיץ-נעגל, אייליק אָנגעהויבן אַדורכגיין דורך דער גאַס. יאָ, אַזוי איז עס; ער איז אַרייַנגעגאַנגען אין טויער און צוגעגאַנגען צום טירל (וואָס פלעגט אָפט נישט פאַרמאַכט ווערן אויפן ריגל ביז דריי אַזייגער).

— ער גייט צו מיר — איז וועלטשאַנינאָוו שנעל איינגעפאַלן און ער איז פּלוצלינג, שפּרייזנדיק און אויך ווי אויף די שפּיץ-נעגל, אַדורכגעלאָפן דורכן קאָרידאָר און זיך געלאָזט צו דער טיר. ער איז געבליבן שטיין שטיל און איז ווי אָפּגעשטאָרבן אין דערוואַרטונג, קוים-וואָס אַרויפלייגנדיק די ציטערנדיקע רעכטע האַנט אויפן פריִער פאַריקטן טיר-ריגל און צוהערנדיק זיך מיט אַלע חושים צום שאָרך פון די דערוואַרטעטע טריט אויף די טרעפּ.

זיין האַרץ האָט אַזוי שטאַרק געקלאַפּט, אַז ער האָט מורא געהאַט, אַז ער וועט פאַרהערן, ווען דער אומבאַקאַנטער וועט אויף די שפּיץ-נעגל אַרויפגיין. דעם פאַקט גופא האָט ער נישט פאַרשטאַנען, אָבער ער האָט אַלץ געפילט בשלימות. דער פריִערדיקער חלום האָט זיך ווי צונויפגעגאָסן מיט דער ווירקלעכקייט. וועלטשאַנינאָוו איז פון דער נאַטור געווען דרייסט. ער האָט אָפט ליב געהאַט צו דערפירן ביז דער העכסטער מדרגה זיין אומדערשראָקנקייט באַם דערוואַרטן אַ סכנה — ווען אפילו עס האָט אויף אים קיינער נישט געקוקט, אָבער ער אַליין האָט הנאה געהאַט דערפון. איצט איז אָבער פאָרגעקומען נאָך עפּעס אנדערש. דער פריִערדיקער מרה-שחורהדיקער האָט זיך אינגאַנצן געענדערט. דאָס איז שוין נישט גע-

ווען דער זעלבער מענטש. פון זיין ברוסט האָט זיך אַרויסגעריסן אַ נערוועז, שטיל געלעכטער. פון הינטער דער פאַרמאַכטער טיר האָט ער דערקענט יעדע איינציקע באַוועגונג פון אומבאַקאַנטן.

— אָ! אָט גייט ער אַרויף, אַרויפגעגאַנגען, קוקט זיך אַרום, הערט זיך צו אונטן אויף די טרעפּ, אָטעמט קוים, גנבעט זיך... האַ! אָנגענומען די קליאַמקע, ציט, פּרוּווט! געמיינט, אַז בײַ מיר איז נישט פאַרשלאָסן! געוווּסט, הייסט עס, אַז איך פאַרגעס אַמאָל צו פאַרשליסן! ציט ווידער פאַר דער קלאַמקע. וואָס טראַכט ער זיך, אַז דער ריגל וועט אָפּשפּרונגען? צעשיידן זיך איז אַ שאָד! אַ שאָד אַוועקצוגיין מיט גאָרנישט?

און באמת האָט אַלץ טאַקע אַזוי געדאַרפט פאָרקומען, ווי איס האָט זיך פאָרגעשטעלט: עמעצער איז ווירקלעך געשטאַנען הינטער דער טיר און שאַ-שטיל געפּרוּווט דעם שלאָס, געצויגן פאַר דער קלאַמקע און — „פאַרשטייט זיך געהאַט זיין ציל". נאָר בײַ וועלטשאַנינאָוון איז שוין געווען פאַרטיק אַ באַשלוס. מיט עפּעס אַ באַזונדערער פרייד האָט ער אָפּגעוואַרט דעם מאָמענט, זיך צוגעגרייט און פאַרמאָסטן: איס האָט זיך אומבאַדינגט פּלוצלינג פאַרגלוסט אויפצוריקן דעם ריגל, עפענען אומדערוואַרטעט ברייט די טיר און צונויפשטויסן זיך אויג אויף אויג מיט אָט דעם „טייוול".

— וואָס, איך בעט אייך, טוט איר דאָ, ליבנסווירדיקער הער?

אַזוי איז אויך געשען: אויפכאַפּנדיק די מינוט, האָט ער פּלוצלינג אויפגערוקט דעם ריגל, אַ שטופּ געטון די טיר און — כמעט אַרויפגעפאַלן אויפן הער מיטן קרעפּ אויפן קאָפּ.

## III.

## פּאַווּעל פּאַוולאָוויטש טרוסאָצקי.

יענער איז ווי שטום געוואָרן אויפן אָרט. ביידע זענען גע־שטאַנען איינער אַנטקעגן צווייטן אויף דער שוועל, און ביידע האָבן אומבאַוועגלעך געקוקט איינער דעם אַנדערן אין די אויגן. אַזוי זענען אַדורכגעגאַנגען אַ פּאָר מינוט און פּלוצלינג — האָט וועל־טשאַנינאָוו דערקענט זיין גאַסט!

אין דערזעלבער רגע האָט דער גאַסט, ווי עס ווייזט אויס, זיך אויך אָנגעשטויסן, אַז וועלטשאַנינאָוו האָט אים פולשטענדיק דערקענט, דאָס איז געווען צו זען אין זיין בליק. אין איין אויגנ־בליק איז זיין גאַנץ פּנים, ווי צעגאַנגען געוואָרן פון אַ זיסינקן בליק...

— איך האָב אַוודאי דאָס פאַרגעניגן צו רעדן מיט אַלעקסיי איוואַנאָוויטשן? — האָט ער כמעט אָפּגעזונגען מיט אַ זייער צאַרט קול, וואָס האָט צום לאַכן נישט געפּאַסט צו די אַרומיקע אומ־שטענדן.

— זענט איר דען פּאַוועל פּאַוולאָוויטש טרוסאָצקי? — האָט ענדלע אויך וועלטשאַנינאָוו זיך אָנגערופן מיט אַ פאַרוונדערטער מינע.

— מיר זענען געווען מיט אייך באַקאַנט מיט אַ יאָר ניין צוריק אין ט. און — אויב איר וועט דערלויבן צו דערמאַנען — זענען מיר געווען גוט באַקאַנט.

— יאָ... טאַקע... אָבער — איצט איז דריי אַ זייגער, און איר האָט גאַנצע צען מינוט געפּרוּווט, צי איז בײַ מיר פֿאַרשלאָסן אָדער נישט...

— דריי אַ זייגער! — האָט אויסגעשריגן דער גאַסט, אַרויס-בעמענדיק דעם זייגער און פֿאַרווּנדערנדיק זיך זאָגאַר פֿון עצמת-נפֿש — אמת טאַקע: דריי אַ זייגער. זייט מיר מוחל, אַלעקסיי איוואַנאָוויטש, איך וואָלט געדאַרפֿט, אַרײַנקומענדיק, פֿאַרשטיין איך שעם זיך פּשוט, איך וועל די טעג אַרײַנקומען און זיך פֿאַר-ענטפֿערן, און איצט...

— אָ, ניין! אויב שוין זיך פֿאַרענטפֿערן, צי וואָלט איר נישט געוואָלט איצט, אין דער רגע? — האָט וועלטשאַנינאָוו זיך אָנגעכאַפּט, — זייט אַזוי גוט, גייט אַריבער די שוועל, קומט אַרײַן אהער, אין שטוב. איר האָט דאָך אוודאי אַליין געוואָלט אַרײַנגיין אין שטוב און זענט דאָך נישט געקומען בײַנאַכט, בכדי צו פּרוּוון שלעסער...

ער איז געווען אי אויפֿגערעגט, אי צעזאַמען דערמיט ווי צע-מישט, און האָט געפֿילט, ווי ער קען נישט צונויפֿזאַמלען די מחשבות ער האָט זיך אַפֿילו געשעמט: נישט קיין געהיימניש, נישט קיין סכּנה — פֿון דער גאַנצער פֿאַנטאַסמאַגאָריע האָט זיך גאָרנישט אויסגעלאָזט, עס איז נאָר דערשינען די נאַרישע פֿיגור פֿון עפּעס אַ פּאַוועל פּאַוולאָוויטש טרוסאָצקי.

איבעריקנס האָט ער נישט געקענט גלייבן, אַז דאָס איז אַזוי פּשוט: ער האָט עפּעס אומעטיק און מיט שרעק פֿאָרויסגעפֿילט. אַוועקזעצנדיק דעם גאַסט אויף אַ שטול, האָט ער זיך אַליין אומ-געדולדיק אַוועקגעזעצט אויף זײַן בעט, אַ טריט פֿון בענקל זיך איינגעבויגן, אָנגעלענט מיט די הענט אויף די קני און אויפֿגערעגט געוואַרט, ביז יענער וועט אָנהייבן רעדן. ער האָט אים באַטראַכט פֿון אַלע זייטן און זיך דערמאָנט אָבער מאָדנע: יענער האָט גע-

שוויגן, נישט פאַרשטייענדיק, ווי ס'ווייזט אויס, לגמרי, אַז ער איז תיכּף „מחויב" אָנצוהייבן רעדן. להיפך, ער האָט אליין ווי מיט אַן צויף עפּעס דערוואַרטנדן בליק געקוקט אויפן באַלעבאָס. עס קען זיין, אַז ער האָט פּשוט מורא געהאַט, פילנדיק זיך לכתחילה נישט באַקוועם, ווי אַ מייזל אין אַ זלאַפּקע, אָבער וועלטשאַנינאָוו האָט זיך צעבייזערט.

— וואָס איז מיט אייך? — האָט ער אויסגעשריגן — איר זענט דאָך נישט קיין פאַנטאַזיע און נישט קיין חלום! אין מתים האָט זיך אייך פאַרגליסט צו שפּילן? זאָגט, וואָס איר ווילט, פעטער!

דער גאַסט האָט זיך אַ ריר געטון, זיך צעשמייכלט און אָנגעהויבן פאָרזיכטיק: — אויף וויפיל איך זע, חידושט איר אייך קודם-כּל צוליב דעם, וואָס איך בין געקומען צו אייך אין אַזאַ צייט — און בײַ אַזעלכע משונהדיקע אומשטענדן... אַזוי, אַז געדענקענדיק דאָס אַלץ, וואָס ס'איז פריער צווישן אונדז פאָרגעקומען און ווי אַזוי מיר זענען זיך פונאַנדערגעגאַנגען — איז מיר אַליין אויך אַ חידוש... און איבעריקנס, האָב איך אפילו נישט געהאַט בדעה אַרײַנצוקומען צו אייך און, אויב עס איז שוין אַזוי געשען, — איז עס צופעליק...

— ווי אַזוי צופעליק? האָב איך דאָך דורכן פענסטער געזען, ווי אַזוי איר זענט אויף די שפּיץ-נעגל דורך דער גאַס אַדורכגעלאָפן!

— האַ, איר האָט געזען: נו, אויב אַזוי, ווייסט איר איצט מעגן אַלעם מער פון מיר: אָבער איך צערייץ אייך נאָר... אָט, אין וואָס עס גייט דאָ: איך בין געקומען אַהער מיט אַן ערך דריי וואָכן צוריק, וועגן מיינעם אַן ענין... איך בין דאָך פּאַוועל פּאַוולאָוויטש טרוסאָצקי, איר האָט דאָך מיך אַליין דערקענט. מיין ענין באַשטייט דערין, וואָס איך באַמי זיך, מען זאָל מיך איבערטראָגן אין אַ צווייטער גובערניע און אויף אַן אַנדערער דינסט, אויף אַ באַדייטנד העכערן

אַמט... נאָר איבעריקנס, איז אויך דאָס נאָך נישט אַלץ... דער עיקר, אויב איר ווילט, איז דאָס, וואָס איך שלעפּ מיך דאָ אַרום שוין די דריטע וואָך זונט פאַרצי, דאַכט זיך, אַליין בכיון מיין ענין וועגן איבערטראָגן מיך און אויב דאָס וועט אפילו דערלייריקט ווערן, וועל איך אפשר אַליין פאַרגעסן, אַז עס איז שוין אַדורכגעפירט געוואָרן, און וועל באַ מיין שטימונג נישט אַוועקפאָרן פון אייער פעטערבורג. איך שלעפּ מיך אַרום, ווי כ׳וואָלט געהאַט פאַרלוירן מיין ציל און ווי איך וואָלט מיך זאָגאַר געפרייט דערפון, וואָס איך האָב פאַרלוירן מיין ציל — און מיין שטימונג!...

— און וואָס פאַר אַ שטימונג? — האָט וועלטשאַנינאָוו זיך פאַרקרומט.

דער גאַסט האָט אויפגעהויבן אויף אים די אויגן און מיטן פולן דרך-ארץ אָנגעוויזן אויפן קרעפּ.

— אָט אין וואָס פאַר אַ שטימונג!

וועלטשאַנינאָוו האָט געקוקט דאָ אויפן קרעפּ, דאָ אויפן פנים פון גאַסט. פלוצלינג האָט אַ רויטלעכקייט פאַרגאָסן זיינע באַקן און ער איז שרעקלעך אויפגעבראַכט געוואָרן:

— איז נאַטאַליאַ וואַסיליעוונאַ...

— יאָ, זי! נאַטאַליאַ וואַסיליעוונאַ! אין מערץ, היינטיקס יאָר... פון אַ שווינדזוכט און כמעט פלוצלינג, אין אַן ערך צוויי, דריי חדשים! און איך בין געבליבן, — ווי איר זעט!

זאָגנדיק דאָס, האָט דער גאַסט פון שטאַרקער צערודערונג אויסגעשפרייט די הענט איןביידע זייטן, האַלטנדיק אין דער לינקער דעם הוט מיט קרעפּ און אַראָפּבייגנדיק טיף דעם גרויען קאָפּ. אַזוי איז ער געשטאַנען אַן ערך צען סעקונדן.

דאָס דאָזיקע אויסזען און דער זשעסט האָבן פלוצלינג ווי אָפּגעפרישט וועלטשאַנינאָוון. איבער זיינע ליפּן איז אַדורכגעלאָפן אַ שפּאָטיש און כמעט פאַרטשעפּנדער שמייכל — אָבער נאָר אויף

איין רגע: די ידיעה וועגן טויט פון דער דאָזיקער דאַמע (מיט וועלכער ער איז מיט אַ לאַנגער צייט צוריק געווען באַקאַנט און וועלכע ער האָט שוין לאַנג באַוויזן צו פאַרגעסן) האָט איצט געמאַכט אויף אים אַן איבעראַשנדן, דערשיטערנדן איינדרוק.

— איז עס מעגלעך? — האָט ער אַ זאָג געטון די ערשטע ווערטער, וואָס זענען אים געפאַלן אויף דער צונג — און פאַרוואָס זענט איר באַלד נישט אַריינגעגאַנגען און באַלד נישט דער קלערט?

— איך דאַנק אייך פאַרן מיטגעפיל, איך זע און שעץ אייער מיטגעפיל, נישט קוקנדיק...

— נישט קוקנדיק?

— נישט קוקנדיק דערויף, וואָס מיר זענען אַזוי פיל יאָר צעשיידט, האָט איר זיך תיכף באַצויגן צו מיין אומגליק און אפילו צו מיר, מיט אַזאַ טיף מיטגעפיל, אַז איך בין, פאַרשטייט זיך, דאַנקבאַר. אָט דאָס האָב איך טאַקע געוואָלט מיטטיילן. דאָס הייסט נישט אַז איך צווייפל אין מיינע פריינט. איך וואָלט אויך דאָ באַלד געקענט געפינען מיינע איניקסטע פריינט, אָט למשל ב אַ ג אַ ו ט אָ ו ן. אָבער צייט אונדזער באַקאַנטשאַפט מיט אייך, אַלעקסיי איוואַנאָוויטש, (און אפשר פריינטשאַפט, ווייל איך דערמאַן מיט אָנערקענונג) איז שוין אַדורכגעגאַנגען ניין יאָר. איר זענט צו אונדז מער נישט געקומען. קיין קאָרעספּאָנדענץ האָבן מיר נישט געפירט...

דער גאַסט האָט געזונגען אַזוי ווי אויף נאָטן. אָבער די גאַנצע צייט, וואָס ער האָט זיך אויסגעטענהט, האָט ער געקוקט אויף דרערד, הגם ער האָט אויך אויבן אַלץ זעזען. אָבער דער באַלעבאָס האָט שוין אַ ביסל אָנגעהויבן צו פאַרשטיין.

מיט אַ זייער משונהדיקן איינדרוק, וואָס האָט וואָס אַמאָל מער זיך פאַרשטאַרקט, האָט ער זיך צוגעקוקט און צוגעהערט צו טרוסאָצקין און ווען יענער האָט אויפגעהערט רעדן — האָבן אים

פלוצלינג אַ שלאָג געטון אין קאָפּ די פאַרשידנאַרטיקסטע אומדער־וואַרטעטעסטע געדאַנקען.

— און פאַרוואָס האָב איך אייך נישט דערקענט ביז איצט! — האָט ער לעבהאַפט אויסגעשריגן. — מיר האָבן זיך דאָך צונויפגע־שטויסן אין גאַס אַן ערך פינף מאָל.

— יאָ, אויך איך געדענק, איר זענט מיר כסדר פאַרפאַלן געוואָרן — אַ מאָל צוויי און אפשר דריי...

— דאָס הייסט, — א י ר זענט מיר כסדר פאַרפאַלן געוואָרן, און נישט איך אייך!

וועלטשאַנינאָוו איז אויפגעשטאַנען און האָט זיך פלוצלינג הויך צעלאכט. טרוסאָצקי איז געבליבן שטיין, האָט אויפמערקזאַם אַ קוק געגעבן און באַלד גענומען ווייטער רעדן:

— און דאָס, וואָס איר האָט מיך נישט דערקענט איז, ערשטנס, האָט איר געקענט פאַרגעסן און, אַ חוץ דעם, בין איך אין משך פון דער צייט קראַנק געווען אויף פּאָקן, און די קראַנקהייט האָט מיר איבערגעלאָזט געוויסע סימנים אויפן פּנים.

— פּאָקן: איר זענט טאַקע באמת קראַנק געווען אויף פּאָקן? אָבער ס'האָט אייך גוט..

— „גענומען"...

— יאָ, אָבער דאָס איז דאָך זייער לעכערלעך. נו, רעדט ווייטער, רעדט ווייטער, טייערער פריינט!

— און איך, הגם איך האָב אייך אויך געטראָפן..

— זייט־זשע מוחל! פאַרוואָס האָט איר געזאָגט: „גענומען" — איך האָב זיך געוואָלט אויסדריקן אַ סך איידעלער. נו, רעדט ווייטער, רעדט ווייטער!

ס'איז געוואָרן וואָס אַ מאָל פריילעכער. דער דערשיטערנדער איינדרוק איז פאַרשוווּנדן געוואָרן.

ער האָט אָנגעהויבן שפּרינגען מיט שנעלע טריט הין און צוריק איבערן צימער.

— הגם איך האָב אייך ערגעץ־ווו געטראָפן און, פאַרנדיק אַהער קיין פּעטערבורג, האָב איך אייך תיכּף דאָ געוואָלט אָפּזוכן, אָבער איך זאָג נאָכאַמאָל: איך בין איצט אין אַזאַ שטימונג... איך בין אַזוי גייסטיק רויִנירט פון מערץ אָן...

— אַ, יאָ! פון מערץ אָן... זייט אַזוי גוט, איר רייכערט נישט?

— איך, ווייסט איר דאָך, באַ נאַטאַליאַן...

— נו, יאָ, נו יאָ, פון חודש מערץ אָן?

— אפשר האָט איר אַ פּאַפּיראָסל?

— אָט איז אַ פּאַפּיראָסל. פאַררייכערט — און רעדט ווייטער! רעדט ווייטער, איר מאַכט מיך ש־עקלעך...

און פאַררייכערנדיק אַ פּאַפּיראָס האָט וועלטשאַנינאָוו זיך שנעל אַוועקגעזעצט אויפן בעט. טרוסאָצקי האָט זיך אָנגערופן:

— אָבער איר זענט דאָך שרעקלעך אויפגערעגט, זענט איר געזונט?

— צום טייוול מיט מיין גאַנץ געזונט! — האָט זיך וועלטשאַנינאָוו פלוצלינג צעבייזערט — רעדט ווייטער!

דער גאַסט, פון זיין זייט, איז קוקנדיק אויף וועלטשאַנינאָווס אויפרעגונג, געוואָרן צופרידענער און זיכערער.

— וואָס, רעדן ווייטער? — האָט ער ווידער אָנגעהויבן. — שטעלט זיך פאָר אַ מענטש, אַ דערהרגעטן, אָבער אינגאַנצן אַ דער־הרגעטן. אַ מענטש, וואָס נאָך צוואַנציק יאָר פאַמיליען־לעבן ענדערט ער זיך און שלעפּט זיך אַרום איבער די שטויביקע גאַסן אָן אַן אָנטשפּרעכנדן ציל, ווי ער וואָלט זיך אינגאַנצן פאַרגעסן און גע־פינט נאָך, צו אַלע צרות, דערין עפּעס אַ מאָדנעם פאַרגעניגן. אויף אַזאַ אופן איז נאַטירלעך, וואָס באַגעגענענדיק אַמאָל אַ באַקאַנטן,

אָדעד אפילו אן אמתן גוטן פריינט, גיי איך בכיוון פאַרביי, בכדי נישט צוצוגיין צו אים אין אַזאַ מינוט, ווען איך פאַרגעס מיך אינ־גאַנצן. און אַן אַנדערש מאָל דערמאָנט מען זיך און עס גליסט זיך אַזוי זען עמעצן, אַן עדות און מיטבאַטייליקטן פון דער נישט־ווייטער אָבער אויף אייביק פאַרשווונדערער פאַרגאַנגענהייט. און דאָס האַרץ הייבט אָן דערביי אַזוי שרעקלעך צו קלאַפּן. אַז נישט נאָר באַטאָג, נאָר אויך באַנאַכט וואָלסטו זיך געוואָרפן אין די אָרעמס פון א פריינט, ווען עס זאָל אפילו צוליב דעם אויסקומען אים אויפצוועקן פיר אַ זייגער. איך האָב אַ טעות געהאַט נאָר אין דער שעה, אָבער נישט אין דער פריינטשאַפט, ווייל איך האָב אין דער רגע געקרוגן אַ צו גרויסן שכר. וואָס איז שייך דער צייט, האָב איך גערעכנט, אַז עס איז ערשט צוועלף אַ זייגער, זייענדיק אין א באַ־זונדערער שטימונג. מען טרינקט דעם אייגענעם צער און פּנעט ווי מען שיכורט זיך אָן מיט אים.

— ווי אַזוי דריקט איר זיך אויס! — האָט וועלטשאַנינאָוו פאַרביטערט באַמערקט, ווערנדיק מיטאַמאָל זייער ערנסט.

— יאָ, איך דריק זיך טאַקע מאָדנע אויס...

— און איר... טרייבט נישט קיין שפּאַס?

— שפּאַס! — האָט טרוסאָצקי אויסגעשריגן פאַרצערט און גלייכצייטיק פאַרוווּנדערט — און גראָד אין דער מינוט, ווען איך דערקלער אייך...

— אָ, שווייגט שוין בעסער, איך בעט אייך!

וועלטשאַנינאָוו איז אויפגעשטאַנען און ווידער אָנגעהויבן ארומשפּרייזן איבער דער שטוב.

אַזוי זענען פאַרבייגעגאַנגען פינף מינוט. דער גאַסט האָט זיך אויך געוואָלט אויפשטעלן, אָבער וועלטשאַנינאָוו האָט אויסגע־שריגן: „זיצט, זיצט!" און טרוסאָצקי האָט געהאָרכזאַם זיך ווידער אוועקגעזעצט אויפן בענקל.

— אָבער ווי שרעקלעך איר האָט זיך געענדערט! — האָט וועלטשאַנינאָוו זיך ווידער אָנגערופן, בלייבנדיק שטיין קעגנאיבער טרוסאָצקין — שרעקלעך זיך געענדערט! אומגעהייער! אינגאַנצן אַן אַנדערער מענטש!

— אַ וווּנדער: ניין יאָר.

— ניין, ניין! נישט וועגן די יאָרן גייט עס! איר האָט זיך אויסערלעך נישט אַזוי שטאַרק געענדערט, מיט עפּעס אַנדערש האָט איר זיך געענדערט!

— אפשר אויך צוליב ניין יאָר.

— אָדער פון מערץ אָן?

— כאַ-כאַ-כאַ — האָט זיך טרוסאָצקי גנביש צעלאַכט — איר האָט עפּעס אַ פאַרבאָרגענע מחשבה... אָבער איך וועל וואַגן צו פרעגן: אין וואָס פאַר אַ הינזיכט האָב איך מיך אייגנטלעך געענדערט?

— וואָס איז דאָ פאַרהאַן אַ סך צו רעדן? פריִער זענט איר געווען אַזאַ סאָלידער, אָנשטענדיקער פּאַוועל פּאַוולאָוויטש, אַזאַ קלוגער פּאַוועל פּאַוולאָוויטש. און איצט — אינגאַנצן אַן אַנדערער פּאַוועל פּאַוולאָוויטש!

ער איז געווען אַזוי אויפגערעגט, אַז די איינגעהאַלטנסטע מענטשן הייבן אָן אין אַזאַ מצב צו רעדן דאָס, וואָס מען דאַרף נישט.

— אַן אַנדערער! איר מיינט אַזוי? און שוין מער נישט קיין קלוגער? אויס חכם — האָט טרוסאָצקי צופרידן זיך צעלאַכט.

— „איך בין געביפט, אָבער דער דאָזיקער כּלבֿ איז נאָך געביפטער! און... מיט וואַסערע כּוונות טראָגט ער זיך אַרום?“ — האָט וועלטשאַנינאָוו כּסדר געטראַכט.

— אָ, טייערסטער אַלעקסיי איוואַנאָוויטש, — האָט טרוסאָצקי זיך שרעקלעך אויפגערעגט און זיך צעשריגן אויפן בענקל. — וואָס גייט עס אונדז אָן? מיר זענען דאָך איצט נישט אין קיין גרויס-אַרטיקע געזעלשאַפט! מיר — צוויי אַלטע נאָענטסטע פריינט זענען,

צוזי צו זאָגן, זיך צוגויפגעקומען אין דער פּאָלסטער איפּריכטיקייט און דערמאָנען זאַמען יענעם טייערן נאַמען, און וועלכן די פּאַרשטאָר־בענע איז געווען אַמבאַנטסטן.

און ער האָט זיך אין זיין אַנטציקונג אזוי איבערגענומען מיט זיינע רייד, אַז ער האָט ווידער ווי פריער אַראָפּגעפּויגן דעם קאָפּ און דאָס פּנים פאַרדעקט מיטן הוט. וועלטשאַנינאָוו האָט זיך צו־געקוקט אומרויִק און מיט עקל.

— „און וואָס וועט זיין, אַז ער איז פּשוט אַ הוזק־מאַכער? — איז אים פּלוצלינג איינגעפאַלן — אָבער ניין, ניין! ער איז, דאַכט זיך, נישט שיכּור. איבעריקנס, אפשר איז ער יאָ שיכּור: דאָס פּנים איז רויט. און אויב אפילו ער איז שיכּור — איז אַלץ איינס. וואָס וויל ער, דער כּלב?“

— איר געדענקט, איר געדענקט, — האָט טרוסאָצקי אויס־געשריגן, נעמענדיק ביסלעכווייז אַוועק דעם הוט און הערנדיק וואָס אַמאָל מער אַנטציקט פון זיינע דערינערונגען — איר געדענקט אונדזערע נסיעות הינטער דער שטאָט, אונדזערע אָוונטן און פאַר־ווײַלונגען מיט טענץ און אומשולדיקע שפּילן באַם גאַסטפריינטלעכן סעמיאָן סעמיאָנאָוויטש? און אונדזער לייענען אין דרייען אין אָוונט? און אונדזער ערשטע באַקאַנטשאַפט מיט אייך, ווען איר זענט אַריינ־געקומען צו מיר אינדערפרי, צוליב עפּעס אַן ענין, וואָס האָט גע־האַט אַ שייכות מיט אייער פּראָצעס, און איר האָט אפילו אָנגעהויבן שרייען, אָבער נאַטאַליאַ וואַסיליעוונאַ איז פּלוצלינג אַריינגעקומען, און צען מינוט אַרום זענט איר שוין געוואָרן אונדזער נאָנטסטער הויז־פריינט אויף אַ גאַנץ יאָר — גראָד ווי אין טורגעניעווס פּיעסע „די פּראָווינצערין“...

וועלטשאַנינאָוו האָט לאַנגזאַם אַרומגעשפּרייזט, געקוקט אויף דרערד, זיך צוגעהערט אומגעדולדיק און מיט עקל, אָבער — זיך שטאַרק צוגעהערט.

— מיר איז אפילו אין קאָפּ נישט איינגעפאַלן „די פּראָווינ־צערין“ — האָט ער איבערגעריסן טרוסאָצקין, פאַרלירנדיק זיך אַ ביסל — איר האָט פריִער קיינמאָל נישט גערעדט מיט אַזאַ שרייענ־דיק קול און מיט אַזאַ... אומנאַטירלעכן טאָן. צו וואָס טוט איר דאָס?

— איך האָב באמת פריִער געשוויגן — האָט טרוסאָצקי שנעל אַ זאָג געטון. — איר ווייסט, איך האָב פריִער מער ליב גע־האַט צו הערן, ווען די פאַרשטאָרבענע האָט אָנגעהויבן רעדן. איר געדענקט דאָך, ווי זי האָט גערעדט, מיט וואָס פאַר אַ שאַרפזיני־קייט... און וואָס איז שייך דער „פּראָווינצערין“ און בפרט „סטו־פענדיען“ זענט איר אויך אין דעם פּרט גערעכט, ווייל מיר האָבן אליין דערנאָך מיט דער אומפאַרגעסלעכער פאַרשטאָרבענער, אין שטילע מינוטן, דערמאָנענדיק זיך וועגן אייך, נאָכדעם ווי איר זענט אַוועקגעפאָרן — פאַרבליבן אונדזער ערשטע באַגעגעניש מיט אָט דער טעאַטראַלער פּיעסע... ווייל עס איז באמת געווען ענלעך, און בפרט בנוגע „סטופענדיעון“...

— וואָס פאַר אַ „סטופענדיעוו“ — דער טייוול כאַפּט עס! — האָט אויסגעשריגן וועלטשאַנינאָוו און אפילו אַ טופּ געגעבן מיט דעם פוס, ווערנדיק אינגאַנצן אויפגעבראַכט באַם וואָרט „סטופענ־דיעוו“ צוליב עפּעס אַ באַאומרויִקנדער דערינערונג, וואָס דאָס וואָרט האָט אין אים דערוועקט.

— אַ, סטופענדיעוו — דאָס איז אַ ראָלע, אַ טעאַטראַלע ראָ־לע, די ראָלע פון מאַן אין דער פּיעסע „די פּראָווינצערין“ — האָט טרוסאָצקי אַ זאָג געטון מיט אַ זיס קיכל — אָבער דאָס פאַרנעמט שוין דאָס צווייטע אָרט אין אונדזערע טייערע און הערלעכע דע־רינערונגען, שוין נאָך אייער אַוועקפאָרן, ווען באַגאַוטאָוו האָט אונדז באַשאָנקען מיט זיין פריינטשאַפט, גראָד אַזוי ווי איר און שוין אויף גאַנצע פינף יאָר.

— באַגאַוטאָוו ? וואָס פאַר א באַגאַוטאָוו ? — האָט וועלטשאַ־ נינאָוו אָפּגעשטעלט פּלוצלינג טרוסאָצקין.

— באַגאַוטאָוו, סטעפּאַן מיכאַילאָוויטש, וואָס האָט אונדז באַ־ שאָנקען מיט זיין פריינטשאַפט, פונקט א יאָר נאָך אייך... און גראָד ווי איר...

— אָ, גאָט מיינער, איך ווייס דאָך וועגן דעם! — האָט וועל־ טשאַנינאָוו אויסגעשריגן, אָנשטויסנדיק זיך ענדלעך. — באַגאַוטאָוו! ער האָט דאָך געדינט באַ אייך.

— געדינט, געדינט! באַם גובערנאַטאָר! אַן עלעגאַנטער יונגערמאַן פון פּעטערבורג, פון דער העכסטער געזעלשאַפט! — האָט טרוסאָצקי אויסגעשריגן גוואַלטיק אַנטציקט.

— יאָ, יאָ! אויך ער...

— יאָ אויך ער, אויך ער! — האָט טרוסאָצקי איבערגע־ חזרט אַנטציקט, ווי פריער, אונטערכאַפּנדיק וועלטשאַנינאָווס אומ־ פאָרזיכטיק וואָרט — אויך ער! אָט דאָ האָבן מיר טאַקע געשפּילט „די פּראָווינצערין", אין היימישן טעאַטער, באַ זיין הויכקייט, דעם גאַסטפריינטלעכן סעמיאָנאָוויטש. באַגאַוטאָוו האָט געשפּילט דעם „גראַף", איך דעם „מאַן", און די פאַרשטאָרבענע — „די פּראָווינצערין". אָבער באַ מיר האָט מען צוגענומען די ראָל פון „מאַן" אויף דער פאָדערונג פון דער פאַרשטאָרבענער, אַזוי, אַז איך האָב נישט געשפּילט דעם „מאַן", ווייל איך בין כלומרשט נישט געווען פעיק...

— צום טייוול מיט סטופּענדיעוון! איר זענט קודם־כל פּאַ־ ווער פּאוולאָוויטש טרוסאָצקי, און נישט סטופּענדיעוו — האָט וועל־ טשאַנינאָוו זיך אָנגערופן גראָב אָן צערעמאָניעס און שיִער ניש־ ציטערנדיק פון אויפרעגונג. אָבער זייט־זשע מוחל: דער דאָזיקער באַגאַוטאָוו געפינט זיך דאָ אין פּעטערבורג. איך האָב אים אַליין געזען, פרילינגס־צייט האָב איך אים געזען! פאַרוואָס־זשע גייט איר נישט אויך צו אים?

— יעדן טאָג גיי איך אַריין, שוין גאַנצע דריי וואָכן. מען לאָזט נישט אַריין! ער איז קראַנק און קען נישט אויפנעמען קיין באַזוכערס! און, שטעלט אייך פאָר, פון די ערשטע קוועלן האָב איך זיך דערוווּסט, אַז ער איז באמת זייער געפערלעך קראַנק! אַזאַ זעקסיעריקער פריינט! איך זאָג אייך נאָכאַמאָל, אַלעקסיי איוואַנאָוויטש, אין אַזאַ שטימונג וויל מען שוין בעסער זיך באַגראָבן לעבעדיקערהייט! און אַן אַנדערש מאָל וואָלט איך, דאַכט זיך, אַרומגענומען און אַרומגעהאַלדזט אָט די עדי־ראיה און מיטבאַטייליקטע און נאָר דערפאַר, כּדי זיך אויסצוויינען, אָן שום אַנדערער כּוונה, ווי נאָר זיך אויסצוויינען!...

— נו, איז שוין גענוג אויף היינט, נישט אמת? — האָט וועלטשאַנינאָוו שאַרף אַ פרעג געטון.

— צופיל, צופיל גענוג! — האָט טרוסאָצקי געענטפערט און זיך באַלד אויפגעהויבן פון אָרט. — פיר אַ זייגער, און דער עיקר, איך האָב אייך אַזוי שטאַרק באַאומרויִקט...

— הערט־זשע אויס, איך וועל צו אייך אַליין אַרייַנגיין, אומבאַדינגט, און דאַמאָלס, האָף איך שוין... זאָגט מיר דעם אמת, זאָגט מיר אויפריכטיק: איר זענט נישט שיכּור?

— שיכּור, אפילו אויף איין אויג נישט...

— איר האָט נישט געטרונקען פאַרן אַריינקומען, אָדער פריִער?

— איר ווייסט, וועלטשאַנינאָוו, איר וואַרפט זיך אינגאַנצן אין פיבער.

— מאָרגן קום איך אַריין צו אייך, אינדערפרי...

— איך האָב שוין לאַנג באַמערקט, אַז איר רעדט פון היץ -- האָט טרוסאָצקי מיט אַ באַזונדער פאַרגעניגן איבערגעשלאָגן און געוואָלט אַרויספירן אויף דער טעמע. — איך האָב באמת געמט־

נפש דערפון, וואָס צוליב דיין אומגעשיקטקייט... אָבער איך גיי, איך גיי! און איר לייגט זיך און ווערט אַנטשלאָפן!

— אָבער איר האָט דאָך נישט געזאָגט, ווו איר ווינט — האָט וועלטשאַנינאָוו זיך געכאַפּט און נאָכגעשריגן טרוסאָצקין.

— טאַקע פאַרגעסן צו זאָגן? אין האָטעל, לעבן פּאָקראָווו.

— אין וואָס פאַר אַ האָטעל?

— נאָנט פון פּאָקראָוו, אָט דאָ אויף דער גאַס — נו, איך האָב פאַרגעסן אויף וואָס פאַר אַ גאַס, אויך דעם נומער פאַרגעסן, אָבער באַלד באַם פּאָקראָוו.

— איך וועל אָפּזוכן!

— איך בעט אייך, טייערער פריינט.

טרוסאָצקי איז שוין געהאַט אַרויסגעגאַנגען אויף די טרעפּ.

— שטייט נאָר, — שטייט! — האָט וועלטשאַנינאָוו אים ווי־דער נאָכגעשריגן — איר וועט נישט אַנטלויפן?

— וואָס הייסט „אַנטלויפן” — האָט טרוסאָצקי אויסגעשטעלט אַ פּאָר אויגן, אומדרייענדיק זיך אויף דער דריטער שטיג און שמייכלענדיק.

אָנשטאָט אַן ענטפער האָט וועלטשאַנינאָוו הילכיק פאַרקלאַפּט די טיר, פעסט פאַרמאַכט און פאַרוקט אויפן ריגל. אַרייַנקומענדיק און שטוב, האָט ער אויסגעשפּיגן פון עקל.

אָפּשטייענדיק אינמיטן דער שטוב אומבאַוועגלעך פינף מי־נוט, האָט ער זיך אַרויפגעוואָרפן אויפן בעט נישט אויסטוענדיק זיך אינגאַנצן. ער איז אויגנבליקלעך אַנטשלאָפן געוואָרן. דאָס פאַר־געסענע ליכט האָט אויסגעברענט ביזן סוף אויפן טיש.

IV.

## פרוי, מאַן און געליבטער.

ער איז זייער געשמאַק געשלאָפן און האָט זיך אויפגעכאַפּט פונקט האַלב צען אינדערפרי. ער האָט זיך באַלד אויפגעהויבן. אַוועקגעזעצט זיך אויפן בעט און תיכף אָנגעהויבן טראַכטן וועגן טויט פון דער „דאָזיקער פרוי".

די איבעראַשנדע ידיעה וועגן איר טויט, וואָס האָט נעכטן געמאַכט אויף אים אַזאַ דערשיטערנדן איינדרוק, האָט אים צוריק דערט און פאַרשאַפט עגמת-נפש. די דאָזיקע צורודערונג און די ווייטיק זענען נאָר אויף אַ קורצע צייט דערשטיקט געוואָרן דורך עפּעס אַ משונהדיקע אידעע נעכטן, בשעת טרוסאָצקי איז געווען בא אים אין שטוב. אָבער איצט, ווען ער האָט זיך אויפגעכאַפּט פון שלאָף, איז אַלץ, וואָס עס איז געשען מיט ניין יאָר צוריק, געשטאַנען פאַר זיינע אויגן מיט אַן אויסערג וויינטלעכער קלאָרקייט. די פאַרשטאָרבענע נאַטאַליאַ וואַסיליעוונאַ, טרוסאָצקיס פרוי, האָט וועלטשאַנינאָוו ליב געהאַט און איז געווען איר געליבטער, ווען ער איז צוליב זיינעם אַן ענין (אויך צוליב אַ פּראָצעס וועגן אַ ירושה) פאַרבליבן אין ט. אַ גאַנץ יאָר, הגם צוליבן ענין גופא האָט ער נישט געדאַרפט זיין אין דער דאָזיקער שטאָט אַזאַ לאַנגע צייט. די אמתע סיבה איז געווען די באַציונגען און די ליבע האָבן אים אַזוי באַהערשט, אַז ער איז געווען ווי נאַטאַליאַס א קנעכט און וואָלט זיך זיכער אַנטשלאָסן צו באַגיין דעם זינלאָזסטן שריט, אויב

דאָס וואָלט פאַרלאַנגט נאָר איין קליינ־ינקער קאַפּריז פון דער דאָ־זיקער פרוי. סיי פריִער און סיי דערנאָך האָט ער נישט איבער־געלעבט קיין ענלעכע פאַלן. סוף יאָר, ווען די צעשיידונג איז שוין געווען אומפאַרמיידלעך, איז וועלטשאַנינאָוו געווען אַזוי פאַרצווייפלט, ווען עס האָט זיך דערנענטערט די פאַטאַלע שעה — הגם זיי האָבן זיך געוואָלט צעשיידן נאָר אויף אַ קורצע צייט — אַז ער האָט פאָרגעלייגט נאַטאַליאַן צו אַנטלויפן פון מאַן, אַוועקוואַרפן אַלץ און אַוועקפאָרן צוזאַמען מיט אים קיין אויסלאַנד אויף שטענדיק.

אָבער דאָס אָפּלאַכן און די קאַטעגאָרישע האַלטונג פון דער דאָזיקער דאַמע (וואָס האָט לכתחילה מסכים געווען אויפן דאָזיקן פּלאַן, מסתמא פון לאַנגווייליקייט) האָבן אים געקענט אָפּהאַלטן דערפון און צווינגען צו פאָרן אַליין. און וואָס איז געשען? עס זע־נען נישט אַדורכגעגאַנגען קיין צוויי חדשים, צייט זיי האָבן זיך צעשיידט, און ער האָט זיך אין פעטערבורג שוין געשטעלט די פראַגע, וואָס איז שפּעטער פאַרבליבן פאַר אים אויף שטענדיק נישט פאַרענטפערט: האָט ער טאַקע ליב געהאַט די דאָזיקע פרוי, אָדער צי איז עס בלויז געווען אַ געוויינטלעכער „שפּיל“? און נישט צוליב זיין לייכטזיניקייט, און אויך נישט אונטערן איינפלוס פון דער נייער ליידנשאַפט, וואָס האָט זיך אין אים אָנגעקליבן, איז בא אים אַנטשטאַנען די דאָזיקע פראַגע; אין די ערשטע צוויי חדשים אין פעטערבורג איז ער געווען זייער אַפּאַטיש און האָט כמעט נישט באַמערקט קיין איין פרוי, הגם ער איז תיכף צוגע־שטאַנען צו זיין פריִערדיקער סביבה און פאַר זיינע אויגן זענען פאַרבייגעגאַנגען הונדערטער פרויען. איבעריקנס האָט ער אויסגע־צייכנט געוווּסט, אַז ווען ער וואָלט נאָכאַמאָל אריינגעפאַלן קיין ט., וואָלט ער ווידער באַהערשט געוואָרן פונם כישוף פון דער דאָזי־קער פרוי, נישט קוקנדיק אויף אַלע פראַגן, וועלכע זענען בא אים דערוועקט געוואָרן. אפילו אין פינף יאָר אַרום האָט ער געהאַט

די זעלבע איבערצייגונג. אָבער אין פינף יאָר אַרום האָט ער זיך שוין מודה געווען דערין מיט פאַראַכטונג און אפילו „יענע פרוי" גופא האָט ער דערמאַנט מיט שנאה. ער האָט זיך געשעמט פאַרן יאָר, וואָס ער האָט פאַרבראַכט אין ט. ער האָט נישט געקענט פאַרשטיין, ווי אַזוי ער, װעלטשאַנינאָוו, האָט געקענט באַהערשט ווערן פון אַזאַ ליידנשאַפט. אַלע דערינערונגען וועגן דער ליידנ־שאַפט צו יענער פרוי האָבן זיך אים פאַרוואַנדלט אין אַ חרפה. ער איז רויט געוואָרן ביז טרערן און האָט זיך געמאַטערט פון חרטה. אמת, נאָך אין אייניקע יאָר אַרום האָט ער זיך שוין באַ־רויקט; ער האָט זיך באַמיט אַלץ צו פאַרגעסן, און דאָס איז אַלץ געלונגען. און אָט פלוצלינג, אין ניין יאָר אַרום, דערוועקט זיך ווידער אַלץ אַזוי משונהדיק אין זיין זכרון נאָך דער נעכטיקער ידיעה וועגן טויט פון נאַטאַליאַ וואַסיליעוונאַ.

איצט, זיצנדיק אויף זיין בעט מיט אומעטיקע געדאַנקען, וואָס האָבן אָן שום סדר זיך צונויפגעזאַמלט אין זיין קאָפּ, האָט ער גע־פילט און זיך אָפּגעגעבן אַ קלאָרן דין וחשבון פון איין זאַך, — אַז נישט קוקנדיק אויפן גאַנצן נעכטיקן „דערשיטערנדיקן איינדרוק" פון דער דאָזיקער ידיעה, איז ער פונדעסטוועגן געווען זייער רויק דערפון, וואָס זי איז געשטאָרבן. — „וועל איך זי אפילו נישט באַדויערן?" — האָט ער זיך אַליין געשטעלט די פראַגע. ער האָט צו איר איצט שוין נישט געפילט קיין שנאה און ער האָט געקענט אָביעקטיוו און גערעכטער זי אָפּשאַצן. לויט זיין מיינונג, וועלכע האָט זיך, איבעריקנס, שוין לאַנג אויסגעבילדעט אין משך פון די ניין יאָר, צייט זיי האָבן זיך צעשיידט, האָט נאַטאַליאַ געהערט צו די געוויינטלעכע דאַמען פון דער פּראָווינץ פון דער „בעסערער" געזעלשאַפט און — „ווער ווייסט, אפשר איז עס טאַקע אַזוי געווען און נאָר אין מיין פאַנטאַזיע איז זי אויסגעוואַקסן אַזאַ העלדין?" ער האָט, איבעריקנס, שטענדיק חושד געווען, אַז ער האָט געהאַט

טעות אין זיין מיינונג. ער האָט עס אויך איצט געפילט. און אויך די פאַקטן האָבן זיך סותר געווען מיט זיין מיינונג. דער דאָזיקער באַגאַוטאָוו האָט זיך אויך געפינען מיט איר אַ ריי יאָרן אין נאָנטע באַציִונגען און איז, דאַכט זיך, אויך געווען אינגאַנצן פאַרכּישופט. באַגאַוטאָוו איז באמת געווען אַ יונגערמאַן פון דער בעסטער פּעטערבורגער געזעלשאַפט, און אַזוי ווי ער איז געווען אַ „פּוסטע בריאה" (אַלס אַזעלכן האָט אים באַטראַכט ווערכאָווענסקי), האָט ער זיין קאַריערע געקענט מאַכן נאָר אין פּעטערבורג. און פונדעסט־וועגן האָט ער פאַרנאַכלעסיקט פּעטערבורג, דאָס הייסט זיין וויכ־טיקסטן מקום און פאַרלוירן פינף יאָר אין ט. נאָר צוליב דער דאָ־זיקער פרוי! אין ער איז, סוף־כּל־סוף, צוריקגעקומען קיין פּעטער־בורג, אפשר נאָר דערפאַר, ווייל אויך אים האָט מען אַרויסגעוואָרפן ווי אַן „אַלט־אָפּגעטראָגענעם קאַמאַש". הייסט עס, אַז די דאָזיקע פרוי האָט פאַרמאָגט אין זיך עפּעס אַזוינס אויסערגעוויינטלעכס — די פעיִקייט צוצוציִען, פאַרקנעכטן און הערשן!

אין באַ דעם אַלעם האָט זיך אויסגעוויזן, אַז זי האָט נישט קיין מיטלען, כדי צוצוציִען און פאַרקנעכטן. „זי איז נישט געווען איבעריק שיין און אפשר טאַקע מיאוס."

ווען ווערכאָווענסקי האָט זיך באַקאַנט מיט איר, איז זי שוין אַלט געווען אַכט און צוואַנציק יאָר. איך נישט איבעריק שיין פּנים האָט אַמאָל געקענט ווערן ויאַרעם אויפגעלעבט, אָבער אויגן האָט זי געהאַט נישט קיין שיינע: אין איר בליק איז געווען עפּעס אַן איבעריקע האַרטקייט. זי איז געווען זייער דאַר. גייסטיק אַנטוויקלט איז זי געווען שוואַך. זי האָט פאַרמאָגט אַ שאַרפן, אָבער שטענדיק איינזייטיקן שכל. אירע באַוועגונגען האָבן עדות געזאָגט פון אַן אַריסטאָקראַטישער דאַמע פון דער פּראָווינץ. דערביי האָט זי, וואָס דער אמת איז, אַרויסגעוויזן אַ סך טאַקט. זי האָט געהאַט אַן אויס־געצייכנטן געשמאַק, אָבער נאָר אין דער חכמה פון קליידן זיך. איר

כאַראַקטער איז געווען אַן אַנטשלאָסענער און באַפעלנדער, קיין שלום אויף דער העלפט האָט מען מיט איר אין קיין שום זאַך נישט געקענט שליסן: „אָדער אַלץ, אָדער גאָרנישט“. אין פּאַרמאַטערנדע ענינים האָט איר זיכערקייט און פאַרביסנקייט אַרויסגערופן אַ פאַר־וווּנדערונג. זי איז געווען גרויסמוטיק און האָט כמעט שטענדיק גלייכצייטיק אומגעריכט געהאַנדלט. זיך שפּאַרן מיט דער דאָזיקער דאַמע איז געווען אוממעגלעך: צוויי מאָל צוויי האָבן פאַר איר נישט געהאַט קיין שום באַדייטונג. זי האָט זיך קיינמאָל נישט באַטראַכט פאַר אומגערעכט און שולדיק אין וועלכן עס איז ענין. די כסדרדי־קע צאָלרייכע פּאַראַטן בנוגע איר מאַן האָבן מינדסטנס נישט געפיי־ניקט איר געוויסן. איר געליבטן איז זי געווען געטריי, אָבער נאָר אַזוי לאַנג, ביז ער איז איר דערעסן. זי האָט געהאַט אַ הנאה צו פּייניקן איר געליבטן, אָבער זי האָט אויך ליב געהאַט אים צו באַ־לוינען. דאָס איז געווען אַ ליידנשאַפטלעכער, אומברחמנותדיקער און סענטימענטאַלער טיפּ. נאַטאַליאַ האָט פיינט געהאַט די אויסגעלאַסנ־קייט און האָט זי אומברחמנותדיק פאַראורטיילט — אָבער גלייכ־צייטיק איז זי אַליין געווען אויסגעלאַסן.

קיין שום פאַקטן האָבן זי נישט געקענט איבערצייגן, אַז זי איז אַליין אויסגעלאַסן. „זי ווייסט אוודאי נישט וועגן דעם“ — האָט וועלטשאַנינאָוו געטראַכט וועגן איר, זייענדיק נאָך אין ט. דאָס איז איינע פון די פרויען — האָט ער געטראַכט — וואָס ווערן גע־בוירן נאָר דערצו, כדי נישט צו זיין טריי די מענער. אַזעלכע פרויען פאַלן קיינמאָל נישט מיידלווייז. דאָס געזעץ פון דער נאַטור איז — אומבאַדינגט חתונה צו האָבן צו דעם צוועק. דער מאַן איז דער ערשטער געליבטער, אָבער נישט אַנדערש, ווי נאָך דער חופּה. קיינער האָט נישט חתונה לייכטער און געשיקטער פון זיי. אין ערשטן געליבטן איז שטענדיק שולדיק דער מאַן. און אַלץ קומט פאָר אויפריכטיק אין דער שטאַרקסטער מאָס; ביזן סוף

פילן זיי זיך אויפן העכסטן אופן גערעכט און, זעלבסטפאַרשטענדלעך, פולשטענדיק גערעכט.

וועלטשאַנינאָוו איז געווען איבערציייגט, אַז עס עקזיסטירט באמת א טיפ פון אַ זעלכע פרויען. דערפאַר איז ער אָבער געווען אויך איבערצייגט, אַז עס עקזיסטירט אַ טיפ פון מענער, וואָס אנטשפּרעכן אַזעלכע פרויען. לויט זיין מיינונג זענען זיי געווען, אַזוי צו זאָגן, אייביקע מענער, אָדער בעסער געזאָגט, נאָר מענער און מער גאָרנישט. „אַזאַ מענטש ווערט געבוירן און אַנטוויקלט זיך נאָר צוליב דעם, בכדי חתונה צו האָבן און נאָך דער חתונה ווערן אַ נאָכשלעפּעניש פון זיין פרוי, ווען אפילו ער זאָל האָבן זיין אייגענעם פעסטן כאַראַקטער. דער ערשטער סימן פון אַזאַ מאַן — איז אַ געוויסע דעקאָראַציע. אַז ער זאָל נישט האָבן קיין שופר, נאָז איז אַזוי מעגלעך, ווי עס איז מעגלעך, אַז די זון זאָל נישט לייכטן. אָבער וועגן דעם ווייסט קיינער קיינמאָל נישט און קען אויך קיינמאָל זיך נישט דערוויסן שוין צוליב די געזעצן פון דער נאַטור.“

וועלטשאַנינאָוו האָט טיף געגלייבט, אַז עס עקזיסטירן אַזעלכע צוויי טיפּן און אַזאַ טרוסאָצקי אין ט. איז זיכער געווען אַ פאָרשטייער פון איינעם פון די דאָזיקע טיפּן. דער ריכטיקער טרוסאָצקי איז, פאַרשטייט זיך, נישט געווען דערזעלבער, וועלכן ער האָט געקענט אין ט. וועלטשאַנינאָוו איז געקומען צו דער איבערציייגונג, אַז טרוסאָצקי האָט זיך אינגאַנצן געענדערט. אָבער וועלטשאַנינאָוו האָט געוווּסט, אַז טרוסאָצקי האָט זיך נישט געקענט ענדערן און אַז דאָס אַלץ איז געווען זייער נאַטירלעך. הער טרוסאָצקי האָט געקענט זיין דערזעלבער, וואָס ער איז געווען פריער, נאָר דאַמאָלס, ווען זיין פרוי האָט געלעבט. איצט איז ער נאָר בלויז אַ טייל פון אַ גאַנצן, וואָס איז פּלוצלינג אַרויסגעלאָזט געוואָרן

אויף דער פריי. און דערפאַר איז ער איצט געווען אַזאַ מאָדנע בריאה.

וואָס איז שייך דעם טרוסאָצקין פון ט. האָט זיך ווע‏לטשאַ־נינאָוו איצט דערמאָנט וועגן אים פאָלגענדעס:

זעלבסטפאַרשטענדלעך, אַז טרוסאָצקי איז אין ט. געווען נאָר אַ מאַן און מער גאָרנישט. אויב ער איז, למשל, אַ חוץ דעם אויך געווען אַ באַאַמטער, איז עס נאָר דערפאַר, ווייל אויך דאָס דינען אויפן פאָסטן האָט זיך פאַר אים ווי פאַרוואַנדלט אין אַ פליכט אַלס מאַן. ער איז דאַמאָלס אַלט געווען פינף און דרייסיק יאָר און האָט געהאַט אַ געוויס פאַרמעגן, זאָגאַר נישט קיין קליין פאַרמעגן. אין דער דינסט האָט ער קיין באַזונדערע פעיקייטן נישט אַרויסגעוויזן, ער האָט זיך אָבער אויך נישט אַרויסגעוויזן אַלס נישט פעיק. ער איז געווען באַפריינדעט מיט אַלע אָנגעזענסטע מענטשן אין דער גובערניע און האָט געהאַט אַ גוטן נאָמען. צו נאַטאַליאַן האָט מען זיך באַצויגן מיט פולן דרך־ארץ. זי האָט עס, איבעריקנס, נישט באַזונדערס געשעצט, באַטראַכטנדיק אַזאַ באַציִונג צו איר אַלס חוב. אָבער באַ זיך אינדערהיים האָט זי שטענדיק געקענט זייער שיין אויפנעמען. דערביי האָט זי דעם מאַן אַזוי אויסגעשולט, אַז ער האָט געקענט האָבן די עלעגאַנטסטע מאַניערן זאָגאַר ביים אויפנעמען די העכסטע מאַכט פון דער גובערניע־פאַרוואַלטונג. עס קען זיין (וועלטשאַנינאָוו האָט זיך אַזוי אויסגעוויזן), אַז ער האָט אויך געהאַט שכל, אָבער נאַטאַליאַ האָט נישט באַזונדערס ליב געהאַט, ווען איר מאַן האָט אַ סך איינגעבוירענע גוטע אייגנשאַפטן, גראָד ווי ער האָט געהאַט שלעכטע אייגנשאַפטן. אָבער זיינע מעלות זענען געווען פאַרדעקט און זיינע שלעכטע אייגנשאַפטן זענען געווען אײנגאַנצן דערשטיקט.

וועלטשאַנינאָוו האָט למשל געדענקט, אַז טרוסאָצקי האָט געהאַט אַ חשק אָפּצולאַכן פון זיינעם אַ היימישן, אָבער דאָס

איז אים געווען שטרענג פארווערט, ער האָט אויך פון צייט צו צייט ליב געהאַט עפּעס צו דערציילן. אָבער אויך אין דעם פּרט האָט מען געהאַט אויף אים אַ השגחה: מען האָט אים דערלויבט צו דערציילן עפּעס אומבאַדייטנדעס און וואָס מער בקיצור. ער האָט געהאַט אַ נייגונג צו פאַרברענגען אין אַ קרייז פון חברים אויסער דער היים און זאָגאר אמאָל כאַפּן אַ כוסה מיט אַ פריינט, אָבער דאָס לעצטע איז געווען אינגאַנצן אויסגעוואָרצלט, און דער־ביי איז געווען כאַראַקטעריסטיש, וואָס קיקנדיק אויף אים, וואָלט קיינער נישט געקענט זאָגן, אַז זיין ווייב האָט אים אונטערן לאַטש. נאַטאַליאַ האָט געמאַכט דעם איינדרוק פון אַ זייער געהאָרכזאַמע פרוי און איז אפשר אליין געווען געננג דערין איבערצייגט.

עס קען זיין, אַז טרוסאָצקי האָט זייער ליב געהאַט זיין פרוי, אָבער קיינער האָט דאָס נישט געקענט באַמערקן און דאָס איז זאָ־גאַר געווען אוממעגלעך, אויך מסתמא דערפאַר, ווייל נאַטאַליאַ האָט אזוי באַפוילן. אין משך פון זיין אָנוועזנהייט אין ט., האָט וועל־טשאַנינאָוו זיך אייניקע מאָל געפרעגט; צי איז אים טרוסאָצקי כאָטש וויפיל עס איז חושד, אַז ער געפינט זיך אין באַציונגען מיט זיין פרוי? ער האָט אייניקע מאָל וועגן דעם ערנסט געפרעגט נאַ־טאַליאַן און שטענדיק באַקומען אַ תשובה, וואָס איז געגעבן געוואָרן אַ ביסל אין אַ בייזן טאָן, אַז דער מאַן ווייסט פון גאָרנישט און קען זיך קיינמאָל וועגן דעם נישט דערוויסן, און אַז „אַלץ, וואָס עס געשעט, איז נישט זיין זאַך".

און נאָך אַ כאַראַקטעריסטישער שטריך האָט זיך באַ איר געלאָזט באַלערקן: זי האָט קיינמאָל נישט געלאַכט פון איר מאַן און אין קיין שום פּרט אים נישט איינגעפונען סיי פאַר לעכער־לעך און סיי פאַר שלעכט. זי וואָלט זיך אַפילו אָנגענומען פאַר אים, ווען עמעצער וואָלט געוואַגט זיך נישט אויפפירן מיט אים אָנשטענדיק. נישט האָבנדיק קיין קינדער, האָט זי זעלבסטפאַרשטענד־

לעך געמיזט על פי רוב זוכן זיך אַ סביבה. אָבער אויך איר איי־גענע היים איז איר געווען נייטיק. די געזעלשאַפטלעכע פאַרגעניגנס האָבן קיינמאָל זי נישט באַהערשט אינגאנצן, זי האָט אויך אינדער־היים זייער ליב געהאַט צו פאַרנעמען זיך מיט דער ווירטשאַפט און האַנט־אַרבעט. טרוסאָצקי האָט נעכטן דערמאַנט, אַז זיי פלעגן אין ט. צוזאַמען לייענען אין אָוונט. דאָס פלעגט אויך פאָרקומען: געלייענט האָט וועלטשאַנינאָוו, אויך טרוסאָצקי פלעגט לייענען. צו וועלטשאַנינאָווס פאַרוווּנדערונג האָט טרוסאָצקי זייער גוט געקענט לייענען אויפן קול. נאַטאַליאַ האָט דערביי עפּעס געשטריקט און האָט שטענדיק רויק און געלאַסן אויסגעהערט דאָס לייענען. זיי האָבן געלייענט דיקענס ראָמאַנען, וואָס עס איז פון די רוסישע זשורנאַלן און אַמאָל אויך עפּעס „ערנסטס". נאַטאַליאַ האָט זייער געשעצט וועלטשאַנינאָווס בילדונג. זי האָט אָבער געשוויגן וועגן דעם, ווי זי וואָלט עס באַטראַכט פאַר אַ פאַרענדיקטע און אַנטשלאָסענע זאַך, וועגן וועלכער עס איז שוין מער נישטאָ וואָס צו רעדן. בכלל האָט זי צו אַלעם, וואָס האָט געהאַט אַ שיכות מיט ביכער און בילדונג זיך באַצויגן גלייכגילטיק, ווי צו עפּעס אינגאַנצן אַ זייטיקן ענין, הגם אפשר זייער אַ ניצלעכן. טרוסאָצקי אָבער האָט זיך שטענדיק צעהיצט אין אַזעלכע פאַלן.

די באַציִונגען אין ט. האָבן זיך פּלוצלינג איבערגעריסן, דער־גרייכנדיק מצד וועלטשאַנינאָוון צו זייער העכסטער מדרגה. מען האָט אים פּשוט פּלוצלינג ארויסגעטריבן, נישט ווייסנדיק אפילו, אַז מען האָט אים אַרויסגעוואָרפן, ווי אַן „אַלטן אָפּגענוצטן קאַמאַש".

אין אַנדערהאַלבן חדשים אַרום נאָך וועלטשאַנינאָווס אָנקו־מען קיין ט., האָט זיך דאָרט באַוויזן איינער אַ יונגעטשיקער אַרטי־לעריע־אָפיציר, וואָס איז נאָר וואָס באַפרייט געוואָרן פון קאָרפּוס און עס האָט זיך אים פאַרגלוסט אַוועקצופאָרן צו די טרוסאָצקיס. אַנשטאָט דריי איז געוואָרן פיר. נאַטאַליאַ האָט דעם בחור זייער

נוט אויפגענומען, אָבער זי איז זיך אומגעגאַנגען מיט אים, ווי מיט אַ ייִנגל. ווערטשאַנינאָוון האָט מען לחלוטין פריִער אפילו קיין וונק נישט געגעבן און עס האָט אויך דאַמאָלס נישט געהאַלטן דערביי. אָבער אין איין העלן טאָג האָט מען אים פלוצלינג דער- קלערט, אַז זיי מוזן זיך צעשיידן. אַלס איינע פון די טויזנטער סיבות דערפון, אַז ער מוז אומבאַדינגט וואָס גיכער אַוועקפאָרן, האָט נאַטאַליאַ אָנגעוויזן דערויף, אַז זי זאָל כלומרשט שוואַנגערן. און דערפאַר איז נאַטירלעך, אַז ער מוז אומבאַדינגט און וואָס גיי- כער נעלם ווערן, כאָטש אויף דריי — פיר חדשים, בכדי אין ניין חדשים אַרום זאָל דעם מאַן זיין שווער זי חושד צו זיין אין וואָס עס איז, ווען עס זאָל אפילו אַרויסקומען עפעס אַ פליאָטקע. דער אַרגומענט איז געווען אַ געווג אָנגעצויגענער. נאָך אַ שטורמישן פאָרשלאָג מצד ווערטשאַנינאָוון צו אַנטלויפן קיין פאַריז אָדער אַמע- ריקע, איז ער איינער אַליין אוועקגעפאָרן קיין פעטערבורג, נישט צווייפלענדיק אויף קיין איין מינוט, אַז זיי האָבן זיך צעשיידט נישט מער ווי אויף דריי חדשים. אַנדערש וואָלט ער בשום אופן נישט אַוועקגעפאָרן, נישט קוקנדיק אויף אַלע סיבות און אַרגומענטן.

פונקט אין צוויי חדשים אַרום האָט ער אין פעטערבורג באַ- קומען פון נאַטאַליאַן אַ בריוו מיט דער בקשה, אַז ער זאָל מער נישט קומען צו פאָרן, דערפאַר, ווייל זי האָט זיך שוין פאַרליבט אין אַן אַנדערן. וועגן איר שוואַנגער זיין האָט זי מיטגעטיילט, אַז זי האָט אַ טעות געהאַט. די מיטטיילונג וועגן טעות איז געווען אַן איבעריקע. אים איז שוין אַלץ קלאָר געווען; ער האָט זיך דערמאַנט וועגן יענעם אָפיציר. מיט דעם האָט זיך דער ענין געענדיקט אויף שטענדיק. שפעטער, אין אַ פאָר יאָר אַרום האָט ער נאָך ווי- עס-איז געהערט, אַז דאָרט איז אַראָפגעקומען באַגאַאוטאָוו און פאַר- בראַכט גאַנצע פינף יאָר. אַזאַ אומגעהייערע דויערהאַפטיקייט פון די באַציִונגען האָט ער זיך, צווישן אַנדערן, דערקלערט אויף דער-

מיט, וואָס נאַטאַליאַ איז שוין אַוודאי שטאַרק אַלט געוואָרן און איז דעריבער אַליין געוואָרן צוגעבונדענער.

ער איז אָפּגעזעסן אויף זיין בעט אַן ערך אַ שעה צייט. צום סוף האָט ער זיך אָפּגעטרייסלט פון זיינע מחשבות און אָנגעקלונגען נאָך מאַוראַן וועגן קאַווע. ער האָט אויסגעטרונקען, זיך אָנגעטון און פונקט עלף אַ זייגער זיך געלאָזט צום פּאָקראָוו אָפּצוזוכן דעם פּאָקראָווער האָטעל. וועגן דאָזיקן האָטעל האָט זיך בא אים איצט אויסגעבילדעט אַ באַזונדערער, שוין פרימאָרגנדיקער איינדרוק. ער האָט, צווישן אַנדערן, אויך געהאַט אַ ביסל עגמת-נפש פאַר זיין נעכטיקן אומגיין זיך מיט טרוסאָצקין, און דאָס האָט איצט געדאַרפט אויפגעקלערט ווערן.

דעם גאַנצן נעכטיקן בייזן חלום מיטן שלאָס באַ דער טיר, האָט ער באַטראַכט אַלס אַ צופאַל און ער האָט זיך דאָס דערקלערט דערמיט, וואָס טרוסאָצקי האָט אויסגעזען ווי אַ שיכור. ער האָט זיך דאָס דערקלערט מיט נאָך עפּעס, אָבער אין אמתן האָט ער נישט אינגאַנצן קלאָר געוווסט, פאַרוואָס ער גייט איצט פאַרבינדן נייע באַציִונגען מיטן פריִערדיקן מאַן, דאַמאָלס, ווען אַלץ האָט זיך צווישן זיי אַזוי נאַטירלעך און פון זיך אַליין געענדיקט. אים האָט עפּעס געצויגן. דאָ איז געווען עפּעס אַ באַזונדערער איינדרוק, און צוליבן דאָזיקן איינדרוק האָט עס אים אַזוי געצויגן...

V.

# ליזאַ.

טרוסאָצקי האָט אפילו נישט געקלערט צו „מאַכן אַ ויברח״. און איין גאָט ווייסט, פאַרוואָס וועלטשאַנינאָוו האָט אים נעכטן געגעשטעלט די דאָזיקע פראַגע. ער איז, ווי עס ווייזט אויס, אַליין פאַרטומלט געוואָרן. באַלד באַם ערשטן נאָכפרעגן זיך אין בשמים-געוועלבער באַם פּאָקראָוו, האָט מען אים אָנגעוויזן דעם פּאָקראָווער האָטעל, צוויי טריט גאַנג פון דאָרט, אין געסל.

אין האָטעל האָט מען אים דערקלערט, אַז הער טרוסאָצקי „שטייט״ איצט איין אויפן הויף אין דער אָפּיצינע, אין די מעבלירטע צימערן באַ מאַריאַ סיסאָיעוונאַ. ארויפגייענדיק אויף די ענגע, זייער אומריינע, שטיינערנע טרעפּ און צוקומענדיק צום צווייטן שטאָק, ווו די דאָזיקע צימערן האָבן זיך געפונען, האָט ער פּלוצלינג דערהערט אַ געוויין, ווי עס וואָלט געוויינט אַ קינד פון אַ יאָר זיבן, אַכט. דאָס קינד האָט שווער געוויינט, עס האָבן זיך דערהערט דערשטיקטע יללות און צוזאַמען דערמיט — אַ טופּען מיט די פיס, ווי אויך עפּעס דערשטיקטע אָבער אויפגערעגטע געשרייען פון אַן עלטערן מענטש. דער דאָזיקער עלטערער מענטש האָט, ווי עס ווייזט אויס, באַרויִקט דאָס קינד און האָט זייער נישט געוואָלט, אַז מען זאָל הערן דאָס געוויין, אָבער ער האָט אָנגעמאַכט אַ גרעסערן טומל, ווי דאָס קינד. די געשרייען זענען געווען אומ-

ברוזמנותדיקע, און דאָס קינד האָט ווי געבעטן, אַז מען זאָל עס מוחל זיין.

אַריינקומענדיק אין קליינעם קאָרידאָר, ווו עס האָבן זיך פון ביידע זייטן געפונען צו צוויי טירן, האָט וועלטשאַנינאָוו געטראָפן איינע, אַ זייער דיקע און הויך־געוואַקסענע עלטערע פרוי, א היימיש־צעפּאַטלטע. וועלטשאַנינאָוו האָט זי געפרעגט, ווו געפינט זיך טרוּ־סאָצקי. זי האָט אָנגעוויזן מיטן פינגער אויף דער טיר, פון הינטער וועלכער עס האָט זיך געהערט דאָס געוויין. דאָס דיקע, רויטלעכע פּנים פון דער דאָזיקער פערציק־יעריקער פרוי האָט זיך אַ ביסל געקרומט פון כעס.

— ער שעפּט נאָך נחת דערפון! — האָט זי מיט איר באַס־קול אַ זאָג געטון און זיך געלאָזט אַרויפגיין אויף די טרעפּ.

וועלטשאַנינאָוו האָט געוואָלט אָנקלאַפּן, אָבער ער האָט זיך

באַקלערט און גלייך געעפנט די טיר צו טרוּסאָצקין. אין אַ קליינער שטוב, וואָס איז געווען גראָב אָבער אַ סך מעבלירט מיט פּשוט גע־פאַרבט מעבל, איז אינדערמיט געשטאַנען טרוּסאָצקי, האַלב־אָנגע־טון, אָן דער מאַרינאַרקע און אָן דעם וועסט. מיט אַן אויפגערעגט רויט פּנים האָט ער מיט געשרייען, באַוועגונגען, און אפשר אויך (וועלטשאַנינאָוון האָט זיך אַזוי אויסגעוויזן) מיט קיצלען איינגענומען אַ קליין מיידל פון אַ יאָר אַכט, אָנגעטון אָרים, כאָטש ווי אַ פריילין אין אַ שוואַרץ לייוונטן קורץ קליידל. זי האָט, ווייזט אויס, באַקומען די היסטעריקע, האָט היסטעריש געכליפּעט און אויסגעצויגן די הענט צו טרוּסאָצקין, ווי ווילנדיק אים אַרומכאַפּן, אַרומנעמען, איבערבעטן און בעטן באַ אים עפּעס. אין איין רגע האָט זיך אַלץ געענדערט:

דערזעענדיק דעם גאַסט, האָט דאָס מיידל אַ געשריי געטון און אַנטלאָפן אין שכנישן קליינעם שטיבל. טרוּסאָצקי איז אַ מינוט גע־בליבן שטיין פאַרחידושט, אָבער באַלד דערנאָך האָט אַ זיסער שמייכל

זיך צוגעגאָסן איבער זיין פנים, פונקט ווי נעכטן, ווען וועלטשאַנינאָוו האָט פלוצלינג געעפנט די טיר.

— אַלעקסיי איוואַנאָוויטש! — האָט טרוסאָצקי אויסגעשריגן זייער פאַרחידושט — איך האָב בשום אופן נישט געקענט דערוואַרטן... אָבער קומט נענטער, אָט אַהער! אָט דאָ אויף דער קאַנאַפּע, אָדער אויף אַ בענקל, און איך...

און ער האָט גענומען אָנטון די מאַרינאַרקע, פאַרגעסנדיק אָנצוטון דעם וועסט.

— מאַכט נישט קיין צערעמאָניעס, איר קענט בלייבן אין די מלבושים, וועלכע איר טראָגט.

וועלטשאַנינאָוו האָט זיך אַוועקגעזעצט אויף אַ בענקל.

— ניין, ניין, דערלויבט שוין גראָד יאָ צו מאַכן צערעמאָניעס. אָט איז איצט טאַקע אָנשטענדיקער. אָבער פאַרוואָס האָט איר זיך אַוועקגעזעצט אין ווינקל? קומט אַהער, צום טיש... נו, כ'האָב באמת זיך נישט געריכט, נישט געריכט זיך...

ער האָט זיך אויך אַוועקגעזעצט אויפן ראַנד פון אַ געפלאָכטענער שטול אָבער נישט אין איין ריי מיטן „אומדערוואַרטעטן" גאַסט. ער האָט אומגעדרייט די שטול, כדי זיך אַוועקצוזעצן פנים-אל-פנים מיט וועלטשאַנינאָוון.

— פאַרוואָס האָט איר זיך נישט געריכט? איך האָב דאָך נעכטן אייך בפירוש געזאָגט, אַז איך וועל אין דער צייט קומען.

— איך האָב געמיינט, אַז איר וועט נישט קומען. און ווען איך האָב, אויפשטייענדיק היינט, באַקלערט דאָס אַלץ, וואָס איז נעכטן געשען, האָב איך זיך שוין אינגאַנצן מיאש געווען אייך צו זען אפילו אויף אייביק.

בינו-לבינו האָט וועלטשאַנינאָוו זיך אַרומגעקוקט. אין דער שטוב איז געווען אַן אומאָרדנונג, דאָס בעט איז נישט געווען פאַר בעט, די מלבושים — צעוואָרפן, אויפן טיש זענען געשטאַנען גל

זער מיט נישט אויסגעטרונקענער קאַווע, קרישלעך ברויט האָבן זיך געוואַלגערט און ס׳איז אגיך געשטאַנען אַ פלאַש מיט שאַמפּאַנער, אַ האַלב-אויסגעטרונקענע, אָן אַ פּראָפּן, מיט אַ גלאָז דערלעבן. ער האָט אָנגעשטרענגט זיין בליק אין שכנישן צימער, אָבער דאָרט איז געווען שטיל. דאָס מעבל האָט זיך באַהאַלטן און שאַ־שטיל גע-שוויגן.

— טרינקט איר איצט די דאָזיקע משקה? — האָט וועלטשאַ-נינאָוו אָנגעוויזן אויפן שאַמפּאַנער.

— דאָס לעצטע ביסל — האָט טרוסאָצקי אַ זאָג געטון, נישט פילנדיק זיך איבעריק גוט.

— נו, איר האָט זיך שטאַרק געענדערט!

— שלעכטע געוווינהייטן, פלוצלינג, פון יענער צייט אָן, איך זאָג נישט קיין ליגנט! איך קען זיך נישט איינהאַלטן. אצינד באַאומ-רויקט זיך נישט, אַלעקסיי איוואַנאָוויטש, איצט בין איך נישט שיכור און וועל נישט אָנהייבן דערציילן קיין בבא-מעשיות, ווי נעכטן באַ אייך. אָבער איך זאָג נישט קיין ליגנט: אַלץ פון דאַמאָלס אָן! און ווען עמעצער וואָלט מיר נאָך מיט אָ האַלב יאָר צוריק געזאָגט, אַז פון מיר וועט פלוצלינג ווערן אַזאַ תל, ווען עמעצער וואָלט מיר געוויזן מיך אַליין אין אַ שפיגל — וואָלט איך נישט געגלייבט.

— הייסט דאָס, אַז איר זענט נעכטן געווען שיכור?

— געווען, — האָט טרוסאָצקי זיך מודה געווען מיט אַ דער-שטיקט קול, אַראָפּלאָזנדיק די אויגן — דאָס הייסט, אייגנטלעך, נישט שיכור, נאָר שוין אַ ביסל שפּעטער נאָכן שיכור ווערן. איך זאָג עס אייך דערפאַר, ווייל שפּעטער נאָכן שיכור זיין איז מיר אַ סך ערגער; אַ ביסל ניכטערן און אַזוי אומעטיק אויפן האַרץ. דאַמאָלס שפיר איך שטאַרקער דעם ווייטיק, און טאַקע נאָכן דאָזיקן טרינק איך. דאַמאָלס קען איך איינגאַנצן אָנדולן אַ קאָפּ און פרוּ

אפילו באַלײדיקן. איך האָב זיך נאָדאי נעכטן אױסגעזען אײך זײ־
ער משונהדיק.

— איר געדענקט נישט?

— װאָס הײסט: איך געדענק נישט, איך געדענק אַלץ.

— איר זעט, טרוסאָצקי, איך האָב זיך דאָס אַלץ אויף דעמ־
זעלבן אופן דערקלערט און באַטראַכט — האָט װעלטשאַנינאָװ רויק
געזאָגט. — אַ חוץ דעם בין איך נעכטן אַלײן געװען אַ ביסל אויפ־
גערעגט און... צופיל אומגעדולדיק. איך בין זיך גערן מודה אין
דעם: איך פיל זיך אָפּט נישט איבעריק גוט און דערצו: נאָך אײ־
ער אומדערװאַרטעט אַרײנקומען באַנאַכט...

— יאָ, באַנאַכט, באַנאַכט! — האָט טרוסאָצקי אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ, װי װוּנדערנדיק זיך און באַשטעטיקנדיק. — און
װי מאָדנע עס האָט מיך געטריבן! איך װאָלט בשום אופן צו אײך
נישט אַרײנגעקומען, װען איר װאָלט אַלײן נישט געעפנט די טיר.
איך װאָלט פון דער טיר אַװעקגעגאַנגען. איך בין צו אײך מיט אַ
װאָך צוריק געגאַנגען און אײך נישט געטראָפן, אָבער דערנאָך
װאָלט איך אפשר אַ צװײט מאָל און קײנמאָל צו אײך נישט געקו־
מען. איך בין פאָרט אַ ביסל שטאָלץ, הגם איך בין זיך מודה, אַז
איך געפין מיך אין אַזא מצב. מיר האָבן זיך אויך אין גאַס גע־
טראָפן און איך האָב אַלץ געקלערט: „אפשר װעט ער נישט דער־
קענען, אפשר װעט ער זיך אַװעקדרײען, ניין יאָר איז נישט קײן
קלײניקײט". און איך האָב אַלץ נישט געקענט פועלן באַ מיר צו־
צוגײן צו אײך. נעכטן האָב איך פאַרגעסן, װי שפּעט ס'איז, אַלץ
דערפון (ער האָט אָנגעװיזן אויף דער פלאַש) און פון מײנע צרות.
נאַריש! זײער נאַריש! און װען עס װאָלט געװען אַן אַנדערער
אויף אײער אָרט — װײל איר זענט דאָך אפילו נאָכן נעכטיקן באַ־
געגעניש געקומען צו מיר, דערמאַנענדיק זיך װעגן דער אַמאָליקער

פריינטשאַפט — וואָלט איך פארלוירן די האָפנונג צו באַנייען די באַקאַנטשאַפט!

וועלטשאַנינאָוו האָט זיך אויפמערקזאַם צוגעהערט. דער דאָזיקער בשר-ודם האָט דאָך, דאַכט זיך, גערעדט אויפריכטיק און זאָגאר מיט דרך-ארץ. און פונדעסטוועגן האָט וועלטשאַנינאָוו נישט געגלייבט קיין איין וואָרט פון דער ערשטער מינוט, צייט ער איז אַריינגעקומען.

— זאָגט, פאַוועל פאַוולאָוויטש, איר זענט דאָך נישט איינער אַליין? וועמענס איז דאָס מיידל, וואָס איך האָב באַ אייך געטראָפן אַריינקומענדיק?

— וואָס הייסט: וועמענס מיידל? דאָס איז דאָך ליזאַ! — האָט טרוסאָצקי אַ זאָג געטון מיט אַ פריינטלעכן שמייכל.

— וואָס פאַר אַ ליזאַ? — האָט וועלטשאַנינאָוו אַ ברום געטון, און פּלוצלינג האָט אין אים עפּעס ווי אויפגעציטערט. דער איינדרוק איז געווען אַ צופיל איבעראַשנדער. בשעת ער איז פריער אַריינגעקומען און דערזען ליזאַן, האָט ער זיך אפילו געוווּנדערט אָבער ער האָט לחלוטין נישט געהאַט קיין שום פאָרגעפיל, אים איז נישט איינגעפאַלן קיין שום באַזונדערע מחשבה.

— נו, אונדזער ליזאַ, אונדזער טאָכטער ליזאַ! — האָט טרוסאָצקי געשמייכלט.

— ווי אַזוי אַ טאָכטער? האָט איר דען מיט נאַטאַליאַן...

מיט דער פאַרשטאָרבענער נאַטאַליאַ וואַסילעוונאַן געהאַט קינדער? —

האָט וועלטשאַנינאָוו זייער שטיל געפרעגט, נישט גלייבנדיק טרוסאָצקיס רייד און נישט האָבנדיק די דרייסטקייט צו שטעלן די דאָזיקע פראַגע.

— וואָס הייסט? אַך, יאָ, פון וואַנען האָט איר באמת זיך געקאָנט דערוויסן. דאָס האָט אונדז גאָט צוגעשיקט שוין נאָך אייער אוועקפאָרן.

טראָצקי איז ווי אונטערגעשפרונגען פון בענקל פון אויפ־רעגונג, ווייזט אויס, אַן אָנגענעמע אויפרעגונג.

איך האָב גאָרנישט געהערט — האָט וועלטשאַנינאָוו געזאָגט און איז בלאַס געוואָרן.

— אמת, אמת, פון וואַנען האָט איר זיך געקענט דערוויסן! — האָט טרוסאָצקי איבערגעחזרט עטוואָס געריררט. — מיר האָבן דאָך שוין געהאַט פאַרלוירן די האָפנונג. איר געדענקט דאָך — און פלוצלינג האָט אונדז גאָט געבענטשט. וואָס מיט מיר איז דאַמאָלס געשען — ווייסט איין גאָט, דאַכט זיך פונקט אַ יאָר נאָך אייער אַוועקפאָרן! און אפשר ניין, נישט אין אַ יאָר אַרום, אַ סך פריער. הערט נאָר אויס: אויב איך האָב נישט קיין טעות, זענט איר דאַמאָלס אַוועקגעפאָרן פון אונדז אין אָקטאָבער און אפשר גאָר אין נאָוועמבער?

— איך בין אַוועקגעפאָרן פון ט. אָנהויב סעפטעמבער, דעם צוועלפטן סעפטעמבער, איך געדענק גוט...

— שוין-זשע אין סעפטעמבער? הם... ווי אַזוי־זשע האָב איך... — האָט זיך טרוסאָצקי זייער געוווּנדערט. — נו, אויב אַזוי, טאָ זייט־זשע מוחל: איר זענט אַוועקגעפאָרן דעם 12-טן סעפטעמ־בער און ליזאַ איז געבוירן געוואָרן דעם אַכטן מאַי, דאָס הייסט: סעפטעמבער, אָקטאָבער, נאָוועמבער, דעצעמבער, יאַנואַר, פעברואַר, מערץ, אַפּריל, — אין אַכט חדשים אַרום מיט עפּעס און ווען איר האָלט נאָר געוווּסט, ווי די פאַרשטאָרבענע...

— ווייזט-זשע מיר... רופט זי אַריין... — האָט וועלטשאַ־נינאָוו קוים אַרויסגעזאָגט מיט אַן אָפּגעריסן קול.

— אומבאַדינגט! — האָט טרוסאָצקי געענטפערט — באַלד, באַלד וועל איך זי אייך פאָרשטעלן!

און ער איז שנעל אַריינגעגאַנגען אין דער אַנדערער שטוב צו ליזאַן.

עס זענען אַדורכגעגאַנגען דריי אָדער פיר מינוט. אין שטוב האָט מען זיך שטיל געסודעט און עס האָט זיך קוים געהערט ליזאַס שעפּטשען. „זי בעט, אַז מען זאָל זי נישט ארויספירן" — האָט װעלטשאַנינאָװ געטראַכט. ענדלעך זענען זיי אַרויסגעגאַנגען.

— זי שעמט זיך — האָט געזאָגט טרוסאָצקי — אַזאַ שעמעװדיקע, אַ שטאָלצע — אינגאַנצן אין דער מוטער אַריינגעראָטן!

ליזאַ איז אַריינגעקומען שוין אָן טרערן, מיט אַראָפּגעלאָזטע אויגן. דער פאָטער האָט זי געפירט באַ דער האַנט. דאָס איז געווען אַ הויך, שלאַנק און זייער שיין מיידל. זי האָט באַלד אויסגעשטעלט אירע גרויסע בלויע אויגן אויפן גאַסט, קוקנדיק אויף אים נייגעריק אָדער בייז און האָט זיי תיכף ווידער אַראָפּגעלאָזט. אין איר בליק איז געווען דער קינדישער ערנסט, ווען קינדער, וואָס פאַרבלייבן אַליין מיט אַן אומבאַקאַנטן, גייען אַוועק אין אַ ווינקל און קוקן פון דאָרט ערנסט און מיט אומצוטרוי אויפן נייעם נאָך קיינמאָל נישט געזעענעם פאַרשוין. אין איר בליק איז אָבער אויך געווען אַ צווייטער, ווי נישט קיין קינדישער געדאַנק — אַזוי האָט זיך וועלטשאַנינאָוון אויסגעוויזן. דער פאָטער האָט זי צוגעפירט צו אים זייער נאָנט.

— אָט דער פעטער האָט געקענט די מאַמעשי נאָך פריער, אַ פריינט אונדזערער געווען. נו, זיי נישט ווילד, דערלאַנג אים דאָס הענטל.

דאָס מיידל האָט זיך לייכט פאַרבויגן און נישט דרייסט אויסגעצויגן די האַנט.

— נאַטאַליאַ וואַסיליעוונאַ האָט זי באַ אונדז נישט געוואָלט לערנען מאַכן אַ קניקס באַם באַגריסן זיך, נאָר אַזוי, אויפן גרויס שטייגער, זיך לייכט פאַרבייגן און דערלאַנגען דעם גאַסט די האַנט — האָט טרוסאָצקי דערקלערט וועלטשאַנינאָוון, קוקנדיק אויף אים זייער שאַרף.

וועלטשאַנינאָוו האָט געוווסט, אַז ער קוקט אים שאַרף אָן, אָבער ער האָט זיך לחלוטין נישט באַמיט צו פאַרהוילן זיין אויפ־רעגונג. ער איז געזעסן אויפן בענקל, נישט רירנדיק זיך און האָט געהאַלטן ליזאַס האַנט אין זיין האַנט און זיך אויפמערקזאַם צוגע־קוקט צום קינד, אָבער ליזאַ איז עפּעס געווען פאַרזאָרגט און פאַר־געסנדיק איר האַנט אין דער האַנט פון גאַסט, האָט זי כסדר גע־קוקט אויפן פאָטער. זי האָט זיך קראַנקהאַפט צוגעהערט צו אַלעם, וואָס דער פאָטער האָט געזאָגט. וועלטשאַנינאָוו האָט תיכף דער־קענט די גרויסע בלויע אויגן, אָבער מער פון אַלץ האָט אים איבע־ראַשט די וואונדערבאַרע אויסערגעוויינטלעכע צאַרטע ווייסקייט פון איר פּנים און די פאַרב פון די האָר; די דאָזיקע סימנים זענען פאַר אים געווען צופיל באַדייטנד. די שטריכן פון פּנים און די ליפּן האָבן להיפּך שטאַרק דערמאַנט אָן נאַטאַליאַן.

בינו לבינו האָט טרוסאָצקי שוין לאַנג אָנגעהויבן עפּעס צו דערציילן, ווי עס ווייזט אויס, מיט אַן אויסערגעוויינטלעכער היצי־קייט און געפיל, אָבער וועלטשאַנינאָוו האָט זיך לגמרי נישט צוגע־הערט, ער האָט נאָר אויפגעכאַפּט די לעצטע פראַזע.

— ... איר קענט אייך, אַלעקסיי איוואַנאָוויטש, גאָרנישט פאָר־שטעלן אונדזער פרייד מיט דער דאָזיקער מתנה פון גאָט!

— פאַר אונדז איז זי מיט איר קומען אויף דער וועלט געוואָרן אַלץ צוזאַמען, אַזוי, אַז ווען גאָט וואָלט באַ מיר צוגענומען מיין גאַנץ מזל, וואָלט מיר, דאַכט זיך, פאַרבליבן ליזאַ. אָט אין וואָס איך בין, לכל־הפּחות, געווען טיף איבערצייגט.

— און נאַטאַליאַ? — האָט וועלטשאַנינאָוו געפרעגט.

— נאַטאַליאַ וואַסיליעוונאַ? — האָט טרוסאָצקי זיך פאַר־קרומט — איר ווייסט דאָך, איר געדענקט דאָך, זי האָט נישט ליב געהאַט אַ סך צו רעדן. אָבער, גאָט מיינער, ווי אַזוי זי האָט

זיך אויפֿן טויטן בעט געזעגנט מיט ליזאַן... דאָ האָט זיך שוין אַלץ אַרויסגעוויזן! איך האָב אייך געזאָגט „אויפֿן טויטן בעט", אָבער שוין אַ טאָג פֿריִער פֿאַרן טויט איז זי געווען אויפֿגערעגט, האָט זיך געבייזערט און געזאָגט, אַז מען וויל זי אויסהיילן נאָר מיט רעצעפּטן, אַז זי פֿיבערט בלויז און אַז אונדזערע ביידע דאָקטוירים וועלן גאָרנישט אויפֿטון, ווי נאָר קאָך (איר געדענקט אים, אונדזער שטאָבס-דאָקטאָר, דער זקן) וועט צוריקקומען, וועט זי אין צוויי וואָכן אַרום אויפֿשטיין פֿון בעט; יאָ, נאָך פֿינף שעה פֿאַרן אויסהויכן די נשמה, האָט זי דערמאָנט, אַז אין דריי וואָכן אַרום דאַרף מען אומבאַדינגט באַזוכן די מומען אין איר גוט, צו איר געבורטס-טאָג, ליזאַס טויף-מוטער...

וועלטשאַנינאָוו איז פּלוצלינג אויפֿגעשטאַנען פֿון בענקל, נאָך אַלץ נישט אַרויסלאָזנדיק ליזאַס הענטל. אים האָט זיך צווישן אַנדערן אויסגעוויזן, אַז אין מיידלס שאַרפֿן בליק, וואָס איז געווען אָנגעשטרענגט אויפֿן פֿאָטער, איז געווען עפּעס באַשולדיקנדעס.

— איז זי נישט קראַנק? — האָט וועלטשאַנינאָוו פּלוצלינג אַ פֿרעג געטון.

— דאַכט זיך, אַז נישט, אָבער... אונדזערע אומשטענדן דאָ האָבן זיך אַזוי געשאַפֿן — האָט טרוסאָצקי געענטפֿערט פֿאַרזאָרגט — אָט, דאָס קינד, וואָס איז זייער דעם אויך נערוועזיש נאָכן טויט פֿון דער מוטער, איז קראַנק געווען צוויי וואָכן אויף אַ היסטערישער קרענק. ווען איר זענט אַריינגעקומען, איז דאָך בײַ אונדז געווען אַזאַ יללה; „דו הערסט, ליזאַ, דו הערסט?" און צוליב וואָס? אַלץ צוליב דעם, וואָס איך גיי אַוועק און לאָז זי איבער. בײַ איר הייסט דאָס, אַז איך האָב זי שוין מער נישט ליב, ווי פֿריִער, בשעת די מאַמע האָט געלעבט. אָט, אין וואָס זי באַשולדיקט מיך. און אַזאַ פֿאַנטאַזיע קומט אין קאָפּ אַריין אַ קינד, וואָס דאַרף זיך

נאָך שפּילן. אָבער דאָ האָט זי נישט אפילו מיט ווערמען זיך צו שפּילן.

— זענט איר דאָ, הייסט עס, נאָר אין צווייען...

— אינגאַנצן איינזאַם, נאָר אַ דינסט קומט אַריין איינמאָל אין טאָג.

— און איר גייט אַוועק, איבערלאָזנדיק זי אַליין?

— ווי־זשע דען? נעכטן בין איך אַוועקגעגאַנגען און זי פאַר־מאַכט אָט אין דער שטוב און דערפאַר האָט זי היינט אַזוי געוויינט. וואָס־זשע דען האָב איך געקענט טון, זאָגט אַליין? אייערנעכטן איז זי אַראָפּגעגאַנגען אַליין אָן מיר, און אַ יינגל האָט איר געוואָרפן אַ שטיין אין קאָפּ אַריין. אַן אַנדערש מאָל צעוויינט זי זיך און לויפט צו אַלעמען אויפן הויף פרעגן, וווהין איך בין אַוועקגעגאַנ־גען. דאָס איז דאָך נישט גוט. און אויך איך בין נישט גוט: איך זאָג; אַז איך גיי אַוועק אויף אַ שעה און קום צומאָרגנס אינדער־פרי. אַזוי איז אויך נעכטן געשען. נאָך גוט, וואָס די באַלעבאָסטע האָט אָן מיר איר געעפנט די טיר, גערופן אַ שלאָסער אויפצועפע־נען. ס'איז מיר אַ חרפה אויסצוזאָגן, איך פיל אַליין, אַז איך בין אַן אויסוווּרף, אַלץ פון קאָפּ־פאַרדרייעניש, אַלץ פון קאָפּ־פאַרדריי־עניש...

— טאַטעשי! — האָט דאָס מיידל אומרויִק און נישט דרייסט זיך אָנגערופן.

— וואָס שוין ווידער? ווידער דאָס זעלבע! וואָס האָב איך דיר אַמאָל געזאָגט?

— איך וועל שוין נישט, איך וועל שוין נישט — האָט לי־זאַ איבערגעחזרט אין שרעק, פאַרלייגנדיק פאַרן פאָטער די הענט.

— אַזוי קען עס לענגער נישט זיין באַ אייך, באַ אייערע אומשטענדן — האָט וועלטשאַנינאָוו פלוצלינג אַ זאָג געטון מיטן קול פון אַ מענטש, וואָס האָט אַ דעה — איר זענט דאָך אַ מענטש, א

־אַרמעגלעכער, ווי אזוי־זשע קענט איר — אין דער דאַזיקער אַפּי־ צינע און אין אַזעלכע באַדינגונגען...

— אין דער אַפּיצינע? אין אַ וואָך אַרום וועלן מיר נאָך אפשר אַוועקפאָרן. און געלט איז אַזוי אויך גענוג אַוועקגעגאַנגען, און הגם איך בין פאַרמעגלעך...

— נו, גענוג, גענוג — האָט אים וועלטשאַנינאָוו איבערגע־ ריסן, ווערנדיק וואָס אַמאָל מער אומגעדולדיקער, ווי ער וואָלט אָפּן זאָגן: „איבעריק זיין גאַנץ רעדן, איך ווייס אַלץ, וואָס דו וועסט זאָגן, און ווייס ווי אומגעדולדיק דו רעדסט” — הערט אויס, איך וועל אייך מאַכן אַ פאָרשלאַג: איר האָט נאָר וואָס געזאָגט, אַז איר וועט דאָ נאָך פאַרבלייבן אַ וואָך און אפשר צוויי. איך האָב דאָ אַ באַקאַנט הויז. דאָס הייסט, אַ באַקאַנטע משפחה, ווו איך געפין זיך ווי בײַ מיר אינדערהיים — שוין אַן ערך צוואַנציק יאָר. דאָס איז די משפחה פּאָגאָרעלצעוו. פּאָגאָרעלצעוו אַלעקסאַנדער פּאַוולאָוויטש, אַ געהיים־ראַט. ער וועט אייך אפשר אויך צונוץ קו־ מען אין אייערע ענינים. זיי זענען איצט אויף זומער־וווינונג. זיי האָבן זייער אַ רייכע ווילע. פרוי פּאָגאָרעלצעוו איז מיט מיר היי־ מיש, ווי אַן אייגענע שוועסטער, ווי אַ מוטער. זיי האָבן אַכט קינ־ דער. לאָזט מיך, וועל איך צו זיי אַהינפירן ליזאַן.. מען דאַרף נישט פאַרלירן קיין איבעריקע צייט. זיי וועלן זי גערן אויפנעמען אויף דער גאַנצער צייט, זיי וועלן זי האַלטן ווי אַן אייגענע טאָכ־ טער, ווי אַן אייגענע טאָכטער!

ער איז געווען שרעקלעך אומגעדולדיק און האָט דאָס נישט געפרווט צו פאַרדעקן.

— דאָס איז עפּעס נישט מעגלעך, — האָט טרוסאָצקי אַ זאָג געטון מיט אַ פאַרקרומטער מינע און איבערשפּיציק. אַזוי האָט זיך וועלטשאַנינאָוו אויסגעוויזן, ווען ער האָט אים געקוקט אין די אויגן אַריין.

...רויאַס? פאַרוואָס איז דאָס נישט מעגלעך?

— וואָס הייסט עפּעס, אַוועקלאָזן אַזוי אַ קינד, פּלוצלינג — לאָמיר אַפילו אָננעמען מיט אַזאַ געטרייען פריינט ווי איר — איך מיין נישט דאָס, פּאָרט אין אַ פרעמד הויז און פון אַזאַ העכערער סביבה. ווו איך ווייס נאָכנישט, ווי אַזוי מען איז דאָרט מקבל פּנים.

— איך האָב דאָך אייך שוין געזאָגט, אַז איך בין באַ זיי ווי אַן אייגענער! — האָט וועלטשאַנינאָוו כמעט בייז אויסגע־שריגן. — פרוי פּאָגאָרעלצעוו וועט זיך פילן גליקלעך, ווען איך וועל איר נאָר איין וואָרט זאָגן, אַזוי ווי מיין אייגענע טאָכטער... צום טייוול, איר ווייסט דאָך אַליין, אַז איר טוט עס נאָר, בכדי צו פּלאַפּלען און מער גאָרנישט... וואָס איז דאָ פאַרהאַן אַ סך צו רעדן?

ער האָט אַ טופּ געטון מיטן פוס.

— איך מיין וועגן דעם, צי ס'וועט נישט זיין שוין צופיל חידושדיק? איך דאַרף דאָך לכל־הפּחות אַמאָל צוויי זי באַזוכן, זי קען דאָ־ נישט פאַרבלייבן אינגאַנצן אָן אַ פאָטער? כאַ־כאַ... און אין אַזאַ אָנגעזען הויז.

— דאָס איז זייער אַ פּשוט הויז, און לגמרי נישט קיין „אָנ־געזען“ — האָט וועלטשאַנינאָוו אויסגעשריגן. — איך האָב דאָך אייך געזאָגט, דאָרט זענען דאָ אַ סך קינדער. זי וועט זיך דאָרט מחיה זיין, אַלץ צוליב דעם... און אייך אַליין וועל איך מאָרגן פאָרשטעלן, אויב איר ווילט. און איר וועט טאַקע אומבאַדינגט דאַרפן אַראָפּפאָרן זיי צו דאַנקען. טאָג־טעגלעך וועלן מיר פאָרן, אויב איר וועט וועלן...

— און פונדעסטוועגן איז עס עפּעס...

— נאַרישקייטן! דער עיקר איז דאָס, אַז איר אַליין ווייסט עס גאַנץ גוט! הערט מיך אויס, קומט צו מיר היינט אין אָוונט, נעכטיקט אויב איר ווילט, וועלן מיר באַלד אינדערפרי אַראָפּפאָרן, בכדי אַרום צוועלף אַ זייגער שוין דאָרט צו זיין.

— ווי ווענלן מיר אייך קענען אָפּדאַנקען! אפילו נעכטיקן באַ אייך... — האָט טרוסאָצקי פלוצלינג מסכים געווען — וואָס פאַר אַ גרויסע טובה איר טוט מיר... אָבער וואָס מאַכט מען מיט אירע מלבושים? אַזאַ אָנגענעם הויז, און נאָך דערצו אויף אַ זומער-ווינונג, איר ווייסט דאָך... אַ טאַטנס האַ־ץ...

— וואָס פאַר אַ מלבושים? זי איז אין טרויער, דאַרף זי דען האָבן אַן אַנדער מלבוש? זייער אַ שיינער, וועלכן מען קען זיך נאָר פאָרשטעלן! אָבער וועש וואָלט מען געדאַרפט האָבן אַ ביסל ריינערע, די פאַטשיילע...

די פאַטשיילע און די וועש, וואָס האָט זיך אַרויסגעזען, זענען באמת געווען שמוציק.

— נו, תיכּף זיך איבערטון, — האָט טרוסאָצקי אַ זאָג געטון — די איבעריקע בייטיקע וועש וועלן מיר אויך באַלד צונויפקלויבן! זי איז באַ מאַריאַ סיסאָיעוונאַן אין וואַשן.

— הייסן ברענגען אַ דראָשקע — האָט וועלטשאַנינאָוו אים איבערגעשלאָגן די רייד — און ווי מעגלעך, וואָס גיכער.

עס האָט זיך אָבער אַרויסגעוויזן אַ מניעה: ליזאַ האָט זיך קאַטעגאָריש אַנטקעגנגעשטעלט. זי האָט אַ גאַנצע צייט זיך צוגע-הערט מיט שרעק, און ווען וועלטשאַנינאָוו וואָלט בשעתן צורעדן טרוסאָצקין געהאַט צייט זיך צוצוקוקן צו ליזאַן, וואָלט ער אויף איר פּנימל דערזען אַ שרעקלעכע פאַרצווייפלונג.

— איך וועל נישט פאָרן, — האָט זי געזאָגט שטיל אָבער מיט אַ זיכערן טאָן.

— אָט זעט, אינגאַנצן אין דער מאַמען געראָטן!

— איך בין נישט געראָטן אין דער מאַמען, איך בין נישט געראָטן אין דער מאַמען! — האָט ליזאַ אויסגעשריגן, צונויפברעכנ-דיק פאַרצווייפלט די קליינע הענטלעך און ווי פאַרענטפערנדיק זיך פאַרן פאָטער צוליבן שרעקלעכן פאָרוואורף, אַז זי איז געראָטן אין

דער מאַמען. — טאַטעשי, טאַטעשי, אויב דו וועסט מיך אַוועק־וואַרפן...

זי האָט זיך פּלוצלינג אַרויפגעוואָרפן אויפן דערשראָקענעם וועלטשאַנינאָוון.

— אויב איר וועט מיך צונעמען, וועל איך...

אָבער זי האָט נישט באַוויזן אַרויסצורעדן קיין איין וואָרט מער. טרוסאָצקי האָט זי אָנגעכאַפּט בא דער האַנט, שיִער נישט פאַרן קאָלנער, און מיט אַן אָפענעם כּעס זי אַריינגעשלעפּט אין דער קליינער שטוב. דאָרט האָט מען אייניקע מינוט עפּעס געמורמלט, ס׳האָט זיך געהערט אַ דערשטיקט געוויין. וועלטשאַנינאָוו האָט שוין אַליין געוואָלט אַהין אַריינגיין, אָבער טרוסאָצקי איז אַרויסגעקומען און האָט מיט אַ פאַרקרומטן שמייכל דערקלערט, אַז זי וועט תּיכּף אַריינקומען. וועלטשאַנינאָוו האָט זיך באַמיט נישט צו קוקן אויף אים.

אויך מאַריאַ סיסאָיעוונאַ איז געקומען, די זעלבע אַלטע פרוי, וועלכע וועלטשאַנינאָוו האָט געטראָפן פריִער, אַריינקומענדיק אין קאָרידאָר. זי האָט גענומען צונויפלייגן אין אַ גוטער קליינער וואַליזקע די וועש, וואָס זי האָט געבראַכט.

— איר, הער לעבן, וועט אָפּפירן דאָס מיידל? — האָט זי זיך געווענדט צו וועלטשאַנינאָוון — איר האָט א משפּחה? זייער גוט טוט איר, הער־לעבן; דאָס קינד איז אַ ווילס, פון סדום וועט איר עס מציל זיין.

— נו, הערט שוין, מאַריאַ סיסאָיעוונאַ — האָט טרוסאָצקי אַ ברום געטון.

— וואָס איז, איז דען נישט בא מיר סדום? איז שוין פאַר אַ קינד מיט שכל צו קוקן אויף אַזאַ חרפּה? א דראָשקע האָט מען אייך געברענגט, הער־לעבן — אויף זומער־וווינונג, וואָס?

— יאָ, יאָ.

— נו, אין אַ גוטער שעה.

ליזאַ איז אַרויסגעקומען אַ בלאַסע מיט אונטערגעהאַקטע אויגן און האָט געגומען די וואַליזע. זי האָט נישט געוואָרפן קיין איין בליק אין דער זייט פון וועלטשאַנינאָוון. זי האָט זיך איינגעהאַלטן און זיך נישט געוואָרפן, ווי אַמאָל, אַרומנעמען דעם פּאָטער, אפילו באַם געזעגענען זיך; זי האָט, ווי עס ווייזט אויס, אפילו נישט געוואָלט אַ קוק געבן אויף אים. דער פּאָטער האָט איר אַ קוש געגעבן אין קאָפּ און איר אַ גלעט געטון. זי האָט דערביי פאַרקרומט די ליפּ, אָבער די אויגן האָט זי פונדעסטוועגן נישט אויפגעהויבן אויפן פּאָטער. טרוסאָצקי איז ווי בלאַס געוואָרן און די הענט האָבן באַ אים געציטערט. וועלטשאַנינאָוו האָט דאָס באַמערקט, הגם ער האָט זיך באַמיט נישט צו קוקן אויף טרוסאָצקין. איין זאַך האָט ער געוואָלט — וואָס גיכער אַוועקפאָרן.

— און דאָך, וואָס בין איך שולדיק? — האָט ער געטראַכט — אַזוי האָט מסתמא געדאַרפט זיין.

זיי זענען אַראָפּגעגאַנגען. מאַריאַ סיסאָיעוונאַ האָט זיך צעקושט מיט ליזאַן. שוין אַריינזעצנדיק זיך אין דער דראָזשקע, האָט ליזאַ אויפגעהויבן די אויגן אויפן פּאָטער — און פּלוצלינג האָט זי אַ קלאַפּ געטון מיט די הענטלעך און אויסגעשריגן. נאָך איין רגע, וואָלט זי אַראָפּגעשפּרונגען פון דער דראָזשקע און זיך געוואָרפן אויפן פּאָטער, אָבער די פערד האָבן זיך שוין גערירט פון אָרט.

## VI.

## אַ נייע פאַנטאַזיע פון אַ ליידיקגייער.

— איז אייך נישט חלילה שלעכט געוואָרן — האָט וועלטשאַנינאָוו זיך דערשראָקן. — איך וועל הייסן אָפּשטעלן, איך וועל הייסן אַרויסטראָגן וואַסער...

זי האָט אויף אים אויסגעשטעלט די אויגן און הייס, קרום אַ קוק געגעבן.

— וווהין שלעפּט איר מיך? — האָט זי אַ זאָג געטון שאַרף און אָפּגעריסן.

— דאָס איז אַ הערלעך הויז, ליזאַ, זיי זענען איצט אויף אַ שיינער זומער-וווינונג. דאָרט זעזען פאַרהאַן אַ סך קינדער, זיי וועלן אייך דאָרט ליב האָבן, זיי זענען גוטע מענטשן... בייזערט זיך נישט אויף מיר, ליזאַ, איך מיין אייער טובה...

ער וואָלט זיך אין דער רגע אויסגעוויזן זייער מאָדנע ווען עס איז פון זיינע באַקאַנטע, אויב עמעצער פון זיי וואָלט אים איצט געקענט אָנקוקן.

— איר זענט — אָ, איר זענט... איר זענט אַ שלעכטער! — האָט ליזאַ געזאָגט, דערשטיקנדיק זיך פון די טרערן, וואָס האָבן זי געדריקט און וואַרפנדיק אויף אים אַ שאַרפן בליק מיט אירע בייזע שיינע אייגעלעך.

— ליזאַ, איך...

— איר זענט אַ שלעכטער, אַ שלעכטער, אַ שלעכטער!

זי האָט צונויפגעבראָכן אירע הענט. וועלטשאַנינאָוו האָט זיך אינגאַנצן פאַרלוירן.

— טייערע ליזאַ, ווען איר וואָלט געוווּסט, אין וואָס פאַר אַ פאַרצווייפלונג איר ברענגט מיך אַריין!

— ס'איז אמת, אַז ער וועט מאָרגן קומען? אמת? האָט זי געפרעגט באַפעלעריש.

— אמת, אמת! איך וועל אים אַליין ברענגען צו פירן, איך וועל אים נעמען און ברענגען.

— ער וועט אָפּנאַרן — האָט ליזאַ אַ זאָג געטון, אַראָפּלאָזנדיק די אויגן.

— האָט ער דען אייך נישט ליב, ליזאַ?

— ניין, ער האָט מיך נישט ליב.

— ער האָט אייך באַליידיקט, באַליידיקט?

ליזאַ האָט פאַרצערט אַ קוק געגעבן אויף אים און געשוויגן. זי האָט זיך ווידער אומגעדרייט פון אים און געזעסן האַרט ווי אַ שטיין. ער האָט איר אָנגעהויבן איינרעדן, ער האָט גערעדט מיט היץ און האָט אַליין געפיבערט. ליזאַ האָט זיך צוגעהערט צו זיינע רייד מיט אומצוטרוי, פיינטלעך, אָבער זי האָט זיך צוגעהערט. איר אויפמערקזאַמקייט האָט אים פאַרשאַפט זייער פיל נחת. ער האָט איר זאָגאַר אָנגעהויבן צו דערקלערן, וואָס הייסט אַזוינס אַ מענטש, וואָס שיכורט. ער האָט איר געזאָגט, אַז ער האָט זי אַליין ליב און וועט גוט נאָכקוקן דעם פאָטער. ליזאַ האָט ענדלעך אויפגעהויבן אירע אויגן און אויף אים שאַרף אַ קוק געגעבן. ער האָט איר אָנגעהויבן דערציילן, ווי אַזוי ער האָט נאָך געקענט איר מוטער, און האָט געזען, ווי ער פאַראינטערעסירט זי מיט זיין דערציילן. ביסלעכווייז האָט זי אָנגעהויבן ענטפערן אויף זיינע פראַגן, פאָרזיכטיק, קורץ און איינגעשפאַרט. אויף די הויפּט־פראַגן האָט זי פונדעסטוועגן גאַרנישט געענטפערט; זי האָט פאַרעקשנט געשוויגן וועגן אַלעם.

וואָס האָט געהאַט אַ שייכות מיט אירע פריערדיקע באַציונגען מיטן פאָטער. רעדנדיק מיט איר, האָט וועלטשאַנינאָוו זי אָנגענומען באַ דער האַנט, ווי פריער, און נישט אַרויסגעלאָזט זי, זי האָט זי נישט אָפּגענומען. איבעריקנס האָט דאָס מיידל נישט אינגאַנצן געשוויגן. זי האָט זיך פאָרט אַרויסגערעדט אין די נישט קלאָרע תשובות, אַז דעם פאָטער האָט זי מער ליב געהאַט, און די מאַמע האָט זי פריער ווייניקער ליב געהאַט, אָבער ווען די מאַמעשי האָט געהאַלטן באַם שטאַרבן, האָט זי זייער געקושט זי און געוויינט, ווען אַלע זענען אַרויסגעגאַנגען פון שטוב און זיי זענען געבליבן אין צווייען... די מאַמען האָט זי איצט מער ליב פון אַלע, מער פון אַלע אויף דער וועלט, יעדע נאַכט האָט זי זי מער ליב...

אָבער דאָס מיידל איז באמת געווען שטאָלץ; דערפילנדיק, אַז זי האָט זיך אַרויסגערעדט, האָט זי פלוצלינג זיך ווידער איינגעשלאָסן אין זיך און געשוויגן. זי האָט זאָגאַר געקוקט מיט שנאה אויף וועלטשאַנינאָוון דערפאַר, וואָס ער האָט זי געצוווּנגען זיך אויסצורעדן. צום סוף פון זייער נסיעה איז איר היסטעריקע כמעט אינגאַנצן דורכגעגאַנגען, אָבער זי האָט זיך זייער פאַרטראַכט און האָט געקוקט ווילד, פאַרחושכט און איינגעקשנט. דאָס, וואָס מען פירט זי איצט אין אַן אומבאַקאַנט הויז, אין וועלכן זי איז נאָך קיינמאָל נישט געווען, האָט זי דערווייל ווייניק געאַרט זי האָט געמאַטערט עפּעס אַנדערש. וועלטשאַנינאָוו האָט דאָס געזען. ער האָט זיך אָנגעשטויסן, אַז זי שעמט זיך פאַר אים, אַז איר איז אַ חרפּה טאַקע דאָס, וואָס דער פאָטער האָט זי אַזוי לייכט אָפּגעלאָזט מיט אים, ווי ער וואָלט זי צוגעוואָרפן וועלטשאַנינאָוון.

— זי איז קראַנק — האָט וועלטשאַנינאָוו געטראַכט — עס קען זיין, אַז זי איז זייער קראַנק... מען האָט זי געפייניקט... אָ, שיכּורע, נידערטרעכטיקע בריאה! איצט פאַרשטיי איך אים שוין!

ער האָט צוגעיאָגט דעם קוטשער, ער האָט געלייגט גרויסע

האָפנונגען אויף דער זומער־ווינונג, אויף דער לופט, אויפן גאַניק, אויף די קינדער, אויף דאָס נייע, פאַר אים אומבאַקאַנטע לעבן, און דאָרט, דערנאָך... אָבער אין דעם, וואָס עס וועט זיין שפּעטער האָט ער שוין לחלוטין נישט געצווייפלט. אין דעם פּרט האָט ער זייער פיל געהאָפט. איין זאַך האָט ער איצט אויסגעצייכנט געוווּסט: אַז ער האָט קיינמאָל נישט אַדורכגעלעבט דאָס, וואָס ער פילט איצט, און אַז דאָס וועט פאַרבלייבן אין אים זיין גאַנץ לעבן!

— אָט דאָס איז דער ציל! אָט דאָס איז דאָס לעבן! — האָט ער באַגייסטערט געטראַכט.

אַ סך געדאַנקען האָבן איצט אויפגעבליצט אין זיין מוח, אָבער ער האָט זיך נישט אָפּגעשטעלט אויף זיי און האָט האַרטנעקיק אויסגעמיטן די פּרטים. אָן די פּרטים איז אַלץ געוואָרן קלאָר און זיכער. דער הויפּט־פּלאַן האָט זיך צונויפגעשטעלט, ווי פון זיך אַליין:

— מען וועט קענען ווירקן אויפן דאָזיקן אויסוווּרף — האָט ער געהאָפט — מיט פאַרייניקטע כוחות, און ער וועט איבערלאָזן ליזאַן אין פּעטערבורג, בא די פּאָגאָרעלצעווס, לכתחילה כאָטש אויף אַ געוויסע צייט, אויף אַ געוויסן טערמין, און ער וועט אַליין אַוועקפאָרן. און ליזאַ וועט איבערבלייבן בא מיר. דאָס איז אַלץ, און וואָס דאַרף מען מער? און... און ער וויל דאָך דאָס אוודאי אַליין, אַז נישט, פאַרוואָס פייניקט ער זי?

ענדלעך זענען זיי אָנגעקומען אויף דער זומער־ווינונג. די משפחה פּאַגאָרעלצעוו האָט באמת געוווינט אין אַ פרעכטיק אָרט. זיי האָט קודם־כל באַגעגנט אַ טומלענדיקע כאַליאַסטרע קינדער, וואָס איז אַרויסגעלאָפן אויפן גאַניק פון דער זומער־ווינונג. וועלטשאַנינאָוו איז שוין דאָ זייער לאַנג נישט געווען, און די שמחה פון די קינדער איז געווען אין לשער: זיי האָבן אים זייער ליב גע-

האָט. די עלטערע קינדער האָבן תּיכּף אויסגעשריגן אַ אָים, נאָך איידער ער איז אַראָפּגעגאַנגען פון דער דראָזשקע:

— און וואָס איז מיטן פּראָצעס, וואָס מאַכט איר מיטן פּראָצעס?

דאָס האָבן אויפגעכאַפּט די קלענסטע קינדערלעך און מיט אַ געלעכטער נאָכגעקוויטשעט די עלטערע. מען האָט זיך דאָ גע-רייצט מיט אים מיט זיין פּראָצעס, אָבער דערזעענדיק ליזאַן, האָבן זיי זי תּיכּף ארומגערינגלט און אָנגעהויבן זי באַטראַכטן מיט אַ שטילער, קינדישער נייגעריקייט. עס איז אַרויסגעקומען פרוי פּאָגאָ-רעלצעווו, און דערנאָך איז געקומען דער מאַן. סיי זי און סיי דער מאַן האָבן אויך אָנגעהויבן מיטן זעלבן און באַלד באַם ערשטן וואָרט מיט אַ שמייכל געפרעגט וועגן פּראָצעס.

קלאַודיאַ פּעטראָוונאַ פּאָגאָרעלצעווו איז געווען אַ פרוי פון אַן ערך זיבן און דרייסיק יאָר, אַ פולע און נאָך שיינע ברונעטקע, מיט אַ פריש רויטלעך פּנים. איר מאַן איז אַלט געווען אַן ערך פינף און פערציק יאָר, אַ מענטש אַ קליגער, אָבער קודם-כּל זייער אַ גוטער. זייער הויז איז, אין פולן זין פון וואָרט, געווען אַן „אייגן ווינקל" פאַר וועלטשאַנינאָוון, ווי ער האָט זיך אַליין אויסגעדריקט. אָבער דאָ איז געווען נאָך איין סיבה: אַן ערך מיט צוואַנציק יאָר צוריק האָט פרוי פּאָגאָרעלצעווו שיער נישט חתונה געהאַט מיט וועלטשאַנינאָוון, ער איז דאַמאָלס געווען נאָך זייער יונג, אַ סטו-דענט. דאָס איז געווען די ערשטע, ברענענדיקע, נאַרישע און הערלעכע ליבע. עס האָט זיך אָבער געענדיקט דערמיט, וואָס זי האָט חתונה געהאַט מיט פּאָגאָרעלצעוון. אין אַ פינף יאָר אַרום האָבן זיי זיך ווידער געטראָפן און אַלץ האָט זיך געענדיקט מיט אַ שטילער, האַרציקער פריינטשאַפט. עס איז אויף שטענדיק פאַר-בליבן עפּעס אַ וואַרעמקייט אין זייערע באַציִונגען, עפּעס אַ באַ-זונדערע ליכטיקייט, וואָס האָט באַשטראַלט זייערע באַציִונגען. דאָ

איז אַלץ געווען ריין און אומבאַפלעקט אין וועלטשאַנינאָווס דערי־
נערונגען, און עס איז אים געווען נאָך טייערער און ליבער דער־
פאַר, וואָס נאָר אויסשליסלעך דאָ האָט ער אַדורכגעלעבט אַזעלכע
געפילן. דאָ, באַ דער דאָזיקער משפחה, איז ער געווען פשוט, נאַיוו,
גוט, האָט זיך געשפּילט מיט די קינדער, קיינמאָל גאָרנישט פאַר־
דעקט, זיך מתוודה געווען אין אַלץ און אין אַלעם. ער האָט נישט
איינמאָל געשוווירן פּאָגאָרעלצעוון, אַז ער וועט נישט לאַנג נאָך
ווינען אין דער ברייטער וועלט, אַז ער וועט סוף־כל־סוף איבגאַנצן
צו זיי אַריבערפאָרן און אָנהייבן ווינען צוזאַמען מיט זיי און זיך
קיינמאָל שוין נישט צעשיידן. באַ זיך אַליין האָט ער זייער ערנסט
געקלערט וועגן דאָזיקן פּלאַן.

ער האָט זייער אויספירלעך דערציילט די פּאָגאָרעלצעווס
וועגן ליזאַן אַלץ, וואָס מען האָט געדאַרפט. אָבער עס איז גענוג
געווען זיין בלויזע בקשה, אָן שום באַזונדערע דערקלערונגען. פרוי
פּאָגאָרעלצעוו האָט אויסגעקושט די „יתומה“ און צוגעזאָגט צו טון
אַלץ, וואָס זי וועט זיין בכוח. די קינדער האָבן אויפגעכאַפּט ליזאַן
און זי אַוועקגעפירט אין גאָרטן, זיך שפּילן מיט איר. אין אַ האַל־
בער שעה אַרום, נאָך אַ לעבהאַפטן געשפּרעך, איז וועלטשאַנינאָוו אויפ־
געשטאַנען און זיך אָנגעהויבן געזעגענען. ער איז געווען זייער אומ־
געדולדיק. דאָס האָבן אַלע באַמערקט און אַלע האָבן זיך געוווּנ־
דערט: נישט געווען דריי וואָכן און פאָרט איצט אַוועק נאָך אַ באַ־
זוך פון אַ האלבער שעה. ער האָט געשמייכלט און געשוווירן, אַז
ער וועט מאָרגן נאָכאַמאָל קומען. מען האָט אים געמאַכט אַ באַ־
מערקונג, אַז ער איז צו שטאַרק איבערגערעגט. ער האָט פּלוצלינג
אָנגענומען פרוי פּאָגאָרעלצעוו באַ דער האַנט און מיטן אויסרייד,
אַז ער האָט איר פאַרגעסן צו זאָגן עפּעס אַ וויכטיקן ענין, האָט ער
זי אַוועקגעפירט אין דער צווייטער שטוב אַריין.

— איר געדענקט, וואָס איך האָב אייך געזאָגט, אייך אַליין,

און וועגן וואָס אייער מאַן ווייסט אפילו נישט, וועגן מיין יאָר לעבן אין ט.?

— איך געדענק צו גוט. איר האָט מיר אָפט וועגן דעם דערציילט.

— איך האָב אייך נישט דערציילט, איך האָב זיך מתוודה געווען, און נאָר פאַר אייך, פאַר אייך אַליין! איך האָב אייך קיינ-מאָל נישט אָנגערופן דעם פאַמיליען-נאָמען פון דער דאָזיקער פרוי. זי האָט געהייסן טרוסאָצקאַיאַ, די פרוי פון דאָזיקן טרוסאָצקין. זי איז געשטאָרבן, און ליזאַ איז איר טאָכטער — מ יי ן טאָכטער!

— זיכער? איר האָט נישט קיין טעות? — האָט פרוי פּאָגאָ-רעלצעוו געפרעגט אַ ביסל צערידערט.

— פולשטענדיק זיכער, איך האָב לחלוטין נישט קיין טעות! — האָט וועלטשאַנינאָוו באַגייסטערט אָפּגעענטפערט.

און ער האָט איר אַלץ דערציילט בקיצור, איילנדיק זיך און איפּרעגנדיק זיך שרעקלעך. פרוי פּאָגאָרעלצעוו האָט אויך פריער דאָס אַלץ געוווּסט, אָבער דער פאַמיליען-נאָמען פון יענער פרוי איז איר נישט געווען באַקאַנט. וועלטשאַנינאָוו האָט דערפילט אַזאַ פּחד בלויז באַם געדאַנק אַליין, אַז עמעצער פון זיינע באַקאַנטע וועט ווען עס איז באַגעגענען מאַדאַם טרוסאָצקי און אַ טראַכט טון, אַז ער, וועלטשאַנינאָוו, האָט אַזוי ליידנשאַפטלעך געקענט ליב האָבן די דאָזיקע פרוי, — אַז ער האָט אפילו די פרוי פּאָגאָרעלצעוו, זיין איינציקן פריינט, נישט געוואַגט צו אַנטפּלעקן ביז איצט דעם נאָמען פון דער „דאָזיקער פרוי".

— און דער פאָטער ווייסט גאָרנישט? — האָט געפרעגט פרוי פּאָגאָרעלצעוו, נאָכדעם ווי וועלטשאַנינאָוו האָט שוין אַלץ דערציילט.

— נ-ניין, ער ווייסט נישט... דאָס טאַקע פייניקט מיך, וואָס איך האָב נאָך נישט אַלץ אויסגעפאָרשט! — האָט וועלטשאַנינאָוו

ווייטער גערעדט זייער אויפגעבראַכט. — ער ווייסט, ער ווייס: איך האָב דאָס באַמערקט נעכטן און היינט! דערפאַר טאַקע אייל איך מיך איצט. היינט אין אָוונט וועט ער קומען. איך פאַרשטיי נישט איבעריקנס, פונוואַנען ער קען וויסן, דאָס הייסט וויסן אַ ל ץ? וועגן באַגאַוטאַויון ווייסט ער אַלץ, דאָס איז בלתי ספק. אָבער וועגן מיר? איר ווייסט דאָך, ווי פרויען קענען אין אַזעלכע פאַלן גלייבן זייערע מענער? זאָל אפילו אַראָפּקומען אַ מלאך פון הימל — וועט דער מאַן אויך אים נישט גלייבן, און וועט גלייבן זיין פרוי! שאָקלט נישט מיטן קאָפּ, פאַראורטיילט מיך נישט, איך פאַרמשפט זיך אַליין און האָב זיך שוין פאַר אַלעם לאַנג, זייער לאַנג פארמשפט!..

איר ווייסט: זייענדיק בא אים, בין איך געווען אַזוי איבערצייגט, אַז ער ווייסט אַלץ, אַז איך האָב זיך אַליין פאַר זיינע אויגן קאָמפּראָמיטירט. איר וועט מיר גלייבן: מיר איז אַזאַ חרפה, מיר איז אַזוי שווער אויפן האַרץ דערפאַר, וואָס איך האָב אים נעכטן אַזוי באַגעגנט: (איך וועל אייך נאָך שפּעטער אַלץ דערציילן אויספירלעך) ער איז נעכטן אַריינגעקומען צו מיר מיטן אויסדריקלעך ביין ווילן מיר געבן אָנצומערקן, אַז ער ווייסט וועגן זיין חרפה. און ווייסט וועער עס האָט אים פאַרשאַפט די דאָזיקע חרפה! דאָס איז די גאַנצע סיבה פון זיין נאַרישן קומען אָנגעשיכורט. אָבער דאָס איז אַזוי באַטירלעך פון זיין זייט! ער איז טאַקע אַריינגעקומען מיך אויסזידלען! איך האָב בכלל זיך צו היציק אויפגעפירט נעכטן און היינט! אומפאַרזיכטיק, נאַריש! איך האָב זיך אַליין גים אויסגעגעבן! פאַרוואָס איז ער געקומען צו מיר אין אַזאַ אויפגערעגטן מצב? ער האָט אפילו ליזאַן געפייניקט, ער האָט געפייניקט דאָס קינד און אויך אוודאי דערפאַר, כדי זי אויסצוזידלען, כדי אויסצולאָזן אַלדאָס בייז צום קינד! יאָ, ער איז אין כעס — ווי קליינלעך און נישטיק ער זאָל נישט זיין, איז ער אין כעס. אין פלוג איז ער אַ לועג לרש, כאָטש פריער האָט ער געמאַכט דעם איינדרוק,

-ון אַן אַרנטלעכן מענטש. וויפֿל ער האָט געקענט, האָט ער זיך איינגעהאַלטן, אָבער עס איז דאָך אַזוי נאַטירלעך, וואָס ער איז אַרויס לתרבות רעה! איר ווייסט וואָס, מיין ט״יערע: איך וועל זיך צו אים אינגאַנצן איבעראַנדערשן, איך וועל אים אָנהייבן צערטלען. דאָס וועט אפילו זיין אַן „איידעלער טאַט" פון מיין זייט, ווייל סוף-כל-סוף בין איך שולדיק קעגן אים! איר ווייסט, וואָס איך וועל אייך דערציילן: איך האָב אַמאָל אין ט. פלוצלינג געדאַרפט האָבן פיר טויזנט רובל, האָט ער זיי מיר געגעבן אין איין רגע, אָן שום דאָקומענט, מיט אַן אויפריכטיקער פרייד, אַז ער קען מיר טון אַ טובה, און איך האָב דאָך דאַמאָלס גענומען פון זיינע הענט, גענו-מען, ווי פון אַ פריינט.

— אָבער זייט פּאַרזיכטיקער — האָט פּרוּי פּאָגאָרעלצעווו אומרויִק באַמערקט — איר זענט אַזוי באַגייסטערט, אַז איך האָב פשוט מורא פאַר אייך! ליזאַ איז, פאַרשטייט זיך, איצט אויך מיין טאָכטער, אָבער דאָ זענען דאָך נאָך אַזוי פיל ענינים נישט אויפ-געקלערט! און דער עיקר, זייט איצט פאָרזיכטיקער. איר דאַרפט זיך אומבאַדינגט אַ ביסל מער היטן, ווען איר זענט אַזוי גליקלעך אָדער באַגייסטערט. איר זענט צופיל גרויסמוטיק, ווען אויף אייך קומט אַ גליקלעכע שעה — האָט זי צוגעגעבן מיט אַ שמייכל.

אַלע זענען אַרויסגעגאַנגען באַגלייטן וועלטשאַנינאָוון. די קינ-דער האָבן מיטגעברענגט ליזאַן, מיט וועלכער זיי האָבן זיך גע-שפּילט אין גאָרטן. זיי האָבן, ווי עס ווייזט אויס, געקוקט אויף איר איצט מער פאַרוואונדערט, ווי פריִער. ליזאַ איז אינגאַנצן ווילד גע-וואָרן, ווען וועלטשאַנינאָוו האָט איר פאַר אַלעמען אין די אויגן אַ קוש געגעבן באַם געזעגענען זיך און מיט אַ היציקן טאָן איבער-געחזרט זיין צוזאָג צו קומען מאָרגן מיטן פאָטער. ביז דער לעצ-טער רגע האָט זי געשוויגן און נישט געקוקט אויף אים, אָבער פלוצלינג האָט זי אים אָנגעכאַפּט באַם אַרבל און אַוועקגעשלעפּט

ער־געץ אָן אַ זייט, ווענדנדיק זיך מיט אַ בליק פול מיט תחנונים.
זי האָט אים געוואָלט עפּעס זאָגן. ער האָט זי תיכף אַוועקגעפירט
אין אַ צווייט צימער.

— וואָס איז ליזאַ! — האָט ער איידל און באַרויקט געפרעגט,
אָבער זי האָט אַלץ שרעקעוודיק. זיך אַרומגעקוקט און אים גע־
שלעפּט וואָס ווייטער אין ווינקל, זי האָט זיך געוואָלט באַהאַלטן
פון אַלעמען.

— וואָס איז ליזאַ, וואָס איז געשען?

זי האָט געשוויגן און האָט זיך נישט געקענט באַ זיך אָפּ־
פּאַסן. זי האָט אומבאַוועגלעך אים געקוקט גלייך אין די אויגן
און אין אַלע שטריכן פון איר פּנימל איז געווען אויסגעדריקט אַן
אומבאַוווסטע שרעק.

— ער וועט זיך... אויפהענגען! — האָט זי שטיל אַ זאָג
געטון, ווי אין היץ.

— ווער וועט זיך אויפהענגען? — האָט וועלטשאַנינאָוו גע־
פרעגט דערשראָקן.

— ער, ער! ער האָט זיך באַנאַכט געוואָלט אויפהענגען
אויף אַ שטריק — האָט דאָס מיידל שנעל אַ זאָג געטון, איינ־
האַלטנדיק דעם אָטעם. — איך האָב אַליין געזען! ער האָט זיך
דאַ ווען עס איז געוואָלט אויפהענגען, ער האָט מיר געזאָגט, גע־
זאָגט! ער האָט אויך פריער געוואָלט, ער האָט שטענדיק געוואָלט...
איך האָב געזען באַנאַכט...

— עס קען נישט זיין! — האָט וועלטשאַנינאָוו זיך אָנגע־
רופן פאַרוואונדערט.

זי האָט זיך פּלוצלינג געוואָרפן אים קושן די הענט. זי
האָט געוויינט, איבערכאַפּנדיק קוים דעם אָטעם אינמיטן די יללות,
זי האָט אים געבעטן רחמים, אָבער ער האָט גאָרנישט פאַרשטאַנען
פון איר היסטעריש כליפּען, און אויף שטענדיק איז באַ אים דער־

נאָך פאַרבליבן אייגעקריצט אין זכרון, האָט זיך פאַר אים גע־פלאָנטערט אויף דער וואך און געחלומט אין שלאָף, דער דאָזי־קער אויסגעמאַטערטער בליק פון געפייניקטן קינד, וואָס האָט גע־קוקט אויף אים מיט אַ שרעקלעכן שגעון און לעצטער האָפנונג.

„צי האָט זי טאַקע אַזוי שטאַרק ליב — האָט ער אייפער־זיכטיק און מיט קנאה געטראַכט, צוריקקערנדיק זיך אין שטאָט שרעקלעך אומגעדולדיק. — זי האָט דאָך פריִער אליין געזאָגט, אַז זי האָט מער ליב די מאַמען... ס'קאָן זיין, אַז זי האָט גאָר פיינט!... און וואָס זאָל דאָס הייסן: ער וועט זיך אויפהענגען?... וואָס אַזוינס האָט זי געזאָגט? אַזאַ שוטה ווי ער וועט זיך אויפ־הענגען? מען דאַרף זיך דערוויסן, מען דאַרף זיך אומבאַדינגט דערוויסן! מען דאַרף אַלץ ווי אַמגיכסטן קלאָר מאַכן, אינגאַנצן קלאָר מאַכן!“

## VII.

# דער מאַן און דער ליבהאָבער קושן זיך

ער האָט זיך שרעקלעך געאײַלט „זיך צו דערוויסן“. „פריִער בין איך ווי פאַרחושכט געוואָרן. פריִער איז נישט געווען קיין צייט צו באַטראַכטן“ — האָט ער געקלערט, דערמאָנענדיק זיך וועגן זײַן ערשטער באַגעגעניש מיט ליזאַן, אָבער „איצט דאַרף מען זיך דער־וויסן“.

בכדי זיך וואָס גיכער צו דערוויסן, האָט ער אומגעדולדיק זיך געהייסן פירן גלײַך צו טרוסאָצקין. ער האָט זיך אָבער באַלד באַרעכנט:

— ניין, בעסער, אַז ער זאָל אַליין קומען צו מיר, און בינו לבינו וועל איך אין דער צייט וואָס גיכער מאַכן אַ סוף מיט מײַנע פאַרשאָלטענע ענינים.

און מיט אַ באַזונדערער היציקייט האָט ער גענומען דער־ליידיקן זײַנע ענינים. ער האָט אָבער דאָס מאָל אַליין געפילט, אַז ער איז זייער צערודערט און אַז ער טאָר זיך הײַנט נישט פאַר־נעמען מיט זײַנע עסקים. פינף אַ זייגער, ווען ער איז געגאַנגען עסן מיטאָג, איז אים פּלוצלינג צום ערשטן מאָל אײַנגעפאַלן אין קאָפּ אַ נאַרישע מחשבה: אַז עס קען זײַן, אַז ער ברענגט טאַקע נאָר שאָדן דערמיט, וואָס ער מישט זיך אַליין אַרײַן אין דעם פּראָצעס, אַליין שטופּנדיק זיך אין די פאַרשידענע אַמטן און כאַפּנדיי־

זיין אַדוואָקאַט, וואָס האָט זיך שוין אָנגעהויבן אויסבאַהאַלטן פֿון אים. ער האָט זיך פּריילעך צעלאַכט איבער זיין סברה.

— „ווען עס וואָלט מיר נעכטן איינגעפאַלן אַזאַ געדאַנק, וואָלט איך דאָך זיך שרעקלעך מצער געווען" — האָט ער צוגע־געבן נאָך פריילעכער. ניט קוקנדיק אויף זיין פריילעכקייט, איז ער געוואָרן מער צערודערט און מער אומגעדולדיק. צום סוף האָט ער זיך גאָר פאַרטראַכט, און הגם זיינע אומרויִקע מחשבות האָבן אין זייער לויף פאַרטשעפעט פאַרשידענע ענינים, איז אָבער פונם גאַנצן נישט אַרויסגעקומען דאָס, וואָס ער האָט געדאַרפט.

— איך דאַרף אים האָבן, דעם דאָזיקן פאַרשוין! — איז ער ענדלעך געקומען צום אויספיר — מען דאַרף טרעפן, וואָס ער מיינט, און דערנאָך ערשט באַשליסן, וואָס צו טון. דאָ מוז קומען — א דועל!

צוריקקומענדיק אַהיים זיבן אַ זייגער, האָט ער טרוסאָצקין נישט געטראָפן בא זיך און זיך זייער שטאַרק געחידושט. דערנאָך איז ער בייז געוואָרן, שפּעטער איז אים אומעטיק געוואָרן, צום סוף האָט ער שוין אָנגעהויבן מורא צו האָבן: „איין גאָט ווייסט, מיט וואָס דאָס וועט זיך ענדיקן" — האָט ער איבערגעחזרט, אַרומ־גייענדיק איבער דער שטוב, אָדער אויסציִענדיק זיך איבער דער קאַנאַפּע און קוקנדיק כּסדר אויפן זייגער. ענדלעך, אַרום ניין אַ זיי־גער, איז געקומען טרוסאָצקי. „ווען דער דאָזיקער פאַרשוין וואָלט געווען אַ הכם, וואָלט ער קיינמאָל נישט געקענט בעסער צוטרעפן, ווי איצט — אַזוי שטאַרק בין איך אין דער מינוט צערודערט!" — האָט ער געטראַכט, באַקומענדיק צוריק מוט, ווי פריִער און ווערנ־ריק זייער פריילעך.

אויף דער שטיפערישער און פריילעכער פראַגע: פאַרוואָס ער איז אַזוי לאַנג נישט געקומען — האָט טרוסאָצקי זיך קרום צעשמייכלט, גישט אויפן נעכטיקן שטייגער. ער האָט זיך אַוועקגע־

זעצט און אַנידערגעוואָרפן אויפן צווייטן בענקל זיין הוט מיט קרעפּ. וועלטשאַנינאָוו האָט תיכף באַמערקט זיין צעדרודערונג.

רויק, אָן איבעריקע ווערטער און אָן דער אַמאָליקער אויפ־רעגונג, האָט ער דערציילט, אין דעם פאָרם פון אַ באַריכט, ווי ער האָט אָפּגעפירט ליזאַן, ווי פריינטלעך מען האָט זי דאָרט אויפגע־נומען, ווי נוצלעך דאָס וועט זיין פאַר איר און ביסלעכווייז, ווי פאַר־געסנדיק אינגאַנצן אָן ליזאַן, האָט ער אומבאַמערקט אָנגעהויבן רעדן אויסשליסלעך וועגן די פּאָגאָרעלצעווס. ער האָט דערציילט, וואָס פאַר אַ אָנגענעמע מענטשן דאָס זענען, ווי לאַנג ער איז מיט זיי באַקאַנט, וואָס פאַר אַ גוטער און זאָגאַר איינפלוסרייכער מענטש דער פּאָגאָרעלצעוו איז, א. א. וו. טרוסאָצקי האָט אויסגעהערט צערודערט מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ און געקוקט אויף וועלטשאַ־נינאָוון מיט אַ גנבהשן שמייכל.

— איר זענט אַ היציקער מענטש — האָט טרוסאָצקי אַ זאָג געטון, מאַכנדיק אַ בייזע מינע.

— איר זענט עפּעס היינט מאָדנע שלעכט — האָט וועלטשאַ־נינאָוו בייז באַמערקט.

— און פאַרוואָס זאָל איך נישט זיין שלעכט, ווי אַלע אַנ־דערע! — האָט טרוסאָצקי זיך פּלוצלינג אַרויסגעכאַפּט, ווי ער וואָלט אַרויסגעשפּרונגען פון אַ ווינקל. ווי עס ווייזט אויס, האָט ער נאָר דערויף געוואַרט, כּדי אַרויסצושפּרינגען.

— ווי איר ווילט — האָט וועלטשאַנינאָוו זיך צעשמייכלט — איך האָב געמיינט, אַז עס איז מיט אייך חלילה עפּעס געשען.

— ס׳איז טאַקע געשען! — האָט טרוסאָצקי אויסגעשריגן, באַרימנדיק זיך דערמיט, וואָס עס איז געשען.

— וואָס איז געשען?

טרוסאָצקי האָט אַ ביסל געוואַרט מיטן געבן אַן ענטפער.

— אָט נעמט אונדזער באַגאַוטאָוו אין מיטן דערינען אין

מאַכט זיך נאַריש, באַגאַטאָוו, דער הינטישער פּאַלאַטשער יונ־
גערמאַן פון דער העכערער געזעלשאַפט...

— וואָס, ער האָט אייך ווידער נישט אויפגענומען?

— נ-ניין, דאָס מאָל טאַקע שוין אויפגענומען, צום ערשטן
מאָל מיך צוגעלאָזט און איך האָב זיין פּרצוף אָנגעקוקט... אָבער
שוין אַ בר-מינן!...

— וואָס? באַגאַטאָוו איז געשטאָרבן? — האָט וועלטשאַנינאָוו
זיך שרעקלעך פאַרוווּנדערט, הגם, ווי עס ווייזט אויס, האָט ער זיך
נישט געהאַט פון וואָס צו חידושן.

— ער, ער! דער געטרייער פריינט אין משך פון זעקס יאָר!
נאָך נעכטן אַרום מיטאָג־צייט געשטאָרבן, און איך האָב נישט גע־
ווּוּסט! עס קען זיין, אַז איך בין אין דער זעלבער מינוט אַריינ־
געקומען צו אים זיך צו דערוויסן, וואָס ער מאַכט. מאָרגן וועט
מען אים אַרויסטראָגן און מקבר זיין, ער ליגט שוין אין דער טרומ־
נע. די טרונע איז אַרומגעקלאַפּט מיט רויטן באַרכאַט און באַ־
גילדט... פון אַ נערוון-אַטאַקע געשטאָרבן. מען האָט צוגעלאָזן,
מען האָט צוגעלאָזן. איך האָב זיין פּרצוף אָנגעקוקט! איך האָב
דערקלערט באַם אַריינגאַנג, אַז איך בין געווען זיינער אַ נאָנטער
פריינט, האָט מען אַריינגעלאָזט. וואָס אַזוינס האָט ער איצט געטון
מיט מיר, דער געטרייער לאַנגיעריקער פריינט — וואָס אַזוינס
האָט ער געטון מיט מיר, איך פרעג אייך? בין איך דאָך אפשר
נאָר צוליב אים אליין געפאָרן קיין פּעטערבורג!

— פאַרוואָס זענט איר אויף אים אַזוי בייז? — האָט וועל־
טשאַנינאָוו זיך צעלאַכט — ער איז דאָך נישט בכיוון געשטאָרבן.

— איך מיין דאָך אים צו באַדויערן, אַזאַ טייערער פריינט, האָט
ער דאָך געהאַט פאַר מיר עפּעס אַ ווערט.

און טרוסאָצקי האָט פּלוצלינג, אינגאַנצן אומדערוואַרטערהייט,
געמאַכט מיט זיינע צוויי פינגער-הערנער איבער זיין פּליכעוואַטן

שטערן און שטיל און לאַנגזאַם זיך צעלאַכט. אַזוי איז ער געזעסן מיט די הערנער, צעגייענדיק פון געלעכטער, אַן ערך אַ האַלבע מינוט און פאַרשיכּורט געקוקט וועלטשאַנינאָוון אין די אויגן מיט פאַרביסנקייט און עזות. וועלטשאַנינאָוו איז פאַרשטיינערט געוואָרן, ווי ער וואָלט דערזען אַ געשפּענסט, אָבער זיין פאַרשטיינערונג האָט געדויערט נאָר איין קליינע רגע. אַ כּריילעך, עזותדיק שמייכעלע האָט זיך לאַנגזאַם באַוויזן אויף זיינע ליפּן.

— וואָס אַזוינס האָט דאָס געזאָלט באַדייטן? — האָט ער געפרעגט פויל, אויסציִענדיק די ווערטער.

— דאָס האָט באַדייט — הערנער! — האָט טרוסאָצקי שאַרף געענטפערט, אַראָפּנעמענדיק זיך ענדלעך די פינגער פון שטערן.

— דאָס הייסט... אייערע הערנער?

— מיינע אייגענע, כּשר-פאַרדינטע! — האָט זיך טרוסאָצקי ווידער זייער מיאוס פאַרקרומט.

זיי זענען ביידע אַנטשוויגן געוואָרן.

— אָבער איר זענט פאָרט אַ שטאַרקער מענטש! — האָט וועלטשאַנינאָוו ענדלעך אַ זאָג געטון.

— דאָס איז דערפאַר, וואָס איך האָב אייך געוויזן הערנער? איר הייסט וואָס, אַלעקסיי איוואַנאָוויטש, איר וואָלט מיך בעסער מיט וואָס-עס-איז מכבּד געווען! האָב איך דאָך אייך מכבּד געווען אין ט. אַ גאַנץ יאָר, יעדן טאָג... שיקט-זשע נאָך אַ פלעשל, ס'איז טרוקן געוואָרן אין האַלדז.

— מיט פאַרגעניגן, איר וואָלט עס פריִער געזאָגט. וואָס ווילט איר?

— וואָס הייסט: וואָס ווילט א י ר? זאָגט: וואָס ווילן מ י ר. מיר ווילן דאָך צוזאַמען אויסטרינקען, ניין? — האָט טרוסאָצקי זיך איינגעקוקט וועלטשאַנינאָוון אין די אויגן מיט אַן אַרויספאָדערונג און גלייכצייטיק מיט עפּעס אַ משונהדיקע באַאומרויקונג.

— שאַמפּאַניער?

— וואָס-זשע דען? אויף פראַנפּן איז נאָך נישט געקומען די ריי...

וועלטשאַנינאָוו האָט זיך לאַנגזאַם אויפגעהויבן, אראָפּגעקלונגען נאָך מאַוראַן און געהייסן ברענגען שאַמפּאַנער.

— זיך אַ ביסל משמח זיין, באַגעגענענדיק זיך ווידער נאָכדעם, ווי מיר זענען געווען צעשיידט ניין יאָר — האָט טרוסאָצקי נישט געלונגען און פאָלשטענדיק איבעריק זיך צעשמייכלט. — איצט זענט איר באַ מיר פאַרבליבן אַ יחיד. איין און איינציקער אמתער פריינט! און נישטאָ סטעפּאַן מיכאַילאָוויטש באַגאַוטאָוו! עס איז ווי באַם דיכטער:

„נישטאָ אויף דער וועלט שוין פּאַטראָקלעס דער גרויסער.
זאָל לעבן, הוראַ, דער פאַרהאַסטער פּאַרסיט!"

באַם וואָרט „פּאַרסיט" האָט ער זיך מיטן פינגער אַ קלאַפּ געגעבן אין ברוסט.

„וואָלסטו בעסער, חזיר איינער, שנעלער געזאָגט, וואָס דו מיינסט. וונקען האָב איך פיינט" — האָט וועלטשאַנינאָוו באַ זיך געטראַכט. זיין כעס האָט געקאָכט אין אים ווי אין אַ קעסל, און ער האָט זיך שוין לאַנג קוים איינגעהאַלטן.

— זייט מוחל און זאָגט מיר אָט וואָס — האָט וועלטשאַנינאָוו אָנגעהויבן מיט אַ ביטערן שמייכל — אויב איר באַשולדיקט אַזוי אָפן סטעפּאַן מיכאַילאָוויטשן, (ער האָט אים איצט שוין נישט אָנגערופן אַזוי פשוט: באַגאַוטאָוו) דאַרף דאָך באַ אייך זיין אַ שמחה, וואָס דער, וואָס האָט אייך באַליידיקט איז געשטאָרבן. פאַרוואָס-זשע בייזערט איר זיך?

— וואָס פאַר אַ שמחה? פאַרוואָס עפּעס פרייען זיך?

— אַזוי איז מיין מיינונג, אורטיילנדיק לויט אייערע געפילן.

— כע-כע, אין דעם פּרט האָט איר אַ טעות אין מיינע גע-

פילן. ווי האָט אַמאָל געזאָגט איינער אַ דענקער: „גוט איז אַ טויטער שונא, אָבער נאָך בעסער איז אַ לעבעדיקער" — כאַ-כאַ!
— איר האָט דאָך דעם לעבעדיקן פינף יאָר טאָג-טעגלעך געזען און איר האָט געהאַט גענוג צייט אים צו באַקוקן פון אַלע זייטן — האָט וועלטשאַנינאָוו בייז און עזותדיק באַמערקט.
— צי האָב איך דען... צי האָב איך דען דאַמאָלס געוווּסט? — האָט זיך טרוסאָצקי ווידער אַרויפגעוואָרפן, אַרויסשפּרינגענדיק פון דאָס ניי ווי פון אַ ווינקל, און פרייענדיק זיך, ווי עס ווייזט אויס, וואָס מען האָט אים סוף-כּל-סוף געשטעלט אַ פראַגע, אויף וועלכער ער האָט אַזוי לאַנג געוואַרט. — פאַר וועמען, הייסט עס, האַלט איר מיך, אַלעקסיי איוואַנאָוויטש?
אין זיין בליק האָט פלוצלינג אויפגעפינקלט עפּעס אַ אינגאַנצן נייער און אומדערוואַרטעטער אויסדרוק, וואָס האָט ווי לחלוטין געענדערט זיין ביז איצט חוצפּהדיק פאַרקרומט פּנים.
— האָט איר באמת גאָרנישט געוווּסט! — האָט וועלטשאַנינאָוו אַ זאָג געטון זייער פאַרחידושט.
— ווי אַזוי-זשע וויסן? ווי אַזוי-זשע האָב איך געקענט וויסן? כאַ אייך איז דאָך אַ מענטש דאָס אייגענע ווי אַ הונט, אַלעמען פסקנט איר אָפּ לויט אייער אייגענער נאַטור! אָט, נאַט אייך: שלינגט אַראָפּ! — און ער האָט משוגע אַ קלאַפּ געטון מיט דער פייסט אָן טיש און זיך באַלד אַליין דערשראָקן פון זיין אייגענעם קלאַפּ, קוקנדיק שוין מיט שרעק.
וועלטשאַנינאָוו האָט געמאַכט אַ שטאָלצע מינע.
— הערט מיך אויס, פּאַוועל פּאַוולאָוויטש, איר וועט אַליין מודה זיין! מיר איז לחלוטין אַלץ איינס. צי איר האָט געוווּסט, צי איר האָט נישט געוווּסט. אויב איר האָט נישט געוווּסט, פאַרשאַפט עס אייך אין יעדן פאַל, כּבוד, הגם איך פאַרשטיי נישט, איבעריקנס, פאַרוואָס איר האָט עפּעס גראָד מיך אויסגעקליבן פאַר אַ

שפּיאָן.

— איך מיין נישט אייך... זייט נישט בייז... נישט אייך... —
האָט טרוסאָצקי אַ ברום געטאָן, קוקנדיק אויף דרערד.

מאַווראַ איז אַריינגעקומען מיטן שאַמפּאַניער.

— אָט איז שאַמפּאַניער! — האָט טרוסאָצקי אויסגעשריגן, דערפרייענדיק זיך, וואָס ער האָט ענדלעך געפונען אַן אויסרייד און וואָס מען קען אַרויספירן דאָס געשפּרעך אויף אַן אַנדערע טעמע. — גלעזלעך, באַבעשי, גלעזלעך, אויסגעצייכנט! מער דאַרפן מיר בײַ אייך גאָרנישט, טייערע. און שוין אויפגעפּראָפּט? ברַאַוואָ, כּבוד אייך און רום, טייערינקע! נו, זייט-זשע מוחל, טראָגט אייך אָפּ!

און באַקומענדיק דורך דעם מוט, האָט ער ווידער חוצפּהדיק אַ קוק געגעבן אויף וועלטשאַנינאָוון.

— זייט זיך מודה — האָט ער פּלוצלינג זיך צעשמייכלט — אַז איר זענט שרעקלעך נייגעריק צו וויסן דאָס אַלץ און אַז עס איז אייך „לחלוטין אַלץ איינס", ווי איר האָט באַוויליקט זיך אויסצודריקן. איר וואָלט זאַגאר געהאַט עגמת-נפש, ווען איך וואָלט די מינוט אויפגעשטאַנען און אַוועקגעגאַנגען, גאָרנישט דערקלערנדיק אייך.

— איך וואָלט לגמרי נישט געהאַט קיין עגמת-נפש.

„עי, זאָגסט אַ ליגנט!" — האָט געזאָגט טרוסאָצקיס שמייכל.

— נו, לאָמיר צוטרעטן! — און ער האָט צעגאָסן דעם וויין אין גלעזער.

— לאָמיר טרינקען פאַרן געזונט! — האָט אויסגעשריגן טרוסאָצקי, אויפהייבנדיק זיין גלאָז. — פאַרן געזונט פון פריינט סטעפּאַן מיכאַילאָוויטש באַגאַוטאָוו, וואָס רוט שוין אויף יענער וועלט.

ער האָט אויפגעהויבן זיין גלאָז און אויסגעטרונקען.

— איך וועל פאַר אַזאַ טאָסט נישט טרינקען — האָט וועל-טשאַנינאָוו אַוועקגעשטעלט זיין גלאָז.

— פאַרוואָס? אַ וווּיל טאָסטל.

— זייט אַזוי גוט: אַריינקומענדיק אַהער זענט איר נישט געווען שיכּור?

— געטרונקען אַ ביסל. וואָס איז?

— גאָרנישט, אָבער מיר האָט זיך אויסגעוויזן, אַז נעכטן און באַזונדערס היינט אינדערפרי האָט איר אויפריכטיק באַדויערט די פאַרשטאָרבענע נאַטאַליאַ וואַסיליעוונאַ.

— און ווער האָט אייך געזאָגט, אַז איך באַדויער זי נישט אויפריכטיק אויך איצט? — איז טרוסאָצקי תּיכּף ווידער אויפגע-שפּרונגען.

— איך מיין נישט דאָס, נאָר זייט זיך אַליין מודה; איך וואָלט געקענט אַ טעות האָבן בנוגע באַגאַוטאָוון און — דאָס איז אַ וויכטיקע זאַך.

טרוסאָצקי האָט גנביש זיך צעשמייכלט און אַ ווונק געטון.

— איר וואָלט אוודאי זייער געוואָלט דערגיין, ווי אַזוי איך האָב מיך דערוווּסט וועגן באַגאַוטאָוון?

וועלטשאַנינאָוו איז רויט געוואָרן.

— איך זאָג אייך נאָכאַמאָל, אַז מיר איז אַלצייגס. „אפשר אינגאַנצן אים אַרויסוואַרפן תּיכּף צוזאַמען מיט דער פלאַש?" — האָט וועלטשאַנינאָוו ביי זיך אַ טראַכט געטון און זיך נאָך מער פאַרוויטלט.

— עס! — האָט טרוסאָצקי אַ זאָג געטון, ווי צוגעבנדיק אים מוט און זיך אָנגעגאָסן נאָך אַ גלאָז.

— איך וועל אייך באַלד דערקלערן, ווי אַזוי איך האָב זיך „אַלץ" דערוווּסט און וועל דערמיט באַפרידיקן אייערע הייסע פאַר-

לאַנגעֿן... ווייל איר זענט א היציקער מענטש! גיט מיר נאָר אַ פּאַפּיראָסל, ווייל פון חודש מערץ...

— נאַט אייך אַ פּאַפּיראָסל.

— פון חודש מערץ אָן בין איך געוואָרן אויסגעלאָסן, אלעק־סיי איוואַנאָוויטש, און אָט ווי אַזוי דאָס אַלץ איז פאָרגעקומען — הערט־זשע אויס. שווינדזוכט, ווי איר ווייסט, מיין טייערנקער — איז ער וואָס אַמאָל געוואָרן מיט אים היימישער — זייער אַ נייגע־ריקע קרענק. אַ שווינדזיכטיקער האַלט כסדר אין איין שטאַרבן און איז כמעט נישט חושד, אַז ער וועט מאָרגן צומאַכן די אויגן, איך זאָג עס אייך דערפאַר, ווייל נאָך פינף שעה פאַר איר טויט האָט נאַ־טאַליאַ וואַסיליעוונאַ געפּלאַנט אַוועקצופאָרן אין צוויי וואָכן ארום צו איר מומעשי אויף אַ מהלך פון פערציק וויאָרסט. אויסער דעם, ווייסט איר אוודאי וועגן איר מנהג, אָדער, בעסער געזאָגט, רגילות, זועלכע עס האָבן אַ סך דאַמען און אפשר אויך מענער: באַהאַלטן באַ זיך צווישן אַלטוואַרג די ליבעס־בריוו... אַ סך גלייכער וואָלט געווען אַריינלייגן זיי אין אויוון. נישט אמת? אָבער ניין. יעדעס פּיצל פּאַפּיר ליגט באַ זיי זאָרגפעלטיק באַהאַלטן אין די קעסטעלעך, זאָגאַר נומערירט לויט די יאָרן, דאַטומס און ראַנגגען. צי איז דאָס טאַקע אַ טרייסט, ווייס איך נישט, עס איז אוודאי צוליב אָנגענעמע דערינערונגען. מאַכנדיק פינף שעה פאַרן טויט דעם פּלאַן צו פאָרן אויף אַ יום־טוב צו דער מומעשי, האָט נאַטאַליאַ וואַסיליעוונאַ זעלבסטפאַרשטענדלעך נישט געקלערט וועגן טויט ביז דער לעצ־טער מינוט און כסדר געוואַרט אויף קאָכן. דערפאַר איז אויך גע־שען דאָס, וואָס נאַטאַליאַ וואַסיליעוונאַ איז געשטאָרבן. און דאָס קעסטל פון שוואַרץ האָלץ, באַצירט מיט פּערלמוטער און זילבער איז איבערגעבליבן אין ביוראָ־טישל. און זי האָט געהאַט אַ שיין קעסטל מיט אַ שליסעלע, אַ פאַמיליען־קעסטל, בירושה פון דער באָ־בעשי. נו, אינם דאָזיקן קעסטל האָט זיך אַלץ אַנטפּלעקט, אַלץ,

אלץ, אָן שום אויסנאַם, אַלץ, וואָס איז פאָרגעקומען אין די טעג און יאָרן, די גאַנצע צוואַנציק יאָר. און אַזוי ווי באגאַוטאָוו האָט געהאַט אַ שטאַרקע נייגונג צו ליטעראַטור, ער האָט אפילו אַוועקגעשיקט אַ לײדנשאַפטלעכע דערציילונג אין אַ זשורנאַל, האָט די צאָל פון זיינע ווערק אין קעסטל שיער נישט דערגרייכט ביז הונדערט נומערן — אית, אין משך פון פינף יאָר. אויף אייניקע נומערן האָבן זיך געפונען נאַטאַליאַס אייגנהענטיקע באַמערקונגען. אַן אָנגענעמע זאַך פאַרן מאַן, ווי מיינט איר?

וועלטשאַנינאָוו האָט זיך שנעל באַטראַכט און זיך דערמאַנט, אַז ער האָט קיינמאָל נישט געשריבן צו נאַטאַליאַן קיין איין בריף, קיין איין צעטל. און הגם ער האָט פון פעטערבורג אָנגעשריבן צוויי בריוו, זענען זיי געווען אויפן נאָמען פון פאָר-פאָלק, ווי זיי האָבן זיך אָפּגערעדט. אויפן לעצטן בריף, אין וועלכן נאַטאַליאַ האָט אים אויף אייביק משלח געווען, האָט ער נישט געענטפערט.

ענדיקנדיק זיין דערציילונג האָט טרוסאָצקי געשוויגן אַ גאַנצע מינוט, שמייכלענדיק עזותדיק און ווילנדיק אַרויספרעסן אַן ענטפער.

— פאַרוואָס-זשע ענטפערט איר מיר גאָרנישט אויף מיין קליינער פראַגע? — האָט ער ענדלעך אַ זאָג געטון, נישט באַהאַלטנדיק זיך, אַז ער פייניקט אים.

— אויף וואָס פאַר אַ קליינער פראַגע?

— אָט וועגן די אָנגענעמע געפילן פון מאַן, וואָס עפנט אַזאַ קעסטעלע.

— וואָס גייט עס מיך אָן! — האָט וועלטשאַנינאָוו אויפגערעגט אַ מאַך געטון מיט דער האַנט, אויפגעשטאַנען און אָנגעהויבן אַרומגיין איבער דער שטוב.

— איך וועל זיך וועטן, אַז איר טראַכט איצט: „אַ חזיר

דאָס איז, וואָס וויזט אָן אַליין אויף זײַנע „הערנער" — כאַ-כאַ! וואָס פֿאַר אַן אײדל מענטשל איר זענט...

— אסור, צי איך האָב דאָס מינדסטע אַזוי געקלערט. להיפּוך, איר זענט זייער אויפגערעגט צוליבן טויט פון דעם, וואָס האָט אייך מבזה געווען. דערצו האָט איר נאָך אויסגעטרונקען אַ סך וויין. איך זע נישט אין דעם אַלעם קיין שום אויסערגעוויינטלעכס, איך פאַרשטיי זייער גוט, צו וואָס איר האָט געדאַרפט האָבן דעם לעבעדיקן באַגאַוטאָוו און בין גרייט צו ערן אייער אויפרעגונג. אָבער...

— און צו וואָס האָב איך געדאַרפט האָבן באַגאַוטאָוון, לויט אייער מיינונג?

— דאָס איז אייער זאַך.

— איך וועל זיך וועטן, אַז איר מיינט דערמיט צו זאָגן: צוליב אַ דועל.

— כאַפּט עס דער טייוול! — האָט זיך וועלטשאַנינאָוו שוין נישט געקענט מער איינהאַלטן, — איך האָב געמיינט, אַז ווי יעדער אָרנטלעכער מענטש... דערנידעריקט זיך נישט אין ענלעכע פאַלן צו אַ קאָמישער פּלאַפּלעריי, נאַרישע, קרומע מינעס, לעכערלעכע באַדויערונגען און גיפטיקע ווונקען, מיט וועלכע ער באַשמוצט זיך אַליין, און האַנדלט אָפן, גלייך, אויפריכטיק — ווי אַן אָרנטלעכער מענטש!

— כע-כע, אפשר בין איך נישט קיין אָרנטלעכער מענטש?

— דאָס איז ווידער אייער זאַך... און, איבריקנס. צו וואָסזשע האָט איר נאָך דעם אַלעם געדאַרפט האָבן דעם לעבעדיקן באַגאַוטאָוון?

— נו, כאָטש אַ קוק צו געבן אויפן חברל. אָט וואָלטן מיר גענומען מיט אים אַ פלעשל און צוזאַמען אויסגעטרונקען.

— ער וואָלט מיט אייך נישט געוואָלט טרינקען.

— פאַרוואָס? נאָבפּעס אָבליזש! אָט טרינקט איר דאָך מיט מיר. מיט וואָס איז ער בעסער פון אייך?

— איך האָב מיט אייך נישט געטרונקען.

— פאַרוואָס זענט איר עפּעס פּלוצלינג אַזוי שטאָלץ?

וועלטשאַנינאָוו האָט זיך פּלוצלינג נערוועז'ש און אויפגערעגט צעלאַכט:

— פוי, צום טייוול, איר זענט באמת עפּעס „אַ ווילדער טיפּ"! איך האָב געמיינט, אַז איר זענט גאָר אַן „אייביקער מאַן" און מער גאָרנישט!

— וואָס עפּעס „אייביקער מאַן", וואָס זאָל דאָס באַדייטן? — האָט טרוסאָצקי פּלוצלינג אָנגעשטעלט די אייגן.

— אַזוי, פּאַדהאַן אַזאַ טיפּ מענער... ס'איז אַ סך צו דערציילן. טראָגט זיך בעסער אָפּ. שוין צייט, איר האָט זיך מיר שוין דערעסן!

— און וואָס הייסט ווילד? איר האָט געזאָגט: ווילד!

— איך האָב געזאָגט, אַז איר זענט אַ „ווילדער טיפּ", אַזוי אויף לצנות אייך געזאָגט.

— וואָס עפּעס אַ „ווילדער טיפּ"? דערציילט, איך בעט אייך, אַלעקסיי איוואַנאָוויטש! געדענקט אין גאָט, דערציילט!

— נו, גענוג שוין, גענוג! — האָט זיך וועלטשאַנינאָוו ווידער זייער שטאַרק צעבייזערט און זיך צעשריגן. — שוין צייט, אַז איר זאָלט זיך אָפּטראָגן פון דאַנען!

— ניין, ס'איז נאָך נישט גענוג! — איז אויך טרוסאָצקי אויפגעשפּרונגען. — און כאָטש איך האָב אייך אַפילו דערעסן, איז נאָך נישט גענוג, ווייל מיר דאַרפן נאָך פריער מיט אייך אויסטרינקען און מאַכן אַ לחיים! לאָמיר אויסטרינקען, וועל איך דעמאָלט אַוועקגיין, אָבער איצט איז נאָך נישט גענוג!

— הער טרוסאָצקי, קענט איר זיך אָפּטראָגן צום טייוול, אָדער נישט?

— איך קען מיך אָפּטראָגן צום טייוול, אָבער פריער וועלן מיר טרינקען לחיים! איר האָט בפּרוש געזאָגט, אַז איר ווילט מיט מיר טרינקען און איך וויל אומבאַדינגט, אַז איר זאָלט טאַקע מיט מיר מאַכן אַ כוסה!

ער האָט זיך שוין מער נישט פאַרקרימט, ער האָט שוין מער נישט געשמייכלט גנביש. אַלץ האָט זיך אין אים פּלוצלינג ווי איבער־געענדערט און געווען אין אַזאַ סתירה צו זיין גאנצער פיגור און טאָן, אַז וועלטשאַנינאָוו האָט זיך שרעקלעך פאַרחידושט.

— העי, לאָמיר טרינקען, אַלעקסיי איוואַנאָוויטש! העי, זאָגט זיך נישט אָפּ! — האָט טרוסאָצקי ווייטער גערעדט, אָנכאַפּענדיק וועלטשאַנינאָוון פעסט בײַ דער האַנט און קוקנדיק אים משונהדיק אין פּנים.

עס האָט זיך, ווי עס ווייזט אויס, געהאַנדלט נישט נאָר וועגן מאַכן אַ כוסה.

— נו, זאָל זיין אַזוי — האָט וועלטשאַנינאָוו אַ ברום גע־טון — אָבער מיט וואָס? דאָס איז דאָך שוין בלאָטע, שוים...

— פּונקט צוויי גלעזער זענען נאָך געבליבן, ריינע בלאָטע, אָבער מיר וועלן אויסטרינקען און זיך ווינטשן לחיים! אָט, זייט אַזוי גוט, נעמט אייער גלאָז.

זיי האָבן זיך אַ קלאַפּ געטון מיט די גלעזער און אויסגע־טרונקען.

— נו, אויב אַזוי, אויב אַזוי... אָך!

טרוסאָצקי האָט זיך פּלוצלינג אָנגעכאַפּט מיט דער האַנט באַם שטערן און אַ פּאָר מינוט פאַרבליבן אין אַזאַ פּאָזע. וועלטשאַ־נינאָוון האָט זיך ווי אין חלום אויסגעוויזן, אַז אָט־אָט האָט טרו־סאָצקי אַרויסגעזאָגט דאָס ל ע צ ט ע וואָרט. אָבער טרוסאָצקי האָט

אים גאָרנישט געזאָגט. ער האָט נאָר אַ קוק געטון אויף אים און שטיל, מיטן גאַנצן מויל, זיך ווי פריער גנביש און ווינקענדיק צעשמייכלט.

— וואָס ווילט איר פון מיר, שיכּור איינער! איר מאַכט ס׳געלעכטער פון מיר, צי וואָס? — האָט וועלטשאַנינאָוו אויסגעשריגן, ווי ביישט מיט זיין קול און אַ טופּ געטון מיטן פוס.

— ש־ייט נישט, שרייט נישט, פאַרוואָס שרייט איר? — האָט טרוסאָצקי שנעל אַ מאַך געטון מיט דער האַנט. — איך מאַך נישט ס׳געלעכטער פון אייך, ניין! איר ווייסט, וואָס איר זענט איצט פאַר מיר — אָט וואָס איר זענט איצט פאַר מיר געוואָרן!

און פּלוצלינג האָט טרוסאָצקי אָנגעכאַפּט וועלטשאַנינאָוון באַ דער האַנט און אים אַ קוש געגעבן. וועלטשאַנינאָוו האָט נישט באַוויזן צו זיך צו קומען.

— אָט, וואָס איר זענט איצט פאַר מיר! און איצט — טראָג איך מיך אָפּ צום טייוול!

— וואַרט נאָר, וואַרט! — האָט אַ געשריי געטון וועלטשאַנינאָוו, קומענדיק צו זיך, — איך האָב אייך פאַרגעסן צו זאָגן...

טרוסאָצקי האָט זיך צוריקגעקערט פון דער טיר.

— ווייסט איר וואָס — האָט וועלטשאַנינאָוו אַ זאָג געטון זייער שנעל, ווערנדיק פאַרויטלט און קוקנדיק אינגאַנצן אין אַ זייט — איר וואָלט געדאַרפט מאָרגן אומבאַדינגט זיין באַ די פּאָגאָרעלצעווס... זיך באַקענען און דאַנקען, אומבאַדינגט.

— אומבאַדינגט, אומבאַדינגט, וואָס הייסט: איך פאַרשטיי דען נישט? — האָט טרוסאָצקי אויפגעכאַפּט מיט אַן אויסערגעוויינטלעכער גרייטקייט, פאָכנדיק שנעל מיט דער האַנט, אַלס צייכן, אַז מען האָט אים אפילו נישט געדאַרפט דערמאַנען.

— דערצו נאָך וואַרט אויך ליזאַ אויף אייך. איך האָב צוגעזאָגט...

— ליזא — האָט זיך נאָכאַמאָל אומגעקערט טרוסאָצקי — ליזאַ? ווייסט איר, וואָס אַזוינס זי איז געווען פאַר מיר, ליזאַ, געווען און איז? געווען און איז! — האָט ער כמעט אויסגעשריגן צעראָגן — אָבער הערט!... וועגן דעם שפּעטער, וועגן אַלעם שפּעטער... און איצט איז מיר שוין ווייניק דאָס, וואָס מיר האָבן צוזאַמען געטרונקען לחיים, איך דאַרף האָבן אַן אַנדערע באַפרידיקונג...

ער האָט אַרויפגעלייגט אויפן בענקל זיין הוט און, ווי פריער, פאַרקייכנדיק זיך א ביסל, געקוקט אויף אים.

— גיט מיר אַ קוש, אַלעקסעי איוואַנאָוויטש, — האָט ער פלוצלינג פאָרגעלייגט.

— איר זענט שיכור! — האָט וועלטשאַנינאָוו אַ געשריי געטון און זיך אָפּגעשאָקלט.

— זאָל זיין שיכור, און דאָך גיט מיר אַ קוש, אַלעקסעי איוואַנאָוויטש. איר גיט מיר אַ קוש! האָב איך דאָך אייך נאָר־וואָס אַ קוש געגעבן אין הענטל!

וועלטשאַנינאָוו האָט א פּאָר מינוט געשוויגן, ווי ער וואָלט געכאַפּט אַ קלאַפּ מיט אַ שטיק האָלץ איבערן שטערן. אָבער פלוצלינג האָט ער זיך איינגעבויגן צו טרוסאָצקין, וואָס איז געשטאַנען צו אים מיט דער פּלייצע און אים אַ קוש געגעבן אין די ליפּן, פון וועלכע עס האָט זיך זייער שטאַרק געשפּירט אַ ריח פון וויין. ער איז, איבעריקנס, נישט אינגאַנצן געווען זיכער, אַז ער האָט אים אַ קוש געגעבן.

— נו, און איצט, איצט... — האָט טרוסאָצקי ווידער אויסגעשריגן אין אַן אויסברוך פון שיכרות, פינקלענדיק מיט די שיכורע אויגן — איצט אָט וואָס: איך האָב פריער געטראַכט: אפשר אויך ד ע ר? אויב אויך ער איז אַזעלכער, טאָ וועמען קען איך דען דערנאָך גלייבן.

טרוסאָצקי האָט זיך פּלוצלינג באַגאָסן מיט טרערן.

— אַזוי, פֿאַרשטייט איר שוין, וואָס פאַר אַ פריינט איר זענט איצט פאַר מיר געוואָרן ?!...

און ער האָט געכאַפּט זיין הוט און אַרויסגעלאָפן פון שטוב. וועלטשאַנינאָוו איז ווידער אָפּגעשטאַנען אייניקע מינוט אויף איין אָרט, ווי נאָך טרוסאָצקיס ערשטן באַזוך.

— עט, אַ שיכורער לץ און מער גאָרנישט! — האָט ער אַ מאַך געטון מיט דער האַנט. — אומבאַדינגט מער גאָרנישט! — האָט ער ענערגיש באשטעטיקט, ווען ער האָט זיך שוין אויסגעטון און אריינגעלייגט אין בעט.

## VIII.

# ליזאַ איז קראַנק

צומאָרגנס אינדערפרי, דערוואַרטנדיק טרוסאָצקין, וואָס האָט צוגעזאָגט, אַז ער וועט זיך נישט פאַרשפעטיקן, בכדי צו פאָרן צו די פּאָגאָרעלצעווס, איז וועלטשאַנינאָוו אַרומגעגאַנגען איבער דער שטוב, געזופּט זיין קאַווע, גערייכערט און יעדע רגע זיך מודה געווען — פאַר זיך אַליין, אַז ער איז ענלעך צו אַ מענטש, וואָס איז אויפגעשטאַנען אינדערפרי און דערמאַנט זיך יעדע מינוט, ווי אַזוי ער האָט נעכטן באַקומען אַ פּאַטש. „הם!... ער פאַרשטייט זייער גוט, וועגן וואָס עס האַנדלט זיך און וועט זיך אָן מיר נוקם זיין מיט ליזאַן!“ — האָט ער געטראַכט און זיך פאַר עפּעס געשראָקן.

דאָס טייערע בילד פון אָרימען קינד האָט אומעטיק אויפגעבליצט פאַר זיינע אויגן. זיין האַרץ האָט שטאַרקער געקלאַפּט באַ דער מחשבה, אַז ער וועט היינט, אָט באַלד, שוין אין צוויי שעה אַרום, ווידער דערזען זיין ליזאַן.

— איי, וואָס איז דאָ פאַרהאַן צו טראַכטן — האָט ער באַ זיך אָפּגעפּאַסט — איצט איז דאָס מיין גאַנץ לעבן. מיין גאַנצער ציל! וואָס גייען מיך דאָרט אָן די אַלע פּעטש און דערינערונגען!... און צו וואָס האָב איך ביז איצט אינגאַנצן געלעבט? אייביק צערודערט און אומעטיק... איצט איז אַלץ אַנדערש, גאָר עפּעס אַנדערש!...

אָבער נישט קוקנדיק אויף זיין גרויסער פרייד האָט ער זיך וואָס אַמאָל מער פאַרקלערט.

— ער פייניקט מיך מיט ליזאַן -- דאָס איז קלאָר! אויך ליזאַן פייניקט ער. אָט דערמיט וועט ער מיר באַצאָלן פאַר אַלעם. הם! בלתי ספק, איך קען נישט דערלויבן אויף זיינע נעכטיקע אָנפאַלן בנוגע מיר — האָט ער זיך פלוצלינג פאַרויטלט — און... פונדעסטוועגן איז שוין צוועלף אַ זייגער, און ער גייט נאָך נישט.

ער האָט לאַנג געוואַרט, ביז האַלב איינס. זיין בענקשאַפט האָט זיך וואָס אַמאָל מער פאַרשטאַרקט. טרוסאָצקי איז אַלץ נישט געקומען. ענדלעך האָט אים שוין אינגאַנצן אויפגערעגט די מחשבה, וועלכע האָט אים נאָך פריער באַאומרויקט, אַז טרוסאָצקי וועט בכיוון נישט קומען, נאָר דערפאַר, בכדי צו האָבן אַ סיבה אויף נאָך אַן אָנפאַל, ווי נעכטן.

— ער ווייסט, אַז איך בין אָפּהענגיק פון אים, און וואָס עס וועט איצט זיין מיט ליזאַן! און ווי אַזוי וועל איך אָן אים קענען קומען צו ליזאַן!

סוף-כל-סוף האָט ער נישט אויסגעהאַלטן און פונקט איינס אַ זייגער נאָכמיטאָג אַוועקגעלאָפן צו טרוסאָצקין אין האָטעל. אין האָטעל האָט מען אים דערקלערט, אַז טרוסאָצקי האָט נישט גע- נעכטיקט אינדערהיים, אַז ער איז געקומען ערשט אינדערפרי, ניין אַ זייגער, געווען סך-הכל אַ פערטל שעה און ווידער אַוועקגעגאַנ- גען. וועלטשאַנינאָוו איז געשטאַנען בײַ דער טיר פון טרוסאָצקיס נומער, האָט געהערט, וואָס די דינסט האָט אים געזאָגט און מעכאַ- ניש געדרייט די קליאַמקע פון דער פאַרמאַכטער טיר, ציענדיק אַראָפּ און אַרויף. אָפּשטייענדיק אַ קורצע צייט, האָט ער אויסגע- שפיגן, אָפּגעלאָזט די קליאַמקע און געבעטן אים אַראָפּפירן צו מאַריאַ סיסאָיעווגאַ. אָבער דערהערנדיק וועגן וועלטשאַנינאָוון, איז זי אַליין צו אים אַרויסגעגאַנגען.

דאָס איז געווען אַ גוטע פרוי, אַ „פרוי מיט אידעלע געפילן", ווי וועלטשאַנינאָוו האָט זיך אויסגעדריקט וועגן איר. ווען ער האָט דערנאָך דערציילט דער פרוי פּאָגאָרעלצעוו וועגן זיין געשפרעך מיט מאַריאַ סיסאָיעוונאַן. אויספרעגנדיק זיך, ווי אזוי ער האָט נעכטן אַוועקגעפירט דאָס „קינד", האָט מאַריאַ סיסאָיעוונאַ באַלד אָנגעהויבן דערציילן גאַנצע מעשיות וועגן טרוסאָצקין. לויט אירע ווערטער וואָלט זי אים שוין פון לאַנג משלח געווען פון די מעבלירטע ציַמערן, ווען נישט דאָס קינד. „אויך פון האָטעל האָט מען טרוסאָצקין אַרויסגעטריבן דערפאַר, ווייל ער האָט אָפגעטון שרעקלעכע מעשים. איז דען נישט אַן עבירה מיטצוברענגען מיט זיך אַ „נקבה" באַנאַכט, ווען דערלעבן געפינט זיך אַ קינד מיט שכל! און טרוסאָצקי שרייט דערביי: אויב איך וועל וועלן, וועט די דאָזיקע זיין דיר אַ מוטער. איר וועט גלייבן, אַפילו אַ „נקבה" און פונדעסטוועגן האָט זי אים אַ שפיי געטון אין פּרצוף, און טרוסאָצקי האָט ווייטער געשריגן: דו ביסט מיר נישט קיין טאָכטער, נאָר אַ... בענקאַרט!"

— וואָס טוט זיך מיט אייך? — האָט זיך וועלטשאַנינאָוו דערשראָקן.

— כ'האָב אַליין געהערט. כאָטש ער איז אַ שיכור און ווייסט אַליין נישט, וואָס ער רעדט, אָבער דאָך פאַר אַ קינד זענען אַזעלכע דבורים ריינער סם. מעג זי זיין אַפילו גאָר יונג, אָבער דער שכל וועט שוין פאַרשטיין. וויינט דאָס קינד, אינגאַנצן פאַרמאַטערט, און די טעג איז ביי אונז אַן אומגליק געשען: עפּעס האָבן מענטשן דערציילט, אַז אַ קאָמיסאַר האָט אין אָוונט געדונגען אַ נומער אין האָטעל און אינדערפרי זיך אויפגעהאָנגען. מען האָט געזאָגט, אַז ער האָט פאַרהולטאַיעט געלט. עס איז זיך צונויפגעלאָפן אַ המון, טרוסאָצקי איז אינדערהיים נישט געווען, און דאָס קינד האָט זיך אַליין אַרומגעדרייט, איך וואַרף אַ בליק — און דערזע אויך זי צווישן המון אין קאָרידאָר, ווי זי קוקט אַרויס פון צווישן אַנדערע

און באַטראַכט אַזוי מאָדנע דעם געהאָנגענעם. איך האָב זי שנעל פון דאַנען אַוועקגעפירט. וואָס מיינט איר? — זי האָט אינגאַנצן געציטערט, אינגאַנצן שוואַרץ געוואָרן און ווי נאָר איך האָב זי אַריינגעפירט אין שטוּב — איז זי אַוועקגעפאַלן. זי האָט זיך גע־קלאַפּט און געוואָרפן און מיט געוואַלט געקומען צו זיך. פון דאַ־מאָלס אָן האָט זי אָנגעהויבן קרענקען. ער האָט זיך דערוווּסט, געקומען — זי אינגאַנצן אויסגעקנייפּט, ווייל אַ טבע האָט ער זי נישט צו שלאָגן, נאָר קנייפּן, דערנאָך האָט ער זיך אָנגעשיכורט און זי אָנגעהויבן שרעקן:

— איך — זאָגט ער — וועל מיך אויך אויפהענגען, צולים דיר וועל איך מיך אויפהענגען, אָט אויף דער זעלבער שנור, אויף דער פוירהאַנג וועל איך מיך אויפהענגען — און מאַכט פאַר אירע אויגן אַ תליה. און זי, דאָס מיידל פאַרגעסט זיך אינגאַנצן און שרייט, כאַפּט אים אַרום מיט די הענטלעך און שרייט:

— איך וועל נישט — שרייט זי — איך וועל שוין נישט! אַ רחמנות!

הגם וועלטשאַנינאָוו האָט דערוואַרט עפּעס משונהדיקס, האָבן אים אָבער די דאָזיקע מעשיות אַזוי איבעראַשט, אַז ער האָט אפילו נישט געגלייבט. מאַריאַ סיסאָיעווגאַ האָט נאָך אַ סך זאַכן דער־ציילט. געוועזן למשל אַ פאַל, ווען נישט מאַריאַ סיסאָיעוונאַ, וואָלט זיך ליזאַ אפשר פון פענסטער אַראָפּגעוואָרפן. ער איז אַרויסגעגאַנ־גען פון נומער, ווי אינגאַנצן שיכור.

— איך וועל אים דערהרגענען מיט אַ שטעקן, ווי אַ הונט איבערן קאָפּ! — האָט ער אַ סך מאָל איבערגעחזרט צו זיך, ווי אין חלום.

ער האָט געדונגען אַ דראָשקע און אַוועקגעפאָרן צו די פּאָ־גאָרעלצעווס.

נאָך פאָרן אַרויספאָרן פון דער שטאָט איז די דראָזשקע גע־

ווען געצווונגען זיך אָפּצושטעלן באַ דער בריק איבער אַ קליין טייכל. דורך דער בריק איז אַדורכגעגאַנגען אַ גרויסע לוויה. פֿון ביידע זייטן בריק האָבן זיך צונויפגעשטויסן אייניקע עקיפּאַזשן, וואָס האָבן געוואַרט. אויך דער המון האָט זיך אָפּגעשטעלט. עס איז געווען אַ רייכע לוויה, און עס האָט זיך געצויגן אַ לאַנגע ריי קאַרעטעס. אין פענסטערל פון איין קאַרעטע האָט וועלטשאַנינאָוו פּלוצלינג דערזען טרוסאָצקיס פּנים. ער וואָלט נישט געגלייבט, ווען טרוסאָצקי וואָלט אַליין נישט אַרויסגערוקט דעם קאָפּ פון פענסטער און זיך נישט פאַרנייגט צו אים מיט אַ שמייכל אויף די ליפּן. ווי עס ווייזט אויס, איז ער גאָר שטאַרק געווען צופרידן דערפון, וואָס ער האָט דערקענט וועלטשאַנינאָוון. ער האָט אפילו אָנגעהויבן פאָכן מיט די הענט פון דער קאַרעטע. וועלטשאַנינאָוו איז אַראָפּגעשפּרונגען פון דער דראָזשקע און נישט קוקנדיק אויף דער ענגשאַפט, אויף די פּאָליציאַנטן און דערויף, וואָס טרוסאָצקיס קאַרעטע איז שוין אַרויפגעפאָרן אויף דער בריק, איז ער צוגעלאָפן צום פענסטערל. טרוסאָצקי איז געזעסן אין דער קאַרעטע איינער אַליין.

— וואָס טוט זיך מיט אייך — האָט וועלטשאַנינאָוו אויסגעשריגן, — פאַרוואָס זענט איר נישט געקומען? ווי אַזוי קומט איר אַהער?

— אַ חוב גיב איך אָפּ, שרייט נישט, מאַכט נישט קיין געוואַלדן, איך גיב אָפּ אַ חוב — האָט טרוסאָצקי זיך צעשמייכלט, ווינקענדיק פריילעך מיט די אויגן — איך באַגלייט דעם גוף פון אַן אמתן גוטן פריינט.

— שטותים! שיכור זענט איר, משוגע! — האָט וועלטשאַנינאָוו נאָך שטאַרקער געשריגן, ווערנדיק צעטומלט אויף אַ רגע — גייט באַלד אַראָפּ פון דער קאַרעטע און זעצט זיך אַריין מיט מיר, גייט שוין אַראָפּ!

— איך קען נישט, אַ חוב...

— איך וועל אייך אַרויסשלעפּן! — האָט וועלטשאַנינאָוו זיך אינגאַנצן צעשריגן.

— און איך וועל מאַכן אַ געוואַלט! אַ געוואַלט וועל איך מאַכן! האָט טרוסאָצקי ווייטער פריילעך געענטפערט, ווי מען וואָלט זיך מיט אים געשפּילט, באַהאַלטנדיק זיך איבעריקנס אין אַ ווינקל פון דער קאַרעטע...

— אײַעק, אַוועק! מען וועט דערשטיקן! — האָט אַ געשריי געטון אַ פּאָליציאַנט.

און באמת האָט עפּעס אַ זײַטיקע קאַרעטע באַם אַראָפּלאָזן זיך פון דער בריק זיך אַרײַנגעריסן אינמיטן פון דער לוויה און אַרויסגערופן אַ פּאַניק. וועלטשאַנינאָוו איז געווען געצוווּנגען אָפּצושפּרינגען. די אַנדערע עקיפּאַזשן און דער המון האָבן אים אַוועקגעשטופּט ואָס אַמאָל ווייטער. ער האָט אַ שפּיי געטון און זיך דורכגעשלאָגן צו זײַן דראָשקע.

„אַלץ איינס, אַזאַ איינעם דאַרף מען סײַ ווי סײַ מיט זיך נישט מיטברענגען!“ — האָט וועלטשאַנינאָוו געטראַכט, זײַענדיק נאָך כסדר דערשראָקן און פאַרווּנדערט..

ווען ער האָט איבערגעגעבן דער פרוי פּאָגאָרעלצעוו דאָס, וואָס מאַריאַ סיסאָיעוונאַ האָט אים דערציילט, און ווען ער האָט איר דערנאָך געשילדערט זײַן משונהדיק באַגעגעניש מיט טרוסאָצקין אויף דער לוויה — האָט זיך כּרוי פּאָגאָרעלצעוו טיף פאַרטראַכט.

— איך האָב מורא פאַר אייך, — האָט זי געזאָגט וועלטשאַנינאָוו — איר דאַרפט איבעררייסן אַלע באַציִונגען מיט טרוסאָצקין, און וואָס גיכער, — וועט זײַן בעסער.

— ער איז אַ שיכורער ליץ און מער גאָרנישט! — האָט וועלטשאַנינאָוו היציק געשריגן — זאָל איך גאָר מורא האָבן! און ווי אַזוי קען איך איבעררייסן די באַציִונגען, ווען ליזאַ איז אינדערמיט? דערמאָנט זיך אָן ליזאַן!

בינו לבינו איז ליזאַ געלעגן קראַנק. נעכטן אין אָוונט האָט זי אָנגעהויבן פיבערן און מען האָט געוואַרט אויף אַ באַוווּסטן דאָקטאָר פון דער שטאָט. באַלד באַגינען האָט מען נאָך אים געשיקט אַ ספּעציעלן שליח. דאָס אַלץ האָט אינגאַנצן צערודערט וועלטשאַנינאָוון. פרוי פּאָגאָרעלצעוו האָט אים צוגעפירט צו דער קראַנקער ליזאַ.

— איך האָב זיך נעכטן צו איר גוט צוגעקוקט — האָט באַמערקט פרוי פּאָגאָרעלצעוו, אָפּשטעלנדיק זיך פאַר ליזאַס צימער. — דאָס איז אַ שטאָלץ, בייז קינד. זי שעמט זיך, וואָס זי איז בײַ אונדז און וואָס דער פאָטער האָט זי אַזוי אַוועקגעוואָרפן. אָט וואָס עס איז די סיבה פון איר קראַנקהייט, לויט מיין מיינונג.

— וואָס הייסט אַוועקגעוואָרפן? פאַרוואָס מיינט איר: אַוועקגעוואָרפן?

— שוין דאָס אַליין, וואָס ער האָט זי אָפּגעלאָזט אַהער, אין אַ פולשטענדיק אומבאַקאַנט הויז און מיט אַ מענטש... איך כמעט אַן אומבאַקאַנטן, אָדער אין אַזעלכע באַציִונגען...

— יאָ, איך האָב זי אַליין גענומען, מיט געוואַלט גענומען. איך געפין נישט קיין.

— אָבער, גאָט מיינער, דאָס פאַרשטייט שוין דאָס קינד אַליין, לויט מיין מיינונג, וועט ער פשוט קיינמאָל נישט קומען.

דערזעענדיק וועלטשאַנינאָוון איינעם אַליין, האָט זיך ליזאַ לחלוטין נישט געוווּנדערט. זי האָט נאָר פאַרצויגט אַ שמייכל געטון און אומגעדרייט צו דער וואַנט דאָס קעפל, וואָס האָט געפלאַמט פון היץ. זי האָט גאָרנישט געענטפערט אויף וועלטשאַנינאָווס טרייסט ווערטער און הייסע הבטחות, אַז ער וועט מאָרגן אומבאַדינגט ברענגען דעם פאָטער. אַרויסגייענדיק פון ליזאַס צימער, האָט זיך וועלטשאַנינאָוו פלוצלינג צעוויינט.

דער דאָקטאָר איז געקומען ערשט אין אָוונט באַטראַכטנדיק די קראַנקע, האָט ער אין דער ערשטע רגע אַלעמען אָנגעמאַכט

אַ פּחד, באַמערקנדיק, אַז ס'איז אַ גרויסער שאַד, וואָס מען האָט אים פּריִער נישט גערופן. ווען מען האָט אים דערקלערט, אַז ליזאַ איז קראַנק געוואָרן ערשט נעכטן אין אָוונט, האָט ער לכתּחילה נישט געגלייבט.

— אַלץ איז אָפּהענגיק דערפון, ווי אַזוי עס וועט אַדורכגיין די היינטיקע נאַכט, איז ער ענדלעך געקומען צום אויספיר און, אָנזאָגנדיק וואָס מען זאָל טון, איז ער אַוועקגעפאָרן, פאַרזיכערנדיק צו קומען מאָרגן ווי מעגלעך פריִער, וועלטשאַנינאָוו האָט לכתּחילה אומבאַדינגט געוואָלט פאַרבלייבן נעכטיקן, אָבער פּרוי פּאָגאָרעלצעוו האָט אַליין אים נאָכאַמאָל געבעטן צו „פּרווון ברענגען אַהער דעם דאָזיקן אויסוואורף"

— נאָכאַמאָל? — האָט וועלטשאַנינאָוו אַ זאָג געטון צעטראָגן — איך וועל אים איצט בינדן און אויף די הענט ברענגען

די מחשבה צו בינדן טרוסאָצקין און אים ברענגען אויף די הענט האָט פּלוצלינג אינגאַנצן באַהערשט וועלטשאַנינאָוון און איז אַרויסגעבראַכט פון געדולד.

— מיט קיין שום זאַך, לחלוטין מיט קיין שום זאַך פיל איך זיך איצט נישט שולדיק פאַר אים — האָט וועלטשאַנינאָוו געזאָגט דער פרוי פּאָגאָרעלצעוו, געזעגענענדיק זיך מיט איר — איך זאָג זיך אָפּ פון אַלע מיינע נעכטיקע נידעריקע סענטימענטאַלע ווערטער, וועלכע איך האָב זיי געזאָגט — האָט ער צוגעגעבן מיט עקל.

ליזאַ איז געלעגן מיט אָפענע אויגן און איז, ווי עס ווייזט אויס, געשלאָפן. ווען וועלטשאַנינאָוו האָט זיך אַראָפּגעבויגן, פאַרזיכטיק צו איר קעפל, בכדי, געזעגענענדיק זיך, אַ קוש צו געבן כאָטש אַ שפּיץ פון איר מלבוש, האָט זי פּלוצלינג געעפנט די אויגן, ווי זי וואָלט געוואַרט אויף אים, און האָט אים שטיל אַ זאָג געטון:

— פירט מיך אַוועק.

דאָס איז געווען אַ שטילע, אומעטיקע בקשה, אָן שום שאָטן

פון דער נעכטיקער אויפרעגונג, אָבער צוזאַמען דערמיט האָט מען געקענט הערן עפּעס אַזוינס, ווי זי אַליין וואָלט געוועז פעסט אי־בערצייגט, אַז איר בקשה וועט בשום אופן נישט אויסגעפירט ווערן. די נאָר וועלטשאַנינאָוו האָט, ווערנדיק פאַרצווייפלט, אָנגעהויבן איר צו דערקלערן, אַז דאָס איז אוממעגלעך, האָט זי שווייגנדיק פאַר־מאַכט די אויגן און זיך מער קיין איין וואָרט נישט אָנגערופן, ווי זי וואָלט אים נישט געהערט און נישט געזען.

אַריינפאָרנדיק אין שטאָט, האָט ער געהייסן פאָרן גלייך צום האָטעל באַם פּאָקראָוו. עס איז שוין געווען ניין א זייגער. טרו־סאָצקי איז נישט געווען אינדערהיים. וועלטשאַנינאָוו האָט געוואַרט אויף אים אַ האַלבע שעה, אַרומגייענדיק אומגעדולדיק איבערן קאָרידאָר. מאַריאַ סיסאָיעוונאַ האָט אים פאַרזיכערט אַז טרוסאָצקי וועט צוריקקומען ערשט אינדערפרי, ווען עס וועט ליכטיק ווערן.

— נו, וועל איך אויך קומען תּיכּף, ווי עס וועט ליכטיק ווערן — האָט וועלטשאַנינאָוו באַשלאָסן און אויסער זיך אַוועקגעלאָזט זיך אַהיים.

אָבער ווי גרויס איז געווען זיין פאַרווונדערונג, ווען נאָך איידער ער איז אַריינגעקומען צו זיך אין צימער, האָט ער געהערט פון מאַווראַן, אַז דער נעכטיקער גאַסט וואַרט שוין אויף אים פון צען אַ זייגער.

IX.

## אַ געשפּענסט

טרוסאָצקי האָט זיך געמאַכט זייער באַקוועם. ער איז געזעסן אויף דער נעכטיקער שטול; געדרייכערט פּאַפּיראָסן און נאַר־וואָס אָנגעגאָסן זיך דאָס פערטע און לעצטע גלעזל פון דער פלאַש, דער טשיייניק און דאָס האַלב־אויסגעטרונקענע גלאָז מיט טיי זענען גע־שטאַנען לעבן אים אויפן טיש. זיין פארויטלט פּנים האָט געשיינט פון גוטמוטיקייט. ער האָט אפילו אויסגעטון דעם פראַק, אויפן זו־מערדיקן שטייגער און געזעסן אין דעם וועסט.

— זייט מוחל, טייערער פריינט! — האָט ער אויסגעשריגן, דערזעענדיק וועלטשאַנינאָוון און אויפשפּרינגענדיק פון אָרט, כּדי אָנצוטון דעם פראַק — איך האָב זיך אויסגעטון, כּדי הנאה צו האָבן אַ מינוט...

וועלטשאַנינאָוו האָט זיך דראָענדיק צו אים דערנענטערט.

— איר זענט נאָך נישט אינגאַנצן שיכּור? מען קען נאָך מיט אייך רעדן?

טרוסאָצקי איז אַ ביסל דערשראָקן געוואָרן.

— ניין, נישט אינגאַנצן... געטרונקען לכּבוד דעם פאַר־שטאָרבענעם, אָבער — נאָך נישט אינגאַנצן...

— איר וועט מיך פאַרשטיין?

— צוליב דעם בין איך דאָך געקומען, בכדי אייך צו פאַרשטיין.

— נו, וועל איך באַלד אָנהייבן דערפון, אז איר זענט אַן אויסוואורף! — האָט וועלטשאַנינאָוו אויסגעשריגן מיטן גאַנצן קול.

— אויב איר הייבט אָן דערפון, טאָ מיט וואָס וועט איר ענדיקן? — האָט טרוסאָצקי כמעט פּראָטעסטירט, אָנהייבנדיק ווי עס ווייזט אויס מורא האָבן, אָבער וועלטשאַנינאָוו האָט געשריגן ווייטער, נישט הערנדיק:

— אייער טאָכטער האַלט באַם שטאַרבן, זי איז קראַנק. האָט איר זי אַוועקגעוואָרפן, אָדער נישט?

— שוין-זשע האַלט זי דען באַם שטאַרבן?

— זי איז קראַנק, קראַנק, זייער געפערלעך קראַנק!

— אפשר נאָר אָנפאַלן קליינע...

— רעדט נישט קיין נאַרישקייטן! זי איז זייער געפערלעך קראַנק! שוין צוליב דעם אַליין וואָלט איר געדאַרפט אַהינפאָרן...

— בכדי צו דאַנקען, פאַר דער גאַסטפריינטלעכקייט דאַנקען! איך פאַרשטיי צו גוט! אַלעקסיי איוואַנאָוויטש, טייערער — האָט טרוסאָצקי פּלוצלינג אָנגעכאַפּט וועלטשאַנינאָוון מיטביידע הענט, און ווי שיכּור, באַגיסנדיק זיך שיער נישט מיט טרערן און ווי בעטנדיק מחילה, אויסגעשריגן: — אַלעקסיי איוואַנאָוויטש, שרייט נישט, שרייט נישט! וואָלט איך געשטאָרבן, וואָלט איך אַ שיכּורער אַריינגעפאַלן אין דער נעוואַ — אָבער וואָס איז דען איצט אַזוינס געשען, וואָס פאַר אַ באַדייטונג האָט עס? צום הער פּאָגאָרעלצעוו וועלן מיר שטענדיק האָבן צייט צו גיין...

וועלטשאַנינאָוו האָט זיך צוריקגעכאַפּט און זיך אַ ביסל איינ-געהאַלטן.

— איר זענט שיכּור, און דעריבער פאַרשטיי איך נישט, וואָס איר מיינט דערמיט צו זאָגן — האָט ער שאַרף באַמערקט — איך בין שטענדיק גרייט זיך אויסצוטענהן מיט אייך און וואָלט אפילו געוואָלט וואָס גיכער... איך בין טאַקע געפאָרן... אָבער

קודם כל זייט וויסן, אַז איך נעם אָן מיטלען. איר מוזט היינט נעכטיקן באַ מיר! מאָרגן אינדערפרי נעם איך אייך און מיר פאָרן; איך וועל אייך נישט אַוועקלאָזן! — האָט זיך וועלטשאַנינאָוו ווידער צעשריגן. — איך וועל אייך איינקנייטשן און אויף די הענט אַהינ־ברענגען!... וועט פאַר אייך זיין באַקוועם די דאָזיקע קאַנאַפּע? — האָט ער אָנגעוויזן טרוסאָצקין אויף דער ברייטער און ווייכער קאַ־נאַפּע, וואָס איז געשטאַנען אַקעגן דער קאַנאַפּע, אויף וועלכער ער איז אַליין געשלאָפן, באַ דער צווייטער וואַנט.

— זייט מוחל, איך וועל אומעטום...

— נישט אומעטום, נאָר דווקא אויף דער קאַנאַפּע! נעמט, אָט האָט איר אַ ליילעך, אַ קאָלדרע, אַ קישן (וועלטשאַנינאָוו האָט דאָס אַלץ אַרויסגעשלעפּט פון דער שאַנק און שנעל אַרויסגעוואָרפן פאַר טרו־סאָצקין, וואָס האָט אונטערטעניק אויסגעשטעלט די האַנט), בעט זיך אויס, בעט זיך תיכף אויס!

דער אָנגעזאָפּטער טרוסאָצקי איז געשטאַנען אין מיטן שטוב, ווי נישט וויסנדיק, וואָס ער זאָל טון, מיט א לאַנגן, שיכור'ן שמייכל אויפן שיכורן פּנים, אָבער ווען וועלטשאַנינאָוו האָט צום צווייטן מאָל מיט אַ דראָענדיק קול אויסגעשריגן, האָט טרוסאָצקי זיך באַלד גענומען, איילנדיק צו דער ארבעט. ער האָט אַוועקגערוקט דעם טיש און בלאָזנדיק זיך אָנגעהויבן אויסגלייכן און אויסציִען דאָס ליילעך. וועלטשאַנינאָוו איז צוגעקומען אים העלפן; ער איז טיילווייז געווען צופרידן דערפון, וואָס זיין גאַסט האָט זיך דער־שראָקן און איז געהאָרכזאַם.

— טרינקט אויס אייער גלאָז און לייגט זיך — האָט טרו־סאָצקי ווידער אָנגעהויבן צו קאָמאַנדעווען. ער האָט געפילט, אַז ער וואָלט נישט געקענט נישט קאָמאַנדעווען — דאָס האָט איר אַליין געשיקט נאָך וויין?

— אַליין געשיקט... איך האָב געוווּסט. אַז איר וועט שוין מער נישט וועלן שיקן.

— גוט, וואָס איר האָט געוווּסט, אָבער ס׳איז נייטיק, אַז איר זאָלט זיך נאָך מער דערוויסן. איך דערקלער אייך נאָכאַמאָל, אַז איך האָב איצט אָנגענומען מיטלען: אייערע מיאוסע קאַפּריזן וועל איך מער נישט פאַרטראָגן, איך וועל מער נישט ליידן אייערע שיכורע געכטיקע קישן!

— איך אַליין פאַרשטיי, אַז דאָס איז מעגלעך נאָר איינ־מאָל — האָט טרוסאָצקי אַ שמייכל געטון.

דערהערנדיק די תשובה, האָט וועלטשאַנינאָוו, וואָס איז פריער אַרומגעגאַנגען איבער דער שטוב, זיך פּלוצלינג אָפּגעשטעלט גלייך אַקעגן טרוסאָצקין.

— פּאַוועל פּאַוולאָוויטש, רעדט אָפן! איר זענט אַ קלוגער, איך בין עס אייך נאָך אַמאָל מודה, אָבער איך פאַרזיכער אייך, אַז איר זענט אויף אַ פאַלשן וועג. רעדט אָפן, זאָגט אויפריכטיק, וואָס איר מיינט און וואָס איר ווילט, און איך גיב אייך מיין ערן־וואָרט, אַז איך וועל אויף אַלעם ענטפערן.

טרוסאָצקי האָט זיך ווידער צעשמייכלט, ווי פריער, און דאָס אַליין האָט שוין שרעקלעך אויפגערעגט וועלטשאַנינאָוון.

— בלייבט שטיין! — האָט וועלטשאַנינאָוו זיך ווידער צע־שריגן. — פאַרשטעלט זיך נישט, איך זע אייך אדורך און אדורך! איך זאָג אייך נאָכאַמאָל: איך גיב אייך מיין ערן־וואָרט, אַז איך וועל אייך ענטפערן אויף אַלעם, און איר וועט באַקומען יעדע מעגלעכע באַפרידיקונג, דאָס הייסט אויך יעדע אוממעגלעכע! אָ, ווי איך וואָלט געוואָלט, אַז איר זאָלט נישט פאַרשטיין...

— אויב איר זענט שוין יאָ אַזוי גוט — האָט זיך טרוסאָצ־קי פאָרזיכטיק צוגערוקט צו וועלטשאַנינאָוון — וואָלט מיך פאַר־

אינטערעסירט, וואָס אַזוינס איר האָט נעכטן געמיינט, דערמאַנענ-
דיק וועגן ווילדן טיפ!...

וועלטשאַנינאָוו האָט אַ שפּיי געטון און נאָכאַמאָל אָנגעהויבן
אַרומגיין איבער דער שטוב.

— ניין, אַלעקסעי איוואַנאָוויטש, שפּייט נישט — האָט טרו-
סאָצקי ווייטער גערעדט — איך בין זייער פאַראינטערעסירט און
בין טאַקע צוליב דעם געקומען... באַ מיר קלעבט זיך שלעכט
די צונג, אָבער איר וועט מיר מוחל זיין. וועגן „ווילדן" און „גע-
לאַסענעם" טיפּ, האָב איך היינט איבערדערפרי געלייענט אין אַ זשור-
נאַל, אין דער אָפּטיילונג פון קריטיק, אָבער איך האָב פאַרגעסן.
דעם אמת זאָגנדיק, האָב איך באַלד לכתחילה נישט פאַרשטאַנען.
איך האָב טאַקע געוואָלט מיר קלאָר מאַכן! דער פאַרשטאָרבענער
באַגאַוטאָוו האָט געהערט צו די „ווילדע" אָדער „געלאַסענע", צו
וועלכן טיפּ דאַרף מען אים פאַרעכענען?

וועלטשאַנינאָוו האָט נאָך אַלץ געשוויגן, נישט אויפהערנדיק
אַרומצוגיין איבער דער שטוב.

— אַ ווילדער טיפּ איז דער — האָט זיך וועלטשאַנינאָוו
פלוצלינג אָפּגעשטעלט, זייענדיק אויפגערעגט — דער מענטש, וואָס
וואָלט גיכער אָפּגעסמט אין אַ גלאָז באַגאַוטאָוון, ווען ער וואָלט גע-
גאַנגען טרינקען מיט אים שאַמפּאַניער כלומרשט צוליב אַן אָנגע-
נעמער באַגעגעניש מיט אים, ווי ער האָט נעכטן מיט מיר געטרונ-
קען, און וואָלט נישט געפאָרן אים באַגלייטן צו זיין אייביקער רו,
ווי איר זענט נעכטן געפאָרן, דער טייוול ווייסט צוליב וואָס פאַר אַ
באַהאַלטענע, אונטערערדישע, עקלהאַפטע צילן און עפּעס משונה-
דיקע תנועות, וואָס באַשמוצן אייך אַליין!

— אמת, אַז ער וואָלט נישט געפאָרן — האָט טרוסאָצקי
גאַשטעטיקט — אָבער פאַרוואָס זענט איר עפּעס אויף מיר אַזוי...

— דאָס איז נישט דער מענטש — האָט זיך וועלטשאַנינאָוו

ווייטער געהייס און געשריגן — דאָס איז נישט דער מענטש. ווייס װעט זיך פאָרשטעלן איין גאָט ווייסט וואָס, וועט אונטערצייען אַ סך-הכל פון גערעכטיקייט און יוסטיק, ווערט אויסלערנען ווי אַ לעקציע די חרפה, וואָס עמעצער האָט אים פאַרשאַפט, ווערט ברומען און ברעכן זיך, זיך אָנהענגען באַ מענטשן אויפן האַלדז און — פאַרוועגדט דערויף זיין גאַנצע צייט! אמת, אַז איר האָט זיך געהאַלט אויפהענגען? אמת?

— אפשר, ווען כ׳בין געווען שיכור, האָב איך עפעס אַזוינס אויסגעפּלוידערט — איך געדענק נישט. פאַר מיר, טייערער אַלעקסיי איוואַנאָוויטש, איז עפעס נישט שיין אַריינצוגיסן סם אין יעצטיגן גלאָז. אויסערדעם, וואָס איך בין אַן אָנגעזעגער באַאמטער, האָב איך אויך עפעס אַ קאַפּיטאַל, און אפשר ווערט זיך נאָך פאַרגליסטן ווידער חתונה צו האָבן.

— און מען קען דאָך אייך אויך קאַטאָרגע אַוועקשיקן.

— יאָ, דאָס קען זיין נישט איבעריק אָנגענעם. הגם אין די געריכטן ווענדט מען היינט אָן אַ סך מילדערע אומשטענדן. איך האָב אייך, אַלעקסיי איוואַנאָוויטש, געוואָלט דערציילן אַ קאָמישן אַנעקדאָט, וועלכן כ׳האָב זיך דערמאַנט, זיצנדיק אין דער קאַרעטע. איר האָט אַ רגע פריער געזאָגט: „זיך אָנהענגען מענטשן אויפן האַלדז“. סעמיאָן פּיעטראָוויטש ליוואַצאָוון געדענקט איר אפשר, ער איז צו אונדז איינ־יקע מאָל פאַרפאָרן, בשעת איר זענט בעוועזן אין ט. זיין ייִנגערער ברודער — אויך אַ פּעטערבורגער יונגערמאַן זיך גערעכנט — האָט געדינט אין וו. באַם גובערנאַטאָר און געווען באַרימט מיט זיינע פאַרשידענע מעלות. איינמאָל האָט ער זיך צעקריגט מיטן פאַלקאָווניק גאָלובענקאָ אויף אַ פאַרזאַמלונג אין דער געזעלשאַפט פון דאַמען, ווי אויך פון יענער דאַמע, וועלכע איז געווען זיין געליבטע, און האָט זיך באַטראַכט פאַר באַליידיקט. ער האָט אָבער זיין באַליידיקונג אַראָפּגעשלונגען און פאַרהוילן. גאָ־

בענקאָ האָט בינו לבינו אָפּגעשלאַגן אים זיין דאַמע און איר פּאָר־געלייגט די האַנט. וואָס־זשע, מיינס איר, איז געווען? דער דאָזי־קער ליוצאָוו איז זאָגאַר געוואָרן גאַלובענקאָס אַן אמתער גוטער פריינט, אינגאַנצן שלום געמאַכט מיט אים, אַליין זיך איינגעבעטן צו זיין באַ אים אונטערפירער, און ווי נאָר זיי זענען צוריקגעקו־מען פון דער חופּה, איז ער צוגעגאַנגען וויגטשן און קושן זיך מיט גאַליבענקאָן און פאַר דער גאַנצער נאָבעלער געזעלשאַפט פאַרן גובער־נאַטאַר און די אויגן, אַליין אין פראַק און ציילענדער — אַריינגז־שטאָכן אים אינמיטן דערינען אַ מעסער אין בויך — אַזאַ סוף האָט געהאַט גאַלובענקאָ! און דאָס האָט געטון אַן אייגענער אונטער־פירער, וואָס פאַר אַ חרפה! און נאָך עפעס! דער עיקר איז דאָס. וואָס ווען ער האָט אים אַריינגעשטאָכן דאָס מעסער, האָט ער בּאַ־געהויבן לויפן אַרום און אַרום און געשריגן: „אוי, וואָס האָב איך געטון? ווי איז מיר, וואָס האָב איך געטון?“ ער האָט זיך באַגאָ־ן מיט טרערן, זיך געטרייסטל, זיך געוואָרפן אַלע אויפן האַלדז, אפילו אויף די דאַמען. „אוי, וואָס האָב איך געטון, ווי איז מיר, וואָס אַזיינס האָב איך איצט געטון?“ כאַ־כאַ־כאַ! אַ שפּאַס געמאַכט. אַ שאָד גאָר גאַלובענקאָ! אָבער ער איז אויך אינגיכן געזונט געוואָרן.

— איך פאַרשטיי נישט, צו וואָס איר האָט דאָס מיר דער־ציילט — האָט וועלטשאַנינאָוו אַ זאָג געטון אומעטיק.

— נאָר צוליב דעם, וואָס ער האָט אים אַריינגעשטאָכן אַ מעסער! — האָט טרוסאָצקי זיך צעשמייכלט — זעט מען דאָך, אַז דאָס איז נישט קיין טיפּ, נאָר אַ מענטש, אַ חיה, וואָס האָט פון שרעק פאַרלוירן דאָס לעצטע ביסל אָנשטענדיקייט און וואַרפט זיך די פרייען אויפן האַלז אין דער אָנוועזנהייט פון גובערנאַטאָר — און דאָך האָט ער אַריינגעשטאָכן אַ מעסער און זיינס סוף כל סוף דערגרייכט! אָט נאָר דאָס האָב איך געמיינט צו זאָגן.

— טראָגט זיך אָפּ צום טייוול! — האָט וועלטשאַנינאָוו פּלוצ־

לינג זיך צעשריגן, ווי ניעט מיט זיין קול, ווי עס וואָלט זיך אין אים עפּעס איבערגעריסן. — צום טייוול גייט מיט אייער אונטער־ערדישער געמיינהייט, איר זענט אַליין אַן עקלהאַפטע בריאה: שרעקן האָט איר מיך געוואָלט, איר, וואָס פייניקט אַ קינד, איר נידעריקער מענטש איינער, אויסוואורף, אויכוואורף, אויסוואורף! — האָט וועלטשאַנינאָוו געמאַכט קליין, פאַרגעסנדיק זיך אינגאנצן און פאַרלירנדיק דעם אָטעם ביי יעדן וואָרט.

טרוסאָצקי איז אינגאַנצן אויפגעטרייסלט געוואָרן, אַפילו דאָס שיכּרות איז אָפּגעטרעטן פון אים. זיינע ליפּן האָבן אויפגעציטערט.

— דאָס רופט איר מיך אויסוואורף? איר, אַלעקסיי איוואַנאָוויטש, מיך, טרוסאָצקין?

אָבער וועלטשאַנינאָוו האָט זיך שוין באַהערשט.

— איך בין גרייט זיך אַנטשולדיקן — האָט געענטפערט וועלטשאַנינאָוו, אָפּשווייגנדיק אַ ביסל און פאַרזינקנדיק זיך אין אומעטיקע מחשבות — אָבער נאָר אין אַזאַ פאַל, ווען איר וועט אַליין זיך אַנטשליסן אָנצוהייבן תּיכּף רעדן קלאָרע און אָפענע דבורים.

— און איך אויף אייער אָרט וואָלט געבעטן אַנטשולדיקונג אויף יעדן פאַל.

— גוט, זאָל זיין אַזוי — האָט וועלטשאַנינאָוו נאָך אַ ביסל אָפּגעשוויגן. — איך אַנטשולדיק זיך פאַר אייך. אָבער זייט זיך אַליין מודה, הער טרוסאָצקי, אַז נאָכדעם אַלעם, וואָס איז דאָ פאַר־געקומען, פיל איך שוין נישט אויף מיר קיין שום התחיבות בנוגע אייך, דאָס הייסט, איך מיין אין דער באַציִונג צום גאַנצן ענין, און נישט נאָר בנוגע דעם איינעם איצטיקן פאַל...

— עס, ווער וועט זיך דאָס גיין רעכענען! — האָט טרוסאָצקי זיך צעשמייכלט, קוקנדיק איבעריקנס אויף דער ערד.

— אויב אַזוי, איז בעסער, אַ סך בעסער. טרינקט אויס אייער

ווײַן און לײגט זיך שלאָפן, ווײַל איך וועל אײך פּאָרט נישט אוועקלאָזן...

— וואָס, ווײַן... — האָט זיך טרוסאָצקי אַ ביסל נישט גוט געפילט. פונדעסטוועגן איז ער צוגעגאַנגען צום טיש און גענומען אויסטרינקען דאָס לעצטע גלאָז, וואָס ער האָט זיך שוין לאַנג אָנגעגאָסן.

עס קען זײַן, אַז ער האָט פריִער אויך שוין אַ סך געטרונקען, ווײַל די האַנט האָט אים געציטערט און ער האָט אויסגעגאָסן אַ ביסל ווײַן אויף דער ערד, אויף דעם העמד, אויף דעם וועסט, און דאָך האָט ער אויסגעטרונקען ביז דער דנאָ, ווי ער וואָלט נישט געקענט איבערלאָזן נישט אינגאַנצן אויסגעטרונקען. אַוועקשטעלנדיק מיט דרך־ארץ דאָס אויסגעליידיקטע גלאָז אויפן טיש, איז ער הכנעהדיק צוגעגאַנגען צום בעט און זיך גענומען אויסטון.

— וואָלט נישט בעסער געווען... נישט נעכטיקן? — האָט טרוסאָצקי פּלוצלינג, צוליב וואָס עס איז, אַ זאָג געטון, שוין האַלבנדיק אַראָפּגענומען איין שטיוול און האַלטנדיק אים אין די הענט.

— ניין, נישט בעסער! — האָט וועלטשאַנינאָוו בייז געענטפערט, שפּרייזנדיק אומאויפהערלעך איבער דער שטוב און נישט קוקנדיק אויף טרוסאָצקין.

טרוסאָצקי האָט זיך אויסגעטון און געלייגט שלאָפן, אין אַ פערטל שעה אַרום האָט זיך אויך געלייגט וועלטשאַנינאָוו און פאַרלאָשן דאָס ליכט.

ער איז אײַנגעשלאָפן אימרויִק. עפּעס אַ נײַער, אַ נאָך מער פאַרפּלאָנטערטער ענין, וואָס איז פּלוצלינג פון ערגעץ-ווו אַרויסגעשווומען, האָט אים איצט באַאומרויִקט, און ער האָט גלײַכצײַטיק געפילט, אַז ער שעמט זיך עפּעס פאַר דער דאָזיקער באַאומרויִקונג. ער האָט זיך שוין אָנגעהויבן צו פאַרגעסן, אָבער עפּעס אַ שטילער שאָרך האָט אים אויפגעוועקט, ער האָט תיכף אַ קוק געגעבן אויף

טרוסאָצקיס בעט. אין שטוב איז געווען פינסטער (די פאָרהאַנגען זענען געווען אינגאַנצן אַראָפּגעלאָזט), אָבער אים האָט זיך אויסגעוויזן, אַז טרוסאָצקי ליגט נישט, נאָר איז אויפגעשטאַנען און זיצט אויפן בעט.

— וואָס איז מיט אייך? — האָט וועלטשאַנינאָוו אויסגעשריגן.

— אַ שאָטן! — האָט טרוסאָצקי, אָפּוואַרטנדיק אַ רגע, גענטפערט אַזוי שטיל, אַז מען האָט קוים געהערט.

— וואָס איז, וואָס פאַר אַ שאָטן?

— דאָרט אין יענער שטוב, אין דער טיר האָט זיך געזען ווי אַ שאָטן.

— וועמענס שאָטן? — האָט וועלטשאַנינאָוו געפרעגט, שווייגנדיק אַ ביסל.

— נאַטאַליאַ וואסיליעווּנאַ.

וועלטשאַנינאָוו האָט זיך אַוועקגעשטעלט אויפן טעפּיך און אַליין דורכן קאָרידאָר אַריינגעקוקט אין דער שטוב, ווו די טירן זענען שטענדיק געווען אָפן. דאָרט זענען אויף די פענסטער נישט געווען קיין ראָלעטן, נאָר פאָרהאַנגען און דערפאַר איז דאָרט געווען אַ סך ליכטיקער.

— אין יענער שטוב איז קיינער נישטאָ און איר זענט שיכור, לייגט זיך! — האָט געזאָגט וועלטשאַנינאָוו, זיך צוריקלייגנדיק און איינוויקלענדיק זיך אין דער קאָלדרע.

טרוסאָצקי האָט זיך נישט אָנגערופן מיט קיין איין וואָרט און זיך אויך געלייגט שלאָפן.

— און פריער האָט איר קיינמאָל נישט געזען קיין שאָטן? — האָט וועלטשאַנינאָוו פּלוצלינג געפרעגט אין אַ צען מינוט אַרום.

— עפּעס אַמאָל, דאַכט זיך, געזען — האָט טרוסאָצקי שוואַך און אויך אָפּשלעפנדיק אַ ביסל זיך אָנגערופן.

דערנאָך זענען זיי ווידער ביידע אַנטשוויגן געוואָרן.

וועלטשאַנינאָוו וואָלט ניִשט געקענט זיכער זאָגן, צי ער איז געשלאָפן, צי נישט. אָבער עס איז שוין פאַרבייגעגאַנגען כמעט אַ שעה — האָט ער זיך פּלוצלינג אומגעדרייט: צי האָט אים ווידער אויפגעוועקט עפּעס אַ שאָרך, — האָט ער אויך נישט געוווּסט, אָבער אים האָט זיך אויסגעוויזן, אַז אינמיטן דער געדיכטער פינסטערניש איז עפּעס געשטאַנען איבער אים, אַ ווייסעס, נאָכנישט צוקומענדיק צו אים, אָבער שוין אינדערמיט שטוב. ער האָט זיך אַוועקגעזעצט אויפן בעט און אַ גאַנצע מינוט זיך איינגעקוקט.

— דאָס זענט איר, פּאַוועל פּאַוולאָוויטש? — האָט וועלטשאַנינאָוו אַ זאָג געטאָן מיט אַ שוואַך קול.

זיין אייגן קול, וואָס איז זיך פּלוצלינג צעשוווּמען אין דער שטילקייט און פינסטערניש, האָט זיך אים אַליין אויסגעוויזן עפּעס משונהדיק.

קיין ענטפער איז נישט געקומען, אָבער דאָס, אַז עמעצער איז געשטאַנען, איז שוין נישט געווען קיין שום ספק.

— דאָס זענט איר, פּאַוועל פּאַוולאָוויטש? — האָט וועלטשאַנינאָוו העכער איבערגעחזרט, און זאָגאַר אַזוי הויך, אַז אויב טרוסאָצקי וואָלט אפילו רויִק געשלאָפן אין זיין בעט, וואָלט ער אומבאַדינגט זיך אויפגעכאַפּט און געענטפערט.

אָבער קיין תשובה איז ווידער נישט געקומען. דערפאַר האָט זיך וועלטשאַנינאָוון אויסגעוויזן, אַז די גאַנצע ווייסע פיגור, וועלכע מען האָט קוים געקענט דערקענען, האָט זיך נאָך נענטער צוגעקוקט. דערנאָך איז פאָרגעקומען עפּעס גאָר משונהדיקס: פּלוצלינג האָט זיך אין וועלטשאַנינאָוון עפּעס ווי אָפּגעריסן, גראָד אַזוי ווי פריִער, און ער האָט מיטן גאַנצן כוח אויסגעשריגן, ווי משוגע, פאַרקייכנדיק זיך שיער נישט באַ יעדן וואָרט.

— אויב איר... אַ שיכורער לץ... וועט נאָר וואַגן צו

טראַכטן... אַז איר קענט... מיך איבערשרעקן, וועל איך זיך אומדרייען צו דער וואַנט, זיך אײַגוויקלען דעם קאָפּ און קיין איין מאָל זיך נישט אומקוקן אין משך פון דער גאַנצער נאַכט... בכדי אײַך צו באַווײַזן, ווי אַזוי איך שעץ... ווען איר וואָלט אַפילו אַזוי אָפּגעשטאַנען אַ גאַנצע נאַכט, ביז אין דער פרי... איך שפּיי אויף אײַך...

און אויסשפּייענדיק אויפגעבראַכט אין דער זײַט פון כלומרשטן טרוסאָצקי, האָט וועלטשאַנינאָוו זיך פּלוצלינג אומגעדרייט צו דער וואַנט, זיך אײַנגעוויקלט, ווי ער האָט געזאָגט, אין דער קאָלדרע, און ווי אָפּגעשטאָרבן אין דער דאָזיקער פּאָזע, נישט רירנדיק זיך. עס איז געוואָרן שאַ-שטיל. צי דער שאָטן האָט זיך צוגערוקט, אָדער געשטאַנען אויף איין אָרט — האָט ער נישט געקענט וויסן, אָבער דאָס האַרץ האָט אים געקלאַפּט. געקלאַפּט, געקלאַפּט. עס זענען אַדורכגעגאַנגען, לכל הפחות, פינף גאַנצע מינוטן, און פּלוצ-לינג האָט זיך אויף אַ מרחק פון צוויי טריט פון אים דערהערט טרוסאָצקיס שוואַך, כמעט וויינענדיק, קול:

— אַלעקסעי איוואַנאָוויטש, איך בין אויפגעשטאַנען אויפצו-זוכן... (און ער האָט אָנגערופן אַ נייטיקע שטוב-כּלי) בײַ מיר האָב איך עס נישט געפונען... כ׳האָב געוואָלט שטילערהייט אַ קוק טון לעבן אײַך, בײַם בעט.

— וואָס-זשע האָט איר געשוויגן, ווען איך האָב געשריגן! — האָט וועלטשאַנינאָוו געפרעגט מיט אַן איבערגעריסן קול, אָפּוואַרטנ-דיק אַ האַלבע מינוט.

— דערשראָקן זיך... איר האָט אַזוי געשריגן... האָב איך זיך דערשראָקן...

— דאָרט אין ווינקל, לינקס, בײַ דער טיר, אין שענקל, צינדט אָן אַ ליכט.

— כ׳וועל אויך אָן אַ ליכטל געפינען... — האָט טרוסאָצקי

הכנעהדיק אַ זאָג געטון, אוועקלאָזנדיק זיך צום ווינקל. — איר וועט מיר מוחל זיין, אַלעקסעי איוואַנאָוויטש, וואָס איך האָב אייך אַזוי באַאומרויִקט... כ'האָב מיך פּלוצלינג אויסגעניכטערט...

אָבער וועלטשאַנינאָוו האָט שוין גאָרנישט געענט פערט. ער איז ווייטער געלעגן מיטן פּנים צו דער וואַנט און אַזוי איבערגע-לעגן די גאַנצע נאַכט, נישט אומדרייענדיק זיך קיין איינמאָל. צי האָט זיך אים אַזוי שטאַרק געגלוסט צו האַלטן וואָרט און אַרויס-ווייזן זיין פאַראַכטונג — ער האָט אַליין נישט געוווּסט, וואָס מיט אים טוט זיך. פון זיין נערוון-דערשיטערונג האָט ער צום סוף באַ-קומען היץ און לאַנג נישט געקענט איינשלאָפן. אויפכאַפּנדיק זיך אינדערפרי, צען אַ זייגער, איז ער פּלוצלינג אויפגעשפּרונגען און זיך אַוועקגעזעצט אויפן בעט, ווי עמעצער וואָלט אים אונטערגעהויבן — אָבער טרוסאָצקי איז שוין נישט געווען אין שטוב. עס איז פאַר-בליבן נאָר אַ ליידיק נישט אויפגערוימט בעט. אַליין האָט ער זיך אַרויסגעגנבעט תּיכּף, ווי ס'האָט אָנגעהויבן טאָגן.

איך האָב עס פריִער געוווּסט! — האָט וועלטשאַנינאָוו זיך אַ קלאַפּ געטון מיט דער האַנט איבערן שטערן.

X.

# אויפן בית־עלמין

דעם דאָקטאָרס מורא האָט זיך אַרויסגעוויזן פאַר באַגרינדעט. ליזאַן איז פלוצלינג ערגער געוואָרן, אָבער אַזוי שלעכט, אַז וועלטשאַנינאָוו און פרוי פאָגאָרעלצעוו האָבן פריִער אַ טאָג דאָס נישט פאָרויסגעזען. וועלטשאנינאָוו האָט אינדערפרי געטראָפן די קראַנקע נאָך באַם באַוווּסטזיין, הגם זי האָט אינגאַנצן געפלאַמט פון הי... וועלטשאַנינאָוו האָט שפּעטער פאַרזיכערט, אַז זי האָט צו אים ... שמייכל געטון און אפילו אויסגעצויגן דאָס הייסע הענטל. צי דאָס איז געווען אמת, אָדער וועלטשאַנינאָוו האָט זיך דאָס אַליין ניש... ווילנדיק אויסגעטראַכט אַלס טרייסט — איז געווען אוממעגלע... פעסטצושטעלן. אין אָוונט האָט די קראנקע שוין פאַרלוירן דאָ... באַוווּסטזיין און אַזוי איז זי שוין געבליבן ליגן די גאַנצע צייט פו... איר קראַנקהייט. אויפן צענטן טאָג נאָך איר אַריבערפאָרן אויף דע... זומער־וווינונג איז זי געשטאָרבן.

דאָס איז געווען אַ טרויעריקע צייט פאַר וועלטשאַנינאָוון. ... פאָגאָרעלצעוו האָבן אפילו מורא געהאַט פאַר איר. ס׳רוב פון ... דאָזיקע שווערע טעג האָט ער זיך געפונען באַ די פאָגאָרעלצעוו... אין די לעצטע טעג פון ליזאַס קראַנקהייט פלעגט ער גאַנצע שעה... אָפּזיצן איינער אַליין, ערגעץ אין אַ ווינקל, און, ווי עס ווייזט אויס, נישט געטראַכט וועגן קיין שום זאַך, פרוי פאָגאָרעלצעוו פלעג... צוקומען אים צו צעשטרייען, ער האָט אָבער ווייניק געענטפערט

און אָפּט געגעבן אָנצומערקן, אַז עס איז אים שווער מיט איר זיך צונויפצורעדן. פרוי פּאַגאָרעלצעוו האָט אַפילו נישט געגלייבט, אַז דאָס וועט איך אים מאַכן אַזאַ רושם. מער פון אַלעמען האָבן אים געקענט פאַרוויילן די קינדער: ער האָט מיט זיי אַפילו אָפּט גע-שטיפט. אָבער כמעט יעדער שעה איז ער אויפגעשטאַנען פון בענקל און אויף די שפּיץ-נעגל געגאַנגען אַ קוק טון אויף דער קראַנקער. אָפּט האָט זיך אים אויסגעוויזן, אַז זי דערקענט אים. ווי אַלע אַנ-דערע האָט ער לחלוטין שוין נישט געהאָפט, אַז זי זאָל געזונט ווערן, אָבער פון דער שטוב, וווּ ליזאַ האָט געהאַלטן באַם שטאַרבן, איז ער נישט אַוועקגעגאַנגען און איז געוויינטלעך געזעסן לעבן איר.

איבעריקנס האָט ער צוויי מאָל אין משך פון די דאָזיקע שווערע טעג אַרויסגעוויזן אַן אויסערגעוויינטלעכע רירעוודיקייט; ער האָט זיך פלוצלינג אויפגעהויבן, געלאָפן קיין פּעטערבורג נאָך דאָקטוירים, איינגעלאַדן די באַרימטסטע און צונויפגעשטעלט קאָנ-סיליומס. דער צווייטער, לעצטער קאָנסיליום איז געווען אַ טאָג פריער, איידער די קראַנקע איז געשטאָרבן. מיט דריי טאָג פריער האָט פרוי פּאַגאָרעלצעוו אַ שמועס געטון מיט וועלטשאַנינאָוון וועגן דער נויטווענדיקייט אָפּצוזוכן סוף כל סוף ערגעץ הער טרוסאָצקין.

— אין פאַל פון אַן אומגליק וועט מען דאָך אָן אים נישט קענען ברענגען ליזאַן צו קבורה!

וועלטשאַנינאָוו האָט עפּעס אַ מורמל געטון. אַז ער וועט וועגן דעם אָנשרייבן אַ בריוול צו טרוסאָצקין. אָבער דער אַלטער פּאָגאָ-רעלצעוו האָט דערקלערט, אַז ער וועט אים אָפּזוכן דורך דער פּאָ-ליציי. וועלטשאַנינאָוו האָט ענדלעך אָנגעשריבן אַ צעטל פון צוויי שורות און עס אַוועקגעטראָגן אין האָטעל באַם פּאָקראָוו. טרוסאָצקי איז, ווי געוויינטלעך, נישט געווען אינדערהיים און וועלטשאַנינאָוו האָט אָפּגעגעבן מאַריאַ סיסאָיעוונאַן דאָס בריוול מיט דער בקשה, אַז זי זאָל עס איבערגעבן טרוסאָצקין.

סוף כּל סוף איז ליזאַ געשטאָרבן אין אַ שיינעס זומער־פֿאַרנאַכט צוזאַמען מיט דעם זון־אונטערגאַנג, און ערשט דאַמאָלס איז װעלטשאַנינאָװ װי צו זיך געקומען. װען מען האָט די טויטע אָנגעטון, אויסגעפּוצט זי אין אַ װײַס, יום־טובדיק קליידל פֿון פּרוי פּאָגאָרעלצעװס אַ טעכטערל, אַװעקגעלייגט אין זאַל אויפֿן טיש מיט צונויפֿגעלייגטע הענטלעך און באַדעקט מיט בלומען — איז װעלטשאַנינאָװ צוגעקומען צו פּרוי פּאָגאָרעלצעװ, און פֿינקלענדיק מיט די אויגן, איר דערקלערט, אַז ער װעט באַלד גיין ברענגען דעם „מערדער". נישט פֿאָלגנדיק די עצה אָפּצוװאַרטן ביז מאָרגן, האָט ער זיך אַװעקגעלאָזט אין שטאָט אַריין.

ער האָט געװוּסט, װוּ ער קען טרעפֿן טרוסאָצקין. נישט בלויז נאָך דאָקטוירים פֿלעגט ער פֿאָרן קיין פּעטערבורג. פֿון צייט צו צייט האָט זיך אים אין די דאָזיקע שװערע טעג אויסגעװיזן, אַז אויב ער װעט ברענגען צו דער שטאַרבנדער ליזאַן איר פֿאָטער — װעט זי, דערהערנדיק זיין קול, זיך אויפֿכאַפּן. אין אַזעלכע מינוטן פֿלעגט ער, אַ פֿאַרצװייפֿלטער, זיך אַװעקלאָזן זוכן טרוסאָצקין. טרוסאָצקי האָט געװוינט װי פֿריִער אין האָטעל, אָבער דאָרט איז אַפֿילו געװען איבעריק צו פֿרעגן אויף אים.

— קומט נישט דריי נעכט כּסדר — האָט מאַריאַ סיסאָיעװנאַ איבערגעגעבן װעלטשאַנינאָװן — און אַז ער קומט שוין יאָ, איז ער שיכּור, זוימט זיך נישט קיין גאַנצע שעה און שלעפּט זיך װי־דער אַװעק. אינגאַנצן צעלאָזט געװאָרן.

דער דינער פֿון פּאָקראָװער האָטעל האָט צװישן אַנדערן דערציילט װעלטשאַנינאָװן, אַז טרוסאָצקי האָט נאָך פֿריִער באַ־זוכט עפּעס „נקבֿות" אויפֿן װאָזנעסענסקי פּראָספּעקט. װעלטשאַני־נאָװ האָט תּיכּף אויסגעזוכט די דאָזיקע „נקבֿות", װען ער האָט זיי באַט מכבּד געװען, האָבן זיי זיך תּיכּף דערמאָנט, װעמען װעלטשאַ־נינאָװ מיינט. דער עיקר האָבן זיי דערקענט טרוסאָצקין לויט זיין

הוט מיטן קרעפּ דערבײַ האָבן זיי גוט אויסגעזידלט טרוסאָצקין דערפֿאַר, וואָס ער קומט שוין מער נישט צו זיי. איינע פֿון זיי׳ קאַטיאַ, האָט זיך אונטערגענומען אויסצוזוכן טרוסאָצקין צו יעדער צײַט, ווײַל „ער גייט איצט נישט אַרויס פֿון מאַשקאַ פּראָסטאַקאָ־וואַן און ער איז שטאַרק רײַך און די דאָזיקע מאַשקאַ איז נישט פּראָסטאַקאָוואַ, נאָר פּראָכוואָסטאָוואַ, זי איז געלעגן אין שפּיטאָל, און ווען זי, קאַטיאַ, וואָלט געוואָלט, וואָלט מען מאַשקאַן תּיכּף פֿאַרשיקט קיין סיביר, נאָר איין וואָרט ווען זי וואָלט געזאָגט". קאַטיאַ האָט אָבער דאָס מאָל נישט געקענט געפֿינען טרוסאָצקין, דערפֿאַר האָט זי פֿאַרזיכערט אים צו כאַפּן אַ צווייט מאָל. און אויף איר הילף האָט וועלטשאַנינאָוו איצט טאַקע גערעכנט.

קומענדיק אין שטאָט אַרײַן אַרום צען אַ זייגער, האָט ער תּיכּף זי אַרויסגעפֿאָדערט און באַצאָלנדיק וועמען מען האָט געדאַרפֿט פֿאַר איר אָפּוועזנהייט, האָט ער זיך אַרויסגעלאָזט מיט איר זוכן טרוסאָצקין. ער האָט נאָך אַליין נישט געוווּסט, וואָס ער וועט איצט אייגנטלעך טון מיט טרוסאָצקין: וועט ער אים דערהרגענען, אָדער ער זוכט אים פּשוט צוליב דעם, בכדי אים מיטצוטיילן, אַז זײַן טאָכטער איז געשטאָרבן און אַז ער דאַרף אויבאַדינגט זײַן בײַ דער קבֿורה? באַלד באַם ערשטן פּריוו האָבן זיי געליטן אַ מפּלה: עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז מאַשקאַ פּראָכוואָסטאָוואַ האָט זיך נאָך אייערנעכטן צעשלאָגן מיט טרוסאָצקין. און אַז עפּעס אַ קאַסירער האָט דערלאַנגט טרוסאָצקין מיט אַ בענקל אין קאָפּ, מיט איין וואָרט, זיי האָבן אים לאַנג נישט געקענט געפֿינען, און ענדלעך אַרום צוויי אַזייגער נאָך האַלבע נאַכט האָט וועלטשאַנינאָוו, אַרויסגייענדיק פֿון עפּעס אַ „הייזל", אויף וועלכן מען האָט אים אָנגעוויזן, פּלוצלינג אַליין זיך אָנגעשטויסן אויף טרוסאָצקין.

טרוסאָצקין האָבן צוגעפֿירט צו דעם דאָזיקן „הייזל" צוויי „דאַמען". ער איז געווען אינגאַנצן שיכּור. איינע פֿון די „דאַמען"

האָט אים געפירט אונטער דער האַנט. הינטער זיי איז נאָכגעגאַנגען איינער אַ הויכוויקסיקער בעל-מום, וואָס האָט געהאַט צו טרוסאָצקין עפּעס אַ טענה. ער האָט געשריגן אויפֿן גאַנצן קול און געדראָט טרוסאָצקין. דער פּאַרשוין האָט געשריגן, אַז טרוסאָצקי האָט אים „עקספּלאָאַטירט און אים אָפּגעסמט דאָס לעבן". ווי עס ווייזט אויס, האָט זיך עס עפּעס געהאַנדלט וועגן געלט. די „דאַמען" זענען געווען איבערגעשראָקן און האָבן זיך געאײַלט. דערזענדיק וועלטשאַנינאָוון, האָט טרוסאָצקי זיך געוואָרפֿן צו אים מיט אויסגעצויגענע הענט און אויסגעשריגן, פּונקט ווי מען וואָלט אים געגאַנגען שעכטן:

— ברודערקע טייערער, באַשיץ!

דערזענדיק וועלטשאַנינאָווס אַטלעטישע פיגור, האָט זיך דער בעל טענה אין איין רגע אָפּגערוקט. טרוסאָצקי האָט טרי... פירט און אויסגעשטעלט צו אים זיין פויסט, צעשרייענדיק זיך אויף אים מיטן גאַנצן קול, אַלס צייכן פון נצחון. אָבער דאָ האָט וועל־טשאַנינאָוו אָנגעכאַפּט אים איבערגערעגט פאַר דער פּלייצע און, אַליין נישט ווויסנדיק נאָך וואָס און נאָך ווען, אים אָנגעהויבן אַזוי שטאַרק טרייסלען מיטביידע הענט, אַז די ציין האָבן זיך באַ אים צעשאָקלט. טרוסאָצקי האָט תיכף אויפגעהערט צו שרייען און מיט אַ תמעוואַ־טער צושראָקענער מינע געקוקט אויף זיין פאַרהערער. נישט וויסנ־דיק, וואָס ער זאָל מיט אים ווייטער טון, האָט וועלטשאַנינאָוו שטאַרק איינגעבויגן טרוסאָצקין און אים אַוועקגעשטעלט אויפן טראָטואַר.

— ליזאַ איז געשטאָרבן! — האָט אים וועלטשאַנינאָוו אַ זאָג געטון.

טרוסאָצקי, וואָס האָט נאָך אַלץ נישט אַראָפּגעלאָזט פון אים די אויגן, איז געזעסן אויפן טראָטואַר, אונטערגעהאַלטן דורך איינער פון די „דאַמען". ענדלעך האָט ער פאַרשטאַנען און האָט פּלוצלינג באַקומען אַ שלעכט פּנים.

— געשטאָרבן... — האָט ער עפּעס מאָדנע אַ מורמל געטון,

ער האָט זיך צעלאַכט פון שיכּרות מיט זיין געוויינטלעכן עקלהאַפטן שמייכל, אָדער עס האָט זיך אים פאַרקרומט אויפן פּנים — האָט וועלטשאַנינאָוו נישט געקענט אונטערשיידן, אָבער אין אַ מינוט אַרום האָט טרוסאָצקי זיך אָנגעשטרענגט און אויפגעהויבן זיין ציטערדיקע רעכטע האַנט, בכדי זיך איבערצוצלמען, דאָס האָט זיך אים אָבער נישט איינגעגעבן, די ציטערדיקע האַנט האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אָפּוואַרטנדיק אַ ווײַלע, איז ער לאַנגזאַם אויפגעשטאַנען פון טראָטואַר זיך אָנגעכאַפּט פאַר דער האַנט פון זיין „דאַמע" זון, אָנלענענדיק זיך אויף איר, געגאַנגען ווײַטער זיין וועג, ווי פאַרגעסנדיק זיך אינגאַנצן, גראָד ווי וועלטשאַנינאָוו וואָלט דאָ אינגאַנצן נישט געווען. אָבער וועלטשאַנינאָוו האָט אים באַלד אָנגעכאַפּט פאַר דער פּלייצע

— פאַרשטייסטו נישט, שיכּורער אויסוואורף, אַז אָן דיר וועט מען זי נישט קענען קובר זיין! — האָט וועלטשאַנינאָוו אויסגעשריגן, פאַרלירנדיק דעם אָטעם.

טרוסאָצקי האָט זיך אומגעדרייט צו איר מיטן קאָפּ.

— דעם פּאָרוטשניק... פון אַרטילעריע... געדענקט איר? — האָט ער אַ פּלאַפּל געטון מיט דער צונג, וואָס האָט זיך אים גע־דרייט אויף אַלע זייטן.

— וו-אָ-ס? — האָט וועלטשאַנינאָוו אויסגעשריגן, אויפציטערנ־דיק קראַנקהאַפט.

— אָט, נאַדיר דעם פאָטער! זוך אים... צו דער קבורה.

— זאָגסט אַ ליגנט! — האָט וועלטשאַנינאָוו ווייטער געשריגן ווי אַ פאַרלוירענער — דער כּעס רעדט פון דיר אַרויס! איך האָב געוווסט, אַז די וועסט מיר צורעכטן... פאַרגעסנדיק זיך אינגאַנצן, האָט ער אויפגעהויבן זיין מוראדיקע פויסט אויף טרוסאָצקין. נאָך איין רגע, און ער וואָלט אים אפשר דערהרגעט מיט איין קלאַפּ. די דאַמען האָבן אָנגעהויבן צו קוויטשען און אָפּגעשפּרונגען, אָבער טרוסאָצקי האָט אפילו נישט אַ ווונק געטון מיטן אויג. עפּעס אַזאַ

אויסברוך פון חיהשער בייזקייט האָט אים משונהדיק פאַרדרייט דאָס פנים.

— קענסטו — האָט טרוסאָצקי זיך אָנגערופן אַ סך האַרטער, כמעט נישט שיכור — אונדזער רוסישער?... (דאָ האָט ער אַרויס־געזאָגט אַ זידל־וואָרט, וואָס עס איז אוממעגלעך דאָס צו פאַרעפנט־לעכן) טאָ, טראָג זיך אָפּ צו איר... דערנאָך האָט ער מיט געוואַלט זיך אַרויסגעריסן פון וועלטשאַנינאָווס הענט, אים אָפּגעשטיפּט און שיִער אַליין נישט אומגעפאַלן. די „דאַמען" האָבן אים אונטערגע־כאַפּט און דאָס מאָל שוין אַוועקגעלאָפן מאַכנדיק יעלות און כמעט שלעפנדיק טרוסאָצקין הינטער זיך. וועלטשאַנינאָוו האָט נישט גע־פּרוּווט זיי איינצוהאַלטן. צומאָרגנס באַ מיטאָג איז צו די פּאָגאָ־רעלצעווס אויף דער זומער־וווינונג געקומען אַ זייער עלעגאַנטער באַאַמטער אין די מיטעלע יאָרן, אין אַ וויץ־מונדיר, און האָט אין נאָמען פון פאַוועל פאַוולאָוויטש טרוסאָצקי העפלעך איבערגעגעבן דער פרוי פּאָגאָרעלצעוו אַ פּאַקעט, וואָס איז געווען אַדרעסירט אויף איר נאָמען. אין פּאַקעט האָט זיך געפונען אַ בריף מיט דריי הונ־דערט רובל און די נויטיקע פּאַפּירן וועגן ליזאַן. טרוסאָצקי האָט געשריבן קורץ מיטן גרעסטן דרך־ארץ און זייער אָנשטענדיק. ער האָט פון טיפן האַרץ געדאַנקט דער „הויכגעשעצטער" פרוי. פּאָגאָ־רעלצעוו פאַר איר חסד און מיטגעפיל צו דער יתומה, פאַר וועלכן עס קען איר באַצאָלן נאָר איין גאָט אין הימל.

ער האָט אין נישט קלאָרע ווערטער דערמאָנט, אַז זיין זייער שלעכטער געזונטס־צושטאַנד דערלויבט אים נישט צו קומען פּער־זענלעך צו דער קבורה פון זיין טייערער, אומגליקלעכער טאָכטער און זיין גאַנצע האָפנונג לייגט ער אַרויף אויף איר איידל האַרץ. די דריי הונדערט רובל זענען אויף די הוצאות פאַר דער קבורה און בכלל אויף די קאָסטן פון דער קראַנקהייט. אויב עס וועט עפּעס איבערבלייבן פון דעם דאָזיקן סכום, האָט ער דעם כבוד צו בעטן

אַוועקצושענקען פאַר דער נשמה פון דער פארשטאָרבענער. דער באַאַמטער, וואָס האָט געבראַכט דעם בריוו, האָט נישט געקענט געבן מער קיין דערקלערונגען. פון זיינע געציילטע ווערטער; האָט זיך זאָגאַר אַרויסגעוויזן, אַז ער האָט זיך אונטערגענומען צוצושטעלן דעם פאַקעט נאָר אויף טרוסאָצקיס דרינגנדע בקשה. פאָגאָרעלצעוו האָט זיך כמעט באַליידיקט פונם אויסדרוק וועגן די קאָסטן פון דער קראַנקהייט און האָט באַשלאָסן איבערצולאָזן פופציק רובל אויף דער קבורה, ווייל מען קען דאָך נישט פאַרווערן אַ פאָטער קובר צו זיין זיין קינד, און די איבעריקע צוויי הונדערט און פופציק רובל צוריקשיקן תיכף הער טרוסאָצקין. פרוי פאָגאָרעלצעוו האָט אַנטגילטיק באַשלאָסן נישט צוריקצוגעבן די צוויי הונדערט און פופציק רובל, נאָר די קבלה פון דער קירך אויפן „גוטן אָרט", אַז זי האָט באַקומען דאָס געלט אויף „עולמות", צום אייביקן אָנדענקען פון דער נשמה פון דער פאַרשטאָרבענער יעליזאַוועטאַ, די קבלה איז תיכף דערנאָך איבערגעגעבן געוואָרן וועלטשאַנינאָוון, בכדי זי תיכף אָפּצושיקן, ער האָט זי אַוועקגעשיקט דורך דער פּאָסט אין האָטעל, ווו טרוסאָצקי האָט געוווינט.

נאָך דער קבורה איז וועלטשאַנינאָוו נעלם געוואָרן פון דער זומער-וווינונג. גאַנצע צוויי וואָכן האָט ער זיך אַרומגעשלעפּט איבער דער שטאָט אָן שום ציל איינער אַליין און האָט זיך, גייענדיק פאַרזונקען אין מחשבות, אָנגעשטויסן אויף מענטשן. צייטנווייז איז ער גאַנצע טעג געלעגן אויסגעצויגן בײַ זיך אויף דער קאַנאַפּקע פאַרגעסנדיק וועגן די נויטווענדיקסטע ענינים. די פאָגאָרעלצעווס האָבן אייניקע מאָל געשיקט רופן וועלטשאַנינאָוון צו זיך, ער האָט צוגעזאָגט צו קומען און האָט באַלד פאַרגעסן. פרוי פאָגאָרעלצעוו איז אפילו אַליין געקומען צו אים צו פאָרן, אָבער זי האָט אים נישט געטראָפן אינדערהיים. דאָס זעלבע איז אויך געשען מיט זיין אַדוואָקאַט. בינו לבינו האָט דער אַדוואָקאַט אים

געהאַט וואָס מיטצוטיילן: ער האָט זייער געשיקט אויסג[illegible]ם דעם סכסוך. דער צד שכנגד האָט מספים געווען אַדורכ[illegible]קומען בשלום און געווען גרייט צו געבן אַ באַפרידיקונג, וואָס איז נאָר מיט אַן אומבאַדייטנדן חלק געווען קלענער פון דער ירושה, וועלכע ער האָט געפאָדערט. עס איז נאָר פאַרבליבן צו באַקומען אַ הסכם פון וועלטשאַנינאָוון גופא. ווען ער האָט ענדלעך געטראָפן וועלטשאַנינאָוון בא זיך אינדערהיים, האָט זיך דער אַדוואָקאַט זייער פאַרוואונדערט צוליב דער אויסערגעוויינטלעכער פוילקייט און גלייכגילטיקייט, מיט וועלכע זיין ערשט נישט לאַנג אומרואיקער קליענט האָט אים אויסגעהערט.

עס זענען געקומען די הייסע יולי-טעג, אָבער וועלטשאַנינאָוו האָט פאַרלוירן דעם חשבון פון דער צייט. זיין אומגליק האָט אים וויי געטון אין האַרץ. ווי אַ צייטיק-געוואָרענער געשוויר, און איז אים פון צייט צו צייט קלאָר געוואָרן אין זיינע פיינלעכע מחשבות, דער עיקר פון זיינע ליידן איז באַשטאַנען דערין, וואָס ליזאַ האָט נישט באַוויזן אים צו דערקענען און איז געשטאָרבן, נישט וויסנדיק ווי פיינלעך ער האָט זי ליב געהאַט! דער גאַנצער ציל פון זיין לעבן, וואָס האָט אויפגעבליצט פאַר זיינע אויגן און אַזאַ דערפרייענדיק ליכט, איז פלוצלינג טונקל געוואָרן אין אייביקער פינסטערניש. דער דאָזיקער ציל איז טאַקע געווען דאָס, אַז ליזאַ זאָל יעדן טאָג, יעדע שעה און דאָס גאַנצע לעבן פילן אומאויפהערלעך אין זיך זיין ליבע צו איר.

— אַ העכערן ציל האָט קיין שום בשר ודם נישט און קען נישט האָבן! — האָט ער צייטנווייז געטראַכט אין מינוטן פון פיינלעכער התלהבות, — עס זענען פאַרהאַן אויך אַנדערע צילן, אָבער קיין איינער פון זיי קען נישט זיין הייליקער פון אָט דעם ציל. מיט ליזאַס ליבע — האָט ער געחלומט — וואָלט אָפגערייניקט און אויסגעקויפט געוואָרן זיין גאַנץ פריערדיק הלשותדיק, נוצלאָז לעבן.

אָנשטאָט מיר, אַן אָפּגעלעבטן ליידיקגייער און בעל־עבירה וואָלט איך געוועקט צום לעבן אַ ריין, הערלעך באַשעפעניש, און פאַרן דאָזיקן באַשעפעניש וואָלט מען מיר אַלץ מוחל געווען, און אויך איך אַליין וואָלט מיר אַלץ מוחל געווען.

אָט די אַלע באַוווסטזיניקע געדאַנקען האָבן זיך אים תמיד פאָרגעשטעלט אַלס איין גאַנצעס, מיט אַ קלאָרער, נאָנטער און שטענדיק איבעראַשנדער דערינערונג וועגן פאַרשטאָרבענעם קינד און זיינע חלומות האָט ער זיך פאָרגעשטעלט איר ווייס פּנימל, זיך דערמאַנט יעדן אויסדרוק פון איר פּנימל. ער האָט זי געזען פאַר זיך, ווי זי האָט אויסגעזען אין קבר, צווישן די בלומען און ווי זי איז פריער געלעגן אָן באַוווסטזיין און היץ, מיט אָפענע אומבאַוויעגלעכע אויגן. ער האָט זיך פּלוצלינג דערמאַנט, אַז ווען זי איז שוין געווען אויפן טיש, האָט ער באַמערקט, אַז בשעת דער קראַנקהייט איז איר, איין גאָט ווייסט פאַרוואָס, שוואַרץ געוואָרן אַ פינגער. דאָס האָט אים אַזוי שטאַרק געטראָפן און עס איז אים געווען אַזאַ גרייסער שאָד דער דאָזיקער שוואַרץ־געוואָרענער פינגער, אַז דאַמאָלס האָט זיך צום ערשטן מאָל דערוועקט בא אים אין קאָפּ די מחשבה, אָפּצוזוכן תיכּף טרוסאָצקין און אים דערהרגענען, ביז יענער רגע האָט וועלטשאַנינאָוו ווי אינגאַנצן פאַרלוירן אַלע חושים און האָט גאָרנישט געפילט. צי האָט דער באַליידיקטער שטאָלץ פאַרמאַטערט דאָס דאָזיקע קינדישע האַרץ, אָדער די דריי חדשים צער און יסורים פונם פאָטער, וואָס האָט פּלוצלינג זיך געענדערט און אָנשטאָט ווי פריער זי ליבן, אָנגעהויבן זי פיינט האָבן און באַליידיקט מיט אַ שענדלעך וואָרט, געלאַכט פון איר פחד און זי ענדלעך אַרויסגעוואָרפן און אַוועקגעשיקט צו פרעמדע מענטשן?

דאָס אַלץ האָט ער זיך פאָרגעשטעלט אומאויפהערלעך און טויזנטער אופנים. „ווייסטו איר, וואָס אַזוינס ליזאַ איז פאַר מיר געווען?“ — האָט ער זיך פּלוצלינג דערמאַנט אַן אויסרוף פון שיכור

טרויסאַצקין און געפּילט, אַז דער דאָזיקער אויסרוף איז שוין נישט געווען קיין נאָכקרומעניש, און אַז דאָ איז באמת געווען אַ פּינק פון ליבע. „ווי אַזוי-זשע האָט דער דאָזיקער אויסוווּרף געקענט זיין אַזוי אומברחמנותדיק צום קינד, וואָס ער האָט אַזוי ליב געהאַט, און צי איז דאָס מעגלעך?" אָבער יעדעס מאָל האָט ער וואָס גיכער זיך אָפּגעטרייסלט פון דער דאָזיקער פראַגע און זי געוואָלט פאַרגעסן; אין דער דאָזיקער פראַגע איז געווען עפּעס שרעקלעכס, אומדערטרעגלעכס און נישט אויפגעקלערטס פאַר אים.

איינמאָל אין אָוונט האָט ער אַליין נישט געדענקענדיק ווי אַזוי, פאַרבלאָנדזשעט אויפן בית-עלמין, וווּ מען האָט קובר געווען ליזאַן, און אָפּגעזוכט איר קבֿרל. זייט דער קבֿורה איז ער קיין איין מאָל נישט געווען אויפן בית-עלמין. אים האָט זיך אויסגעוויזן, אַז דאָס וועט אים שוין צופיל פּייניקן, און ער האָט נישט געוואַגט אַהינצוגיין. אָבער אַ חידוש: ווי נאָר ער האָט זיך צוגעשטעלט צו איר קבֿרל און עס אַ קוש געגעבן, איז אים לייכטער געוואָרן. עס איז געווען אַ ליכטיקער אָוונט. די זון איז פאַרגאַנגען. אַרום און אַרום, לעבן די קבֿרים, איז געוואַקסן זאַפטיק, גרין גראָז. נישט ווייט צווישן די קליינע ביימעלעך, האָט געזשומעט אַ בין. די בלומען אין קרענצלעך, וועלכע פרוי פּאַגאָרעלצעווס קינדער האָבן נאָך דער קבֿורה איבערגעלאָזט אויף ליזאַס קבֿרל, זענען געלעגן מיט האַלב-אָפּגעפאַלענע בלעטלעך, און צום ערשטן מאָל נאָך אַ לאַנגע, לאַנגע צייט, האָט עפּעס אַ ליכטיקע האָפענונג דערוועקט וועלטשאַנינאָווס באַטריבטע האַרץ.

— ווי לייכט מיר איז געוואָרן! — האָט ער אַ קלער געטון דערפילנדיק די שטילקייט פון בית-עלמין און קוקנדיק אויפן קלאָרן רויִקן הימל. עפּעס אַ ריינער, רויִקער גלויבן האָט אים אָנגעפילט די נשמה.

— דאָס האָט מיר ליזאַ געשיקט, דאָס רעדט זי צו מיר! —

האָט ער אַ קלער געטון. ווען ער האָט זיך געלאָזט אַרויסגיין פון בית-עלמין צוריק אַהיים איז שוין אינגאַנצן פינסטער געוואָרן. נישט ווייט פון די טויערן פון בית-עלמין אויפן וועג, אין אַ נידעריק הילצערן הייזל, איז געווען עפּעס אַ גאָרקיך, אָדער אַ שענק. דורך די אָפענע פענסטער האָבן זיך אַרויסגעוויזן באַזוכערס, וואָס זענען געזעסן באַ די טישן. וועלטשאַנינאָוון האָט זיך פּלוצלינג אויסגעוויזן, אַז איינער פון זיי, וואָס איז געזעסן האַרט באַם פענסטער, איז טרוסאָצקי, און אַז ער, טרוסאָצקי, זעט אים אויך און באַקוקט אים נייגעריק פון פענסטערל. וועלטשאַנינאָוו איז ווייטער געגאַנגען און באַלד דערהערט, אַז עמעצער יאָגט אים נאָך. הינטער אים איז באמת געלאָפן טרוסאָצקי. עס קען זיין, אַז דער פרידלעכער אויסדרוק אויף וועלטשאַנינאָווס פנים האָט געלאָקט טרוסאָצקין און אים צוגעגעבן מוט, און ער האָט אַרויסגעקוקט פון פענסטערל. אויסגלייכנדיק זיך מיט וועלטשאַנינאָוון, האָט טרוסאָצקי נישט דרייסט זיך צעשמייכלט, אָבער שוין נישט מיט זיין פריערדיקן שיכורן שמייכל. ער איז אפשר גאָר אינגאַנצן נישט געווען שיכור.

— גוטן אָוונט אייך! — האָט געזאָגט טרוסאָצקי.

— גוטן אָוונט! — האָט וועלטשאַנינאָוו געענטפערט.

XI.

## פאַוועל פאַוולאָוויטש גייט חתונה האָבן

ענטפערנדיק אויף טרוסאָצקיס באַגריסונג האָט זיך וועלטשאַנינאָוו אליין פאַרוואונדערט. עס איז אים געווען אַ גרויסער חידוש, וואָס ער באַגעגנט איצט דעם דאָזיקן בשר־ודם אָן שום געפיל פון שנאה, און וואָס אין זיינע באַציִונגען צו אים פילט ער אין דער רגע גאָר עפּעס אַנדערש און אַפילו עפּעס אַ רוף צו אַ שינוי צום גוטן.

— אַזאַ מחיהדיקער אָוונט! — האָט טרוסאָצקי אַ זאָג געטון אַריינקוקנדיק וועלטשאַנינאָוון אין די אויגן.

— איר זענט נאָך נישט אַוועקגעפאָרן? — האָט וועלטשאַנינאָוו זיך אָנגערופן, ווי נישט פרעגנדיק אים, נאָר קלערנדיק וועגן עפּעס אַנדערש און גייענדיק ווייטער.

— מיין ענין האָט זיך פאַרשלעפּט, אָבער אַ פּאָסטן האָב איך באַקומען, און אַ העכערן. איבערמאָרגן וועל איך אַלזאָ אַוועקפאָרן.

— איר האָט באַקומען אַ פּאָסטן? — האָט וועלטשאַנינאָוו דאָסמאָל שוין געפרעגט.

— פאַרוואָס דען נישט? — האָט זיך טרוסאָצקי פּלוצלינג פאַרקרומט.

— איך האָב נאָר גלאַט אַזוי געזאָגט — האָט וועלטשאַנינאָוו זיך פאַרענטפערט און, אָנבלאָזנדיק זיך, אַ קוק געגעבן קרום אויף טרוסאָצקין. צו זיין גרעסטער פאַרוואונדערונג זענען טרוסאָצקיס

מלבושים, זיין הוט מיטן קרעפ און בכלל זיין גאַנץ אויסזען, געווען אומפּאַרגלייכלעך אָנשטענדיקער, ווי מיט צוויי וואָכן צוריק.

— „נאָכוואָס איז ער געזעסן אין דער דאָזיקער שענק?“ האָט וועלטשאַנינאָוו נישט אויפגעהערט צו טראַכטן.

— איך האָב אייך, אַלעקסיי איוואַנאָוויטש, געוואָלט איבער־געבן נאָך אַ צווייטע פרייליכע בשורה — האָט טרוסאָצקי ווידער־אָנגעהויבן.

— וואָס פאַר אַ בשורה?

— איך האָב חתונה.

— ווי אַזוי?

— נאָך אַן אומגליק — אַ שמחה, ווי תמיד אין לעבן. איך האָב אייך, אַלעקסיי איוואַנאָוויטש, געוואָלט זייער בעטן... אָבער איך ווייס נישט, אפשר איילט איר זיך איצט. ווייל איר זעט עפּעס איצט אַזוי מאָדנע אויס ...

— אַ, יאָ, איך אייל מיך און... יאָ, איך בין נישט געזונט.

וועלטשאַנינאָוו האָט זייער געוואָלט פּטור ווערן פון טרוסאָצ־קין. די גרייטקייט צו עפּעס אַ ניי געפיל איז אין איין רגע פאַר־שוואונדן געוואָרן.

— און איך וואָלט געוואָלט...

טרוסאָצקי האָט נישט דערזאָגט, וואָס ער האָט געוואָלט. וועלטשאַנינאָוו האָט געשוויגן.

— אויב אַזוי — שפּעטער, אַן אַנדערש מאָל, אויב מיר וועלן זיך נאָר טרעפן...

— אַ, יאָ, אַן אַנדערש מאָל — האָט וועלטשאַנינאָוו שנעל אַ ברום געטון, נישט קוקנדיק אויף טרוסאָצקין און נישט אָפּשטעלנ־דיק זיך.

אַ מינוט צייט האָבן זיי געשוויגן. טרוסאָצקי איז אַלץ נאָך געגאַנגען לעבן וועלטשאַנינאָוון.

— אויב אַזוי — אויף ווידערזען! — האָט טרוסאָצקי ענדלעך זיך אָנגערופן.

— אויף ווידערזען! איך ווינטש אייך...

וועלטשאַנינאָוו איז צוריקגעקומען אַהיים ווידער אינגאַנצן צערודערט. די באַגעגעניש מיטן דאָזיקן פּאַרשוין האָט באַ אים צוגענומען צופיל כוח. ווען ער האָט זיך געלייגט שלאָפן, האָט ער ווידער אַ קלער געטון;

— נאָך וואָס איז ער געווען באַם בית-עלמין?

— צומאָרגנס אינדערפרי האָט ער זיך ענדלעך אָפּגעפּאַסט אַהינצופאָרן צו די פּאָגאָרעלצעווס. נישטווילנדיק האָט ער אָנגענומען דעם דאָזיקן באַשלוס. אים איז איצט געווען צו שווער צו פאַרטרייבן עמעצנס מיטגעפיל, אפילו פון דער משפחה פון פּאָגאָרעלצעווס. אָבער זיי האָבן זיך וועגן אים אַזוי באַאומרויִקט, אַז ער האָט געמוזט אַהינפאָרן. אים האָט זיך פּלוצלינג אויסגעוויזן, אַז ער וועט זיך עפּעס אָנהייבן שטאַרק צו שעמען באַ דער ערשטער באַגעגעניש מיט די פּאָגאָרעלצעווס.

— פאָרן, אָדער נישט פאָרן? — האָט ער געקלערט, איילנדיק זיך צו ענדיקן דאָס פרישטיק, אָבער פּלוצלינג, צו זיין גרעסטער פאַרוואונדערונג, איז צו אים אַריינגעקומען טרוסאָצקי.

נישט קוקנדיק אויף דער נעכטיקער באַגעגעניש, האָט וועלטשאַנינאָוו זיך נישט געקענט פאַרשטעלן, אַז דער דאָזיקער פּאַרשוין וועט ווען עס איז צו אים ווידער אַריינקומען. וועלטשאַנינאָוו איז געווען אַזוי פאַרוואונדערט, אַז ער האָט געקוקט אויף טרוסאָצקין און נישט געוווסט, וואָס אים צו זאָגן, אָבער טרוסאָצקי, האָט זיך אַליין אַן עצה געגעבן, ער האָט זיך באַגריסט און אַוועקגעזעצט זיך אויף דעם זעלבן בענקל, אויף וועלכן ער איז געזעסן מיט דריי וואָכן צוריק, בשעת זיין לעצטן באַזוך. אומרויִק און מיט פאַראַכטונג האָט וועלטשאַנינאָוו געקוקט אויפן גאַסט.

— איר חידושט זיך ? — האָט טרױסאָצקי אָנגעהױבן, אָנ־שטױסנדיק זיך, װאָס װעלטשאַנינאָװ מײנט מיט זײן בליק.

בכלל האָט ער זיך אױסגעװיזן מער אױפריכטיק, װי נעכטן. און גלײכצײטיק איז געװען קענטיק, אַז ער האָט געציטערט נאָך מער, װי נעכטן. זײן אױסערלעך אױסזען איז געװען באַזונדערס אינטערעסאַנט. הער טרױסאָצקי איז געװען נישט נאָר אָנשטענדיק, נאָר אױך פּאַצעטיש אָנגעטון: אין אַ לײכטן זומערדיקן ראָק, העלע הױזן, זאָרגפעלטיק אױסגעפּוצט, אַ װײסן װעכט; די הענטש־קעס, די גאָלדענע לאָרנעטע, װעלכע האָט זיך באַ אים פּלוצלינג באַװיזן, די װעש — זענען געװען אָן אײן חסרון. פון אים האָט אפילו געשמעקט מיט פּערפום. זײן גאַנצע פיגור האָט עפּעס גע־מאַכט אַ לעכערלעכן אײנדרוק און גלײכצײטיק דערװעקט אַ משונה־דיקע, נישט אָנגענעמע מחשבה.

— אמת, אַלעקסײ איװאַנאָװיטש — האָט טרױסאָצקי װײ־טער גערעדט — איך האָב אײך פאַרװוּנדערט מיט מײן קומען, איך פיל עס. אָבער איך מײן, אַז צװישן מענטשן איז אײביק דאָ און דאַרף אײביק זײן עפּעס העכערס, נישט אַזױ ? דאָס הײסט: עפּעס אַזױנס, װאָס איז העכער פון אַלע באַדינגונגען, אפילו פון אַלע אומאָנגענעמלעכקײטן, װאָס קענען דערפון אַנטשטײן... נישט אַזױ ?

— הער טרױסאָצקי, רעדט בקצור און אָן צערעמאָניעס — האָט װעלטשאַנינאָװ אומעטיק און בײז זיך אָנגערופן.

— אין צװײ װערטער — האָט טרױסאָצקי זיך צוגעאײלט — איך האָב חתונה און פאָר איצט אַװעק צו מײן כלה, אָט טאַקע באַלד. זײ זענען אױך אַ זומער־װױנונג. איך װאָלט געװאָלט האָבן דעם גרױסן כבוד צו װאַגן אײך צו באַקענען מיט דער דאָ־זיקער משפחה און איך בין געקומען מיט דער אױסערגעװײנטלע־

כער בקשה (טרוסאָצקי האָט זיך העגדיק פּאַרנייגט), אַז איר זאָלט זיין אַזוי פריינטלעך און מיך באַגלייטן...

— וווּהין באַגלייטן?

וועלטשאַנינאָוו האָט אויסגעשטעלט אַ פּאָר אויגן.

— צו זיי, דאָס הייסט: אויף דער זומער-וווינונג. זייט מוחל, איך רעד ווי פון היץ און האָב זיך אפשר פארפּלאָנטערט. אָבער איך האָב אַזוי מורא פאַר אייער אָפּזאָג. — און ער האָט ווי מיט פּאַרוויינטע אויגן אַ קוק געטון אויף וועלטשאַנינאָוון.

— איר ווילט, איך זאָל איצט פאָרן מיט אייך צו אייער כלה? — האָט וועלטשאַנינאָוו זיך אָנגערופן, אָנקוקנדיק טרוסאָצקין פאַרוווּנדערט און נישט גלייבנדיק זיינע אויגן און אויערן.

— אָ — האָט טרוסאָצקי פּלוצלינג אַנגעהויבן שרעקלעך צו ציטערן — איר וועט זיך נישט צעבייזערן, אַלעקסיי איוואַנאָוויטש, דאָס איז נישט קיין חוצפּה, איך וויל אייך נאָר בעטן, הכנעדיק בעטן, מיר האָט זיך אויסגעוויזן, אַז איר וועט אפשר מיר נישט אָפּזאָגן...

— ערשטנס איז דאָס לחלוטין נישט מעגלעך — האָט וועלטשאַנינאָוו אומרויִק אַ ברום געטון.

— דאָס איז נאָר מיין הייסטער ווונטש און נישט מער — האָט טרוסאָצקי ווייטער געבעטן וועלטשאַנינאָוון — איך וועל נישט פאַרהוילן, אַז דאָ איז אויך פאַראַן אַ סיבה. אָבער די סיבה וואָלט איך אייך געוואָלט אַנטפּלעקן ערשט שפּעטער און איצט האָב איך נאָר צו אייך די איינע בקשה צו טון די גרויסע געפעליקייט...

און ער איז פון דרך-ארץ וועגן אויפגעשטאַנען פון בענקל.

— אָבער ווי עס זאָל נישט זיין, איז עס אוממעגלעך, איר וועט אַליין מודה זיין...

וועלטשאַנינאָוו איז אויך אויפגעשטאַנען פון אָרט.

— דאָס איז זייער מעגלעך, אַלעקסיי איוואַנאָוויטש — איך

האָב געדענקט אייך פאַרצוּשטעלן מיינעם אַ גוּטן באַקאַנטן אַלס פריינט, צווייטנס, קענט איר זיך שוין פוּן לאַנג, מיר פאָרן צוּ זאַכליאַבקינען אויף זוּמער-וואוינוּנג. סטאַטסקי סאָוויעטניק זאַכליאַבקין.

— וואָס? — האָט וועלטשאַנינאָוו אויסגעשריגן.

דאָס איז געווען דער זעלבער סטאַטסקי סאָוויעטניק, וועלכן ער האָט מיט אַ חודש צוּריק געזוּכט און נישט געקענט טרעפן, און וואָס האָט, ווי עס איז שפּעטער קלאָר געוואָרן, געאַרבעט אין זיין פּראָצעס לטובת דעם צד שכנגד.

— נוּ, יאָ, נוּ, יאָ — האָט טרוּסאָצקי זיך צעשמייכלט, ווי באַקוּמענדיק מיט אַ דאַנק וועלטשאַנינאָווס אויסערגעוויינטלעכער פאַרוואוּנדערוּנג. — יאָ, יאָ, דער זעלבער, איר געדענקט נאָך אַלזאָ, ווען איר זענט דאַמאָלס געגאַנגען מיט אים און גערעדט און איך האָב געקוּקט אויף אייך און געשטאַנען אַנטקעגן, איך האָב דאַמאָלס אָפּגעוואַרט, בכדי צוּצוּגיין צוּ אים, ווען איר וועט זיך געזעגענען. מיט אַן ערך צוואַנציק יאָר צוּריק האָבן מיר צוּזאַמען געדינט, און דאַמאָלס, ווען איך האָב נאָך אייך געוואָלט צוּגיין, האָב איך נאָך נישט געטראַכט וועגן דעם. ערשט איצט איז אוּמגערעכט מיר איינגעפאַלן די דאָזיקע מחשבה, מיט אַ וואָך צוּריק.

— אָבער זייט אַזוי גוּט, דאָס איז דאָך דאַכט זיך, זייער אַן אָרנטלעכע משפּחה? — האָט וועלטשאַנינאָוו נאַיִוו זיך געוואוּנדערט.

— טאָ וואָס איז, אַז אַן אָרענטלעכע? — האָט זיך טרוּסאָצקי פאַרקרוּמט.

— ניין, ניין, נישט דאָס מיין איך, פאַרשטייט זיך... אָבער אויף וויפיל איך האָב באַמערקט זייענדיק דאָרט...

— זיי געדענקען, זיי געדענקען, ווי איר זענט דאָרט געווען — האָט טרוּסאָצקי פריילעך אויפגעכאַפּט — אָבער איר האָט די משפּחה דאַמאָלס נישט געקענט זען. אָבער ער אַליין געדענקט

און ערט אייך, איך האָב זיי מיטן גרעסטן דרך-ארץ דערציילט וועגן אייך.

— אָבער ווי אַזוי־זשע, אַז סך־הכּל זענט איר אַן אַלמן ערשט דריי חדשים.

— די חתונה האָט דאָך נישט פאָרקומען אָט־שוין, ערשט אין אַ ניין אָדער צען חדשים אַרום וועל איך חתונה האָבן, אַזוי אַז איך וועל זיין אַן אַבל פונקט אַ יאָר. גלייבט מיר, אַלץ וועט זיין גוט. ערשטנס קען מיך שוין הער זאַכליאַבקין נאָך פון קינדווייז אָן, ער האָט געדענקט מיין פאַרשטאָרבענע פרוי און ווייסט, ווי אַזוי איך האָב געלעבט און אין וואָס פאַר אַ מצב. סוף כּל סוף האָב איך דאָך אַ פאַרמעגן, איצט האָב איך אויך באַקומען אַ העכערן אַמט — אַזוי אַז אַלץ איז האַלב־וועגנס גוט.

— טאָ, וועמען נעמט איר־זשע, זיין טאָכטער?

— איך וועל אייך וועגן אַלעם דערציילן אויספירלעך — האָט זיך טרוסאָצקי אָנגעבלאָזן באַלעקנדיק זיך פון נחת — דער־לויבט מיר צו פאַררייכערן אַ פּאַפּיראָס. איר וועט זי אַליין אָנקוקן. אַזעלכע טיכטיקע פּערזאָנען, ווי הער זאַכליאַבקין ווערן טאַקע אָפּט־מאָל זייער געערט אין דינסט, אויב זיי געלינגט צוצוציִען צו זיך די אויפמערקזאַמקייט, אָבער אויסער די שכירות מיט אַלע הוספות און גראַטיפיקאַציעס איז דאָך גאָרנישט פאַרהאַן, דאָס הייסט דער עיקר אייגן קאַפּיטאַל. זיי לעבן זיך, אָבער אָפּשפּאָרן קען מען בשום אופן נישט, אַז מען האָט אַ משפּחה. שטעלט זיך פאָר, הער זאַכלאָבקין האָט אַכט טעכטער פריילייִדיקע און איין זון אַ מינדער־יעריקן. שטאַרבט ער איצט חלילה — פאַרבלייבט נאָר אַ נעבעכדי־קע פּענסיע. און דאָ דרייען זיך אַרום אַכט בתולות — שטעלט זיך פאָר, וואָס דאָס באַדייט: בלויז אויף אַ פּאָר שיך פאַר יעדער איינ־ציקער דאַרף מען דאָך האָבן אוצרות! פון די אַכט טעכטער זענען שוין פינף דערוואַקסענע, די עלטסטע איז אַלט פיראונצוואַנציק

יאָר — (זייער אַ שיין מיידל, איר וועט אַליין מודה זיין, ווען איר וועט זי אָנקוקן) — און די זעקסטע איז אַלט פופצן יאָר און לערנט נאָך אין גימנאַזיע. דאַרף מען דאָך פאַר פינף טעכטער אויס־זוכן חתנים אין באַצייטנס זיי אַרויספּטרן פון דערהיים — ווייסט איר דאָך, וואָס דאָס דאַרף אָפּקאָסטן! און אין מיטן דערינען קום איך, דער ערשטער חתן בײַ זיי אינדערהיים, און זיי ווייסן, אַז איך בין באמת פאַרמעגלעך. דאָס איז אַלץ.

טרוּסאָצקי, איז געווען פאַרשיכורט, ווי פון גרויס נחת.

— איר האָט זיך געשדכנט צו דער עלטסטער?

— ניין — נישט צו דער עלטסטער, איך האָב זיך גע־שדכנט צו דער זעקסטער. צו דער, וואָס לערנט נאָך אין גימנאַזיע.

— וואָס הייסט? — האָט וועלטשאַנינאָוו נישט ווילנדיק זיך צעלאַכט — איר אַליין זאָגט דאָך, אַז זי איז סך־הכל אַלט פופצן יאָר?

— איצט איז זי אַלט פופצן יאָר, אָבער אין ניין חדשים אַרום וועט זי אַלט זיין זעכצען, זעכצען יאָר מיט דריי חדשים. אָבער אַזוי ווי איצט איז נאָך נישט לפי הכבוד, ווערט נאָך אַלץ געהאַלטן בסוד און נאָר מיט די עלטערן האָב איך אַדורכגעשמועסט... גלייבט מיר, אַז אַלץ איז אין אָרדנונג!

— איז הייסט דאָס, גאָרנישט באַשלאָסן?

— ניין, באַשלאָסן, פעסט באַשלאָסן. גלייבט מיר: אַלץ איז אין בעסטן אָרדנונג.

— און זי ווייסט?

— דאָס הייסט, זי מאַכט נאָר אַזאַ אָנשטעל, אַז זי ווייסט נישט, ווי מען וואָלט גאָרנישט זי געמיינט, אָבער וואָס הייסט, זי ווייסט נישט — האָט טרוּסאָצקי צופרידן זיך צעשמייכלט. — נו, וואָס, איר וועט באַוויליקן אַהין צו פאָרן, אַלעקסיי איוואַנאָ־וויטש? — האָט טרוּסאָצקי נישט דרייסט געפרעגט.

— צי וואָס דאַרף איך אַהינפאָרן? איבעריקנס, — האָט ער זיך צוגעגעבן — אַזוי ווי איך וועל סיי-ווי-סיי נישט פאָרן, דאַרפט איר מיר נישט דערקלערן די סיבות.

— אָבער אַלעקסיי איוואַנאָוויטש! — האָט טרוסאָצקי צי־טערנדיק אַ זאָג געטון.

— וואָס הייסט: איך וועל זיך אַריינזעצן צוזאַמען מיט אייך און פאָרן, באַקלערט זיך נאָר אַליין!

וועלטשאַנינאָוון האָט ווידער באַהערשט דאָס געפיל פון עקל און פאַראַכטונג נאָכדעם, ווי טרוסאָצקיס פלוידעריי וועגן דער כלה האָט אים אויף אַ ווײַלע צעשטרייט. נאָך איין מינוט און וועלטשאַ־נינאָוו וואָלט, דאַכט זיך, אינגאַנצן אַרויסגעטריבן זיין גאַסט: וועל־טשאַנינאָוו איז אַפילו געווען בייז אויף זיך אַליין.

— זעצט זיך אַלעקסיי איוואַנאָוויטש, זעצט זיך צוזאַמען מיט מיר, איר וועט נישט קיין חרטה האָבן! — האָט טרוסאָצקי געבעטן וועל־טשאַנינאָוון מיט אַ דערשלאָגן קול — ניין, ניין, ניין! — האָט ער אַ מאַך געטון מיט דער האַנט, באַגרייפנדיק וועלטשאַנינאָווס אומגע־דולדיקע און אַנטשלאָסענע באַוועגונג. — איך זע, אַז איר האָט מיך שלעכט פאַרשטאַנען: איך ווייס זייער גוט, אַז איך מיט אייך קענען נישט זיין קיין חברים. איך בין נאָך נישט אַזאַ טיפש, אַז איך זאָל דאָס נישט פאַרשטיין, די טובה, וואָס איך בעט אייך איצט מיר צו טון, פאַרפליכטעט אייך נישט צו קיין שום זאַך אין דער צו־קונפט. איבערמאָרגן וועל איך אַליין אַוועקפאָרן אויף שטענדיק און אַלץ וועט אַריבערגיין. ווי עס וואָלט גאָרנישט געווען. זאָל דער דאָזיקער טאָג זיין נאָר א ריינער צופאַל. איך בין צו אייך געגאַנ־גען און האָב אַרויפגעלייגט מיין גאַנצע האָפנונג אויף דער איידל־קייט פון די באַזונדערע געפילן פון אייער האַרץ, טאקע די זעל־בע געפילן, וועלכע האָבן אין דער לעצטער צייט זיך געקענט דער־

וועקן אין אייער האַרץ. דאַכט זיך, אַז איך רעד קלאָרע דבורים, און אפשר נאָך אַלץ נישט?

טרוסאָצקי האָט זיך וואָס אַמאָל מער אויפגערעגט. וועלטשאַ־ נינאָוו האָט אויף אים משונהדיק געקוקט.

— איך בעט עפּעס אַ טובה פון מיר? — האָט וועלטשאַני־ נאָוו געפרעגט, פאַרטראַכטנדיק זיך — און שטייט צו צו מיר. דאָס קומט מיר אויס פאַרדעכטיק. איך וויל וויסן מער פרטים.

— די גאַנצע טובה באַשטייט דערין, וואָס איר וועט מיט מיר אַהינפאָרן. און דערנאָך, ווען מיר וועלן צוריקקומען, וועל איך אייך דערציילן, ווי בשעת מען איז זיך מתוודה. אַלעקסיי איוואַנאָוויטש, גלייבט מיר!

אָבער וועלטשאַנינאָוו האָט נאָך כסדר זיך אָפּגעזאָגט, און נאָך מער עקשנותדיק דערפאַר, ווייל אים האָט באַהערשט עפּעס אַ שווערע, בייזע מחשבה. די דאָזיקע שלעכטע מחשבה, האָט אים שוין פון לאַנג באַאומרויִקט, באַלד פון אָנהייב, ווען טרוסאָצקי האָט מודה געווען וועגן זיין כלה: צי דאָס איז געווען אַ פּשוטע נייגע־ ריקייט, אָדער אַ שטאַרקער נאָך נישט קלאָרער חשק. עס האָט אים געצויגן מסכים צו זיין. און וואָס מער עס האָט אים גע־ צויגן, אַלץ מער האָט ער זיך געוואָלט באַפרייען דערפון. ער איז געזעסן אָנשפאַרנדיק זיך אויפן עלנבויגן, און געווען פאַרזונ־ קען אין מחשבות. טרוסאָצקי דאָט זיך געדרייט אַרום אים אַהין און אַהער און געהאַלטן אין איין בעטן.

— גוט, איך וועל פאָרן! — האָט וועלטשאַנינאָוו פּלוצלינג מסכים געווען, אויפשטייענדיק פון אָרט אומרויִק און כמעט ציטערנדיק.

טרוסאָצקי האָט זיך זייער דערפרייט.

— איצט, אַלעקסיי איוואַנאָוויטש, טוט זיך אָן — האָט ער געטאַנצט אַהין און אַהער אַרום וועלטשאַנינאָוון, וואָס האָט זיך גע־

גומען אָנטון. — זייט אַזוי גוט, טוט זיך אָן אַ ביסל עלעגאַנטער און אויף אייער שטייגער.

— נאָך וואָס, צום טייוול, קריך איך אַהין, אַ מאָדנע בריאה?— האָט וועלטשאַנינאָוון געטראַכט וועגן זיך.

— און נישט נאָר די איינע טובה דערוואַרט איך פון אייך, אַלעקסיי איוואַנאָוויטש, אויב איר האָט שוין מסכים געווען, זייט שוין אויך מיין מדריך.

— דהיינו?

— דהיינו, אַ גרויסע שאלה: דער קרעפ? , ' איז אָנשטענ־דיקער: אַראָפּנעמען, אָדער בלייבן מיטן קרעפּ?

— ווי איר ווילט.

— ניין, איך וויל הערן אייער מיינונג, ווי אַזוי איר וואָלט געטון, דאָס הייסט, ווען איר וואָלט געטראָגן קרעפּ? וואָס איז שייך צו מיר, רעכן איך, אַז אויב איך וועל פאַרבלייבן מיטן קרעפּ, וועט עס זיין אַ רמז אויף דער דויערהאַפטיקייט פון די געפילן און ס'וועט אויסקומען, אַז איך חנפע זיך.

— פאַרשטייט זיך, אַז איר דאַרפט אַראָפּנעמען שוין.

— שוין זשע טאַקע אַזוי? — האָט זיך טרוסאָצקי פאַר־טראַכט — ניין, שוין בעסער פאַרבלייבן מיטן קרעפּ...

— ווי איר ווילט. — פונדעסטוועגן האָט ער נישט קיין צו־טרוי צו מיר, דאָס איז גוט — האָט אַ קלער געטון וועלטשאַנינאָוו.

זיי זענען אַרויסגעגאַנגען. טרוסאָצקי האָט צופרידן געקוקט אויפן אויסגעפוצטן וועלטשאַנינאָוו. טרוסאָצקי איז ווי געוואָרן מער ערנסט און זיך אָנגעהויבן באַווייזן מיט מער דרך־ארץ. וועלטשאַ־נינאָוו האָט זיך געוווּנדערט קוקנדיק אויף אים. אָבער באַכמער האָט ער זיך געחידושט פון זיך אַליין. באַם טויער איז געשטאַנען אַ הערלעכע קאַרעטע, וואָס האָט געוואַרט אויף זיי.

— איר האָט שוין געהאַט צוגעגרייט אַ קאַרטעט? זענט איר, הייסט עס, שוין פריִער געווען זיכער, אַז איך וועל פאָרן?

— די קאַרטעט האָב איך געדונגען פאַר מיר. אָבער איך בין כמעט געווען זיכער, אַז איר וועט מסכים זיין צו פאָרן מיט מיר — האָט טרוּסאָצקי געענטפערט מיט אַ צופרידענער מינע, וואָס האָט געזאָלט עדות זאָגן, אַז ער איז אינגאַנצן גליקלעך.

— ע, פּאַוועל פּאַוולאָוויטש — האָט וועלטשאַנינאָוו ווי אויפגערעגט זיך צעשמייכלט, ווען זיי האָבן זיך אַריינגעזעצט אין דער קאַרעטע און זיך גערירט פון אָרט. — האָט איר נישט אַמאָל צו פיל צוטרוי צו מיר?

— אָבער נישט איר, אַלעקסיי איוואַנאָוויטש, נישט איר דאַרפט מיר דערפאַר דאַנקען, אַז איך בין אַ שוטה — האָט טרוּסאָצקי געענטפערט מיט אַ זיכערער. רירנדער שטימע.

„און ליזאַ" — האָט אַ טראַכט געטון וועלטשאַנינאָוו און תיכף זיך אָפּגעטרייסלט פון דער דאָזיקער מחשבה, ווי דערשרעקנדיק זיך פאַר עפּעס אַ לצנות. און פּלוצלינג האָט זיך אויסגעוויזן, אַז ער איז אַליין אַזוי קליינלעך און נישטיק אין דער דאָזיקער מינוט: אים האָט זיך אויסגעוויזן, אַז די מחשבה, וואָס פאַרפירט אים, איז אַזאַ קליינלעכע, אַזאַ עקלהאַפטע... און וואָס עס זאָל נישט געשען, האָט זיך אים ווידער פאַרגלוסט אַוועקצוואַרפן אַלץ און אָט שוין אַרויסצושפרינגען פון דער קאַרעטע, ווען אַפילו ער וואָלט צוליב דעם זיך געמוזט צעשלאָגן מיט טרוּסאָצקין. אָבער טרוּסאָצקי האָט ווידער אָנגעהויבן רעדן, און דאָס פריִערדיקע געפיל, וואָס האָט אים פאַרפירט, האָט אים ווידער באַהערשט.

— אַלעקסיי איוואַנאָוויטש, זענט איר אַ מבין אויף קאָסטבאַר־קייטן? — האָט טרוּסאָצקי געפרעגט.

— אויף וואָסערע קאָסטבאַרקייטן?

— אויף בריליאַנט

כ׳בין אַ מבין.

— איך וועל ברענגען אַ קליינע מתנה. ווי מיינט איר, כ׳דאַרף ברענגען, אָדער נישט?

— לויט מיין מיינונג — נישט.

— און איך וואָלט אַזוי געוואָלט — האָט טרוסאָצקי אַ ברומ־געטון — אָבער וואָס זאָל איך קויפן? אַ גאַנצן גאַרניטור, דאָס הייסט: אַ בראָשקע, אויערינגלעך, אַן אָרעם־באַנד, אָדער גאָר איין חפץ?

— וויפיל ווילט איר באַצאָלן?

— אַ פיר, פינף הונדערט רובל.

— אָ!

— אַ סך, וואָס? — האָט טרוסאָצקי אויפגעציטערט.

— קויפט נאָר אַן אָרעם־באַנד פאַר הונדערט רובל.

טרוסאָצקי איז בייז געוואָרן, ער האָט זייער שטאַרק געוואָלט באַצאָלן טייערער און קויפן אַ גאַנצן גאַרניטור, ער איז צוגעשטאַנען צו וועלטשאַנינאָוון. זיי זענען צוגעפאָרן צו אַ געשעפט, עס האָט זיך געענדיקט דערמיט. וואָס זיי האָבן געקויפט נאָר איין אָרעם־באַנד, און נישט אַזעלכן, וואָס איז געפעלן טרוסאָצקין, נאָר דעם, אויף וועלכן וועלטשאַנינאָוו האָט אָנגעוויזן, טרוסאָצקי האָט געוואָלט קויפן ביידע. ווען דער סוחר, וואָס האָט פאַרלאַנגט פאַר דעם אָרעם־באַנד הונדערט פינף און זיבעציק רובל און האָט אַראָפּגעלאָזט אויף הונדערט פופציק — איז טרוסאָצקי אין כעס געוואָרן. ער וואָלט געוועז באַצאָלט אפילו צוויי הונדערט, ווען מען וואָלט פאַרלאַנגט אַזוי שטאַרק, האָט זיך אים געגלוסט צו באַצאָלן טייערער.

— עס שאַדט נישט, וואָס איך אײַל זיך אַזוי מיט מתּנות — האָט טרוסאָצקי אָנגעהויבן רעדן ווי פאַרשיכּורט, ווען זיי זענען ווידער אַוועקגעפאָרן. — עס איז דאָך נישט קיין העכערע „געזעלשאַפט", פּשוטע מענטשן. אומשולדיקייט האָט ליב מתּנות — האָט ער גנביש און ־פרייילעך זיך צעשמייכלט.

— איר, אַלעקסיי איוואַנאָוויטש, האָט זיך פריִער צעלאַכט, וואָס זי איז סך-הכּול אַלט פופצען יאָר און מיר האָט טאַקע נאָר דאָס אַ קלאַפּ געטון אין קאָפּ. טאַקע דאָס, וואָס זי גייט נאָך אין גימנאַזיע מיט אַ טעקע אונטערן אָרעם, ווו עס ליגן העפטן און פעדערן. כאַ-כאַ-כאַ! אָט די דאָזיקע טעקע האָט מיך פאַרכּישופט. איך האָב געהאַט אין זין נאָר די אומשולדיקייט. עס גייט מיר נישט אַזוי וועגן איר שיינקייט, ווי אָט וועגן דעם, וואָס זי לאַכט דאָרט מיט אַ חברטע אין ווינקל, און נאָך ווי אַזוי זי לאַכט, גאָט מיינער! און פאַרוואָס? דאָס געלעכטער איז צוליב דעם, וואָס דאָס קעצל איז אַראָפּגעשפּרונגען פון קרעדענץ און זיך איינגענאָרעט אין אַ קנויל... דאָס שמעקט דאָך מיט אַ פריש עפּעלע! אפשר שוין אַראָפּ נעמען דעם קרעפּ?

— ווי איר ווילט.

— כ'וועל אַראָפּנעמען!

ער האָט אַראָפּגענומען דעם הוט, אַראָפּגעריסן דעם קרעפּ און אַרויסגעוואָרפן אויפן וועג. וועלטשאַנינאָוו האָט דערזען, אַז זיין פּנים האָט ממש איפּגעשיינט פון אַ ליכטיקער האָפנונג, ווען ער האָט ווידער אָנגעטון דעם הוט אויף זיין פּליכוואַטן קאָפּ.

— „צי איז ער באמת אַזאַ פאַרשוין?" — האָט וועלטשאַנינאָוו אַ טראַכט געטון, זייענדיק שטאַרק אין כּעס — צי איז נישט פאַרהאַן עפּעס אַ באַזונדער שפּיצל אין דעם, וואָס ער האָט מיך איינגעלאַדן? רעכנט ער באמת אויף מיין איידלקייט? — האָט וועל

טשאַנינאָוו ווייטער געטראַכט, באַליידיקנדיק זיך כמעט פון זיין ל[illegible]־
טער סברה. — וואָס איז ער, א לץ, אַ שוטה אָדער א[illegible]ייביקער
מאן״? סוף כל סוף איז עס דאָך נישט מעגלעך!״

## XII.

# בא די זאַכליאָבקינס

די זאַכליאָבקינס זענען ווירקלעך געווען „זייער אַן אָרנסט-לעכע משפחה", ווי וועלטשאַנינאָוו האָט זיך פריִער אויסגעדריקט, זאַכליאָבקין האָט אפילו אויסערלעך געמאַכט דעם איינדרוק פון אַ סאָלידן באַאַמטן. ס'איז אויך געווען אמת דאָס, וואָס טרוסאָצקי האָט דערציילט- וועגן זייערע הכנסות: „לעבן זיך, דאַכט זיך, נישקשה און מאַכט מען נאָר צו די אויגן — בלייבט גאָרנישט". דער אַל-טער זאַכליאָבקין האָט באַגעגנט וועלטשאַנינאָוון בסבר פנים יפות און פון פריִערדיקן „שונא" איז אינגאַנצן פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ פריינט.

— זייט באַגריסט, אָט אַזוי איז בעסער — האָט דער אַל-טער זאַכליאָבקין באַלד אַ זאָג געטון מיט אַ פריינטלעכער מינע. איך בין אַליין צוגעשטאַנען צו מאַכן שלום, און פיאָטר קאַרלאָוויטש (וועלטשאַנינאָווס אַדוואָקאַט) איז אין דעם פרט אַ גאָלדענער מענטש. וואָס-זשע איז? אַ זעכציק טויזנט וועט איר קריגן אָן שום קאָפּ-פאַרדרייעניש און סיכסוכים און תיכף גלייך אָרט! און דריי יאָר האָט זיך דער ענין זיכער געקענט פאַרציִען!

וועלטשאַנינאָוון האָט מען תיכף באַקאַנט מיט מאַדאַם זאַכליאָ-בקין, אַ קאָרפּולענטע, עלטערע דאַמע מיט אַ געוויינטלעכן, פאַרמאַ-טערט פנים. ס'האָבן אָנגעהויבן אַריינצוקומען די מיידלעך. איינע נאָך דער אַנדערער אָדער פּאָרלעך-ווייז. אָבער ס'האָבן זיך אָנגע-

זאַמלט זייער אַ סך מיידלעך; ביסלעכווייז האָבן זיך צעזייגעקליבן פון צען ביז צוועלף — וועלטשאַנינאָוו האָט אַפילו נישט געקענט איבערציילן. אייניקע זענען אריינגעקומען, אַנדערע זענען אַרויסגעגאַנגען, אָבער צווישן זיי האָבן זיך געפונען אַ סך חברטעס, שכנטעס פון די אַרומיקע זומער-וווינונגען. לעבן זאַכליאַבקינס זומער-וווינונג, אַ גרויס הילצערן הויז, מיט אַן אומבאַקאַנטן אָבער פיינעם געשמאַק אויסגעבויט, מיט זייטיקע בנינים, וואָס זענען אין פאַרשידענע צייטן צוגעבויט געוואָרן — האָט זיך געפונען אַ גרויסער גאָרטן, אָבער דער דאָזיקער גאָרטן, האָט זיך פון פאַרשידענע זייטן געגרענעצט מיט נאָך דריי אָדער פיר זומער-וווינונגען, אַזוי, אַז דער גרויסער גאָרטן איז געווען אַן אַלגעמיינער. דאָס האָט זעלבסטפאַרשטענדלעך מיטגעהאָלפן דערצו, אַז זאַכליאַבקינס טעכטער זאָלן זיך נעענטער חברן מיט די שכנטעס.

וועלטשאַנינאָוו האָט באַלד פון די ערשטע ווערטער פון געשפרעך באַמערקט, אַז מען האָט שוין דאָ געוואַרט אויף אים און, אַז זיין אָנקומען אַלס טרוסאָצקיס פריינט, איז שיער נישט פייערלעך אָפגעזאָגט געוואָרן. זיין שאַרפער און געניטער בליק אין אַזעלכע ענינים האָט דערקענט, אַז דאָ איז אַפילו פאַרהאַן עפּעס באַזונדערס: לויטן צו פריינטלעכן קבלת פנים מצד די עלטערן, לויטן באַזונדערן אויסזען פון די מיידלעך און לויט דעם, וואָס זיי האָבן זיך אויסגעפוצט (הגם ס'איז איבעריקנס דעם טאָג געווען אַ חגא) האָט זיך בא וועלטשאַנינאָוון דערוועקט אַ חשד, אַז טרוסאָצקי האָט שיין דאָ אָפּגעטון אַ שפּיצל. ס'קען זיין, אַז ער האָט דאָ געגעבן צו פאַרשטיין, נישט רעדנדיק, פאַרשטייט זיך, קיין אָפענע דבורים, אַז ער, וועלטשאַנינאָוו, איז אַ בחור, וואָס לאַנגווייליקט זיך, פון אַ „בעסערער געזעלשאַפט", מיט אַ פאַרמעגן.

טרוסאָצקי האָט, אַלזאָ, צוגעגעבן, אַז ער, וועלטשאַנינאָוו, ווענדלעך זיך באַשליסן צו „מאַכן אַ סוף" און זיך איינאָרדנען, בפרט

צוליב דעם, וואָס ער האָט אויך איצט באַקומען אַ ירושה. ווייזט אויס, אַז די עלטסטע פריילין זאַכליאָבקין, קאַטערינאַ, טאַקע די זעל-בע, וואָס איז אַלט געווען פיר און צוואַנציק יאָר און וועגן וועלכער טרוסאָצקי האָט זיך אויסגעדריקט, ווי וועגן אַ יפיפיה, איז געווען געשטימט אין אַזאַ טאָן. זי האָט זיך באַזונדערס אויסגעטיילט פון אירע שוועסטערן מיט איר הלבשה און מיט די אָריגינעל-פאַרקעמ-טע, שיינע האָר. די שוועסטערן און די אַנדערע מיידלעך האָבן גע-קוקט אַזוי, ווי אויך זיי וואָלטן שוין זיכער געוווסט, אַז וועלטשאַ-נינאָוו באַקענט זיך „צוליב קאַטערינאַן" און איז געקומען זי „אָנ-צוקוקן". זייערע בליקן און אפילו אייניקע ווערטער, וועלכע זיי האָבן ווי אומבאַמערקט געלאָזט פאַלן אין משך פון טאָג, האָבן אים באַ-שטעטיקט זיין סברה. קאַטערינאַ איז געווען אַ הויכע, אַ פולע, זייער אַ שיינע בלאָנדינקע מיט אַן אויסערגעוויינטלעך סימפּאַטיש פנים, אַ שטילע, אַ שווייגנדיקע, נישט ענערגישע, כמעט פאַרשלאָסענע.

— „אַ חידוש, וואָס אַזאַ איינע איז פאַרזעסן !" — האָט וועל-טשאַנינאָוו נישט ווילנדיק אַ טראַכט געטון, קוקנדיק אויף איר מיט אַ צופרידענער מינע, — זאָל זיין אָן נדן, אָבער כל זמן זי וועט נישט אַראָפּ פון פנים דאַרפן דאָך זיין אויף איר אַ סך בעלנים"...

די אַלע איבעריקע שוועסטערן זענען אויך נישט געווען קיין מיאוסע, און צווישן די חברטעס האָבן אַדורכגעשוועבט אייניקע פריי-לעכע, זייער שיינעקע פנימלעך. דאָס האָט אים אָנגעהויבן צו פאַר-שאַפן נחת, אָבער ער איז, איבעריקנס, אַריינגעקומען אַהער מיט אַ באַזונדערער מחשבה.

נאַדיעזשדאַ, די זעקסטע טאָכטער, די גימנאַזיסטקע, וואָס האָט געזאָלט זיין טרוסאָצקיס כלה, האָט געלאָזט אַ ביסל וואַרטן אויף זיך. וועלטשאַנינאָוו האָט אומגעדולדיק געוואַרט אויף איר, פון וואָס ער האָט זיך אַליין געוווּנדערט. ענדלעך האָט זי זיך באַוויזן אָן עפעקט, אין דער באַגלייטונג פון אַ שלאַנקע, זייער געשיקטע חברטע.

דאָס איז געווען מאַריאַ ניקיטישנאַ, אַ ברונעטקע מיט אַ פּריילעך פּנימל, פּאַר וועלכער טרוסאָצקי האָט זייער מורא געהאַט, ווי ס'האָט זיך באַלד אַרויסגעוויזן. דאָס דאָזיקע מיידעלע, וואָס איז שוין גע־ווען אַלט דריי און צוואַנציק יאָר, אַ רירעוודיקע און זייער אַ קלו־גע, איז געווען אַ דערציִערן פון קליינע קינדער אין אַ שכנישער באַ־קאַנטער משפּחה. אין האָט זיך שוין לאַנג גערעכנט ווי אַן אייגענע באַ די זאַכליאָבקינס. די טעכטער האָבן זי זייער געשעצט. מען האָט געקענט באַמערקן, אַז זי איז איצט אויך זייער נייטיק געווען נאַדיאַן. פון ערשטן בליק האָט וועלטשאַנינאָוו דערקענט, אַז די מיידלעך זע־נען אַלע געווען קעגן טרוסאָצקין, אַפילו די חברטעס, און אין אַ מינוט אַרום, נאָכדעם ווי נאַדיאַ איז אַרויסגעאַנגען, איז ער געקו־מען צום באַשלוס, אַז אויך זי האָט פיינט טרוסאָצקין. וועלטשאַנינאָוו האָט אויך איינגעזען, אַז טרוסאָצקי באַמערקט דאָס נישט, אַז ער וויל דאָס נישט באַמערקן. נאַדיאַ איז בלי ספק געווען שענער פון אַלע שוועסטערן — אַ קליינע ברונעטקע מיט אַ ווילד פּנימל, אַ גנביש שדל מיט פלאַמעדיקע אייגעלעך, הערלעכער שמייכל, באַצויבערנדע ליפּעלעך און ציינדלעך, אַ שלאַנקע, אַ שיין געבויטע, מיט אַ גיך אַנטוויקלענדער מחשבה און היציקן אויסדרוק פון פּנים, און אין דער זעלבער צייט נאָך כמעט אַ קינד. אירע פופצען יאָר האָבן זיך געלאָזט דערקענען אין איר יעדן טריט, אין יעדן וואָרט. ס'האָט זיך שפּעטער אַרויסגעוויזן, אַז טרוסאָצקי האָט זי באמת דערזען צום ערשטן מאָל מיט אַ טעקע אונטערן אָרעם, אָבער איצט האָט זי שוין נישט געטראָגן די טעקע.

די מתנה האָט זיך אינגאַנצן נישט איינגעגעבן און אַפילו געמאַכט אַ נישט אָנגענעמען איינדרוק. ווי נאָר טרוסאָצקי האָט דער־זען די כלה, איז ער צוגעגאַנגען צו איר מיט אַ שמייכל, ער האָט איר געשאָנקען דעם אָרעם־באַנד כלומרשט פאַרן „נחת, וואָס ער האָט געפילט דאָס לעצטע מאָל, בשעת זי האָט מיט דער באַגליי־

צונג פון קלאַוויר געזונגען דעם שיינעם ראָמאַנס". ער האָט זיך פאַרקייכט, נישט געענדיקט און געבליבן שטיין ווי אַ פאַרלווירענער, אַריינשטופנדיק נאַדיאַן אין דער האַנט דאָס שאַכטל מיטן אָרעם־באַנד. זי האָט עס נישט געוואָלט נעמען און, רויט ווערנדיק פון חרפה און כעס, האָט זי צוריק אַוועקגענומען אירע הענט. זי האָט זיך בייז אויסגעדרייט צו דער מאַמען, וועלכע איז ווי צעמישט גע־וואָרן, און צו איר הויך געזאָגט:

— איך וויל נישט נעמען, מאַמע!

— נעם און זאָג אַ דאַנק, — האָט זיך שטרענג אָנגערופן דער פאָטער, אָבער אויך ער איז נישט געווען צופרידן. — ס'איז איבעריק, איבעריק! — האָט דער פאָטער אין אַ מינוט אַרום אַ ברום געטון צו טרוסאָצקין.

נאַדיאַ האָט נישט געהאַט קיין ברירה און גענומען דאָס שאַכטל, אַראָפּלאָזנדיק די אויגן, האָט זי זיך פאַרנייגט, ווי עס פאַר־נייגן זיך קליינע מיידלעך, דאָס הייסט, זי האָט זיך טיף אַראָפּגע־בויגן און באַלד אויפגעשפרונגען, ווי אויף שפרונג־פעדערן. איינע פון די שוועסטערן איז צוגעגאַנגען אַ קוק טון, און נאַדיאַ האָט איר איבערגעגעבן דאָס שאַכטל, נאָך איידער זי האָט עס געעפנט, באַ־וויזנדיק דערמיט, אַז אַליין וויל זי אַפילו נישט אָנקוקן דעם אָרעם־באַנד.

דעם אָרעם-באַנד האָט מען אַרויסגענומען און ער האָט אָנ־געהויבן גיין פון האַנט צו האַנט, אָבער אַלע האָבן אים באַקוקט שווייגנדיק און אייניקע — מיט אַ שמייכל. נאָר די מאַמע האָט עפּעס שטיל אַ זאָג געטון, אַז דער אָרעם־באַנד איז זייער אַ שיי־נער. טרוסאָצקי איז געווען גרייט אַ מעשה זיך אָנצוטון.

וועלטשאַנינאָוו האָט אים אַרויסגעהאָלפן פון דער אומבאַ־קוועמער לאַגע.

ער האָט פּלוצלינג הויך און גערן זיך צערעדט, אָנכאַפּנדיק

דעם ערשטן בעסטן געדאַנק, און עס זענען נאָך נישט פאַרבייגע-
גאַנגען קיין פינף מינוט, האָט ער שוין צוגעצויגן די אויפמערק-
זאַמקייט פון אַלע אָנוועזנדע אין זאַל. ער האָט זיך אויסגעצייכנט
אויסגעלערנט די חכמה צו פלאַפלען אין אַ בעסערער געזעלשאַפט,
דאָס הייסט, די חכמה איבערצולאָזן דעם איינדרוק פון אַן אויפריכ-
טיקן און גלייכצייטיק מאכן דעם אָנשטעל, אַז ער באַטראַכט די
צוהערער פאַר אַזעלכע אויפריכטיקע, ווי ער אַליין. ווען עס איז
געווען נייטיק, האָט ער גאַנץ נאַטירלעך געקענט אָננעמען די פּאָזע
פונם געמיטלעכסטן און גליקלעכסטן מענטש. ער האָט אויך זייער
געשיקט געקענט אַרויסזאָגן אין מיטן געשפרעך אַ שאַרף, פאַר-
טשעפּנדיק ווערטל, מאַכן אַ פריילעכן ווונק, אַ טרעפלעכן שפּאַס,
אָבער ווי אינגאַנצן אומבאַמערקט, דרך אגב. די דאָזיקע חריפות,
דער שפּאַס און דאָס געשפרעך אַליין איז שוין אפשר פון גאַנץ
לאַנג געווען צוגעגרייט און אויסגעלערנט און שוין נישט איינמאָל
באַנוצט געוואָרן. אָבער איצט האָט אים מיטגעהאָלפן די נאַטור
אַליין: ער האָט געפילט, אַז ער איז ווי אין אַ באַזונדערער שטי-
מונג, אַז עפּעס גיט אים צו חשק. ער איז געווען פעסט איבער-
צייגט, אַז אין אייניקע מינוט אַרום וועלן אַלע אויגן זיין געווענ-
דעט אויף אים און אַז די אַלע מענטשן וועלן זיך נאָר צו זיינע
רייד צוהערן, נאָר מיט אים אַליין שמועסן און הנאה האָבן נאָר
דערפון, וואָס ער וועט זאָגן. און באמת האָט זיך איינגיכן דער-
הערט אַ געמיטלעך געלעכטער. ביסלעכווייז זענען אויך אַנדערע
אריינגעצויגן געוואָרן אין שמועס — זי האָט זייער גוט געקענט
אַריינציִען אַנדערע אין געשפרעך — ס'האָבן זיך שוין געהערט
דריי אָדער פיר קולות, וואָס האָבן צוזאַמען גערעדט. מאַדאם זא-
כליאָבקינס פאַרמאַטערט, אומעטיק פּנים, האָט כמעט אויפגעשיינט
פון פרייד, דאָס זעלבע איז געשען מיט קאַטערינאַ, וואָס האָט זיך
צוגעהערט און געקוקט, ווי אַ פאַרכישופטע. נאַריאַ האָט געקיקט

אויף אים הינטערוויילעכס; ס׳איז געווען צו דערקענען, אַז זי האָט שוין קייגן אים עפּעס אַ פּאָראורטייל, דאָס האָט נאָך מער אונטער־געצונדן וועלטשאַנינאָוון. די „בייזע״ מאַריאַ האָט פּאָרט באַוויזן אַריינצוּוואַרפן אין געשפּרעך עפּעס אַ שאַרף, גוט־צילנד שטעך־ווערטל אויף וועלטשאַנינאָווס חשבון. זי האָט אויסגעטראַכט און גע־טענהט, אַז טרוסאָצקי האָט אים כּלומרשט דאָ פּאָרגעשטעלט געכטן אַלס זיין חבר נאָך פון די קינדערישע יאָרן און אויף אַזאַ אופן האָט ער צוגעגעבן צו וועלטשאַנינאָווס עלטער גאַנצע זיבן איבע־ריקע יאָר, וואָס זי האָט קלאָר אָנגעמערקט. אָבער אויך דער בייזער מאַריאַ איז וועלטשאַנינאָוו געפעלן געוואָרן. טרוסאָצקי האָט ממש נישט געוווסט, וואָס ער זאָל אָנהייבן טון, ער איז זעלבסט־פאַרשטענדלעך געווען בקי אין די מיטלען, וועלכע עס פאַרמאָגט זיין פריינט, און האָט זיך לכתּחילה אפילו געפרייט פון זיין דער־פאָלג, האָט אַליין צוגעשמייכלט און זיך אַריינגעמישט אין שמועס. אָבער טרוסאָצקי האָט זיך צוליב עפּעס אַן אומבאַוווסטע סיבה, וואָס אַמאָל מער פאַרזונקען אין מחשבות. סוף כּל סוף איז ער אפילו זאָגאַר געוואָרן אומעטיק, וואָס האָט זיך געלאָזט באַמערקן אויף זיין צערודערט פּנים.

— נו, איר זענט אַזאַ גאַסט, וועלכן מען דאַרף אפילו נישט וו״ילן — האָט ענדלעך געזאָגט דער אַלטער זאַכליאָבקין, אויפ־שטייענדיק פון אָרט, בכדי אַרויפצוגיין צו זיך אויבן־אַרויף, ווו נישט קוקנדיק אויפן חגא־טאָג זענען שוין געווען צוגעגרייט אייני־קע געשעפטלעכע פּאַפּירן, וועלכע ער האָט געדאַרפט אַ דורכקומען און שטעלט: ייך פּאָר — האָט דער אַלטער פאַרענדיקט — כ׳האָב אייך גערעכנט פאַרן גרעסטן מרה־שחורהניק פון אַלע יונגעלייט. אָט, ווי איך האָב אַ טעות געהאַט!

אין זאַל איז געשטאַנען אַ קלאַוויר. וועלטשאַנינאָוו האָט בא־

כּרעגט ווער עס פאַרנעמט זיך מיט מוזיק און האָט זיך פלוצלינג געווענדט צו נאַדיאַן:

— איר זינגט, דאַכט זיך?

— ווער האָט אייך דערציילט? — האָט נאַדיאַ שאַרף גע־שטפּערט.

— טרוסאָצקי האָט פריִער געזאָגט.

— נישט אמת, איך זינג נאָר גלאַט אַזוי, איך האָב קיין שטימע נישט.

— איך האָב אויך קיין שטימע נישט און פונדעסטוועגן זינג איך.

— נו, וועט איר אונז עפּעס אָפּזינגען, וועל איך אויך שפּע־טער עפּעס זינגען — האָט נאַדיאַ אַ פונקל געטון מיט די אויגן — אָבער נישט איצט. נאָך מיטאָג. איך קען שוין נישט ליידן קיין מוזיק — האָט זי צוגעגעבן — דער קלאַוויר איז מיר נמאס געוואָרן. פון אינדערפרי ביז אויפדערנאַכט שפּילן בּאַ אונז אַלע און זינגען. נאָר איין קאַטיאַ איז עפּעס ווערט.

וועלשטאַנינאָוו האָט זיך תיכּף צוגעטשעפּעט צום דאָזיקן וואָרט און עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז פון אַלע שוועסטערן איז קאַטערינאַ די איינציקע, וואָס פאַרנעמט זיך ערנסט מיט שפּילן אויפן קלאַוויר. אַלע זענען, ווייזט אויס, געווען צופרידן, און וועלטשאַנינאָוו האָט זיך געווענדט צו קאַטערינאַן, און די מאַמע איז אפילו רויט גע־וואָרן פון נחת. קאַטערינא איז אויפגעשטאַנען, זיך צעשמייכלט און צוגעגאַנגען צום קלאַוויר, פלוצלינג, פאַר זיך אליין אומדערוואַרטעט, איז זי אויך אינגאַנצן רויט געוואָרן און האָט זיך אָנגעהויבן שרע־קלעך צו שעמען, וואָס זי, אַ דערוואַקסענע, אַ פיראונצוואַנציק־יעריקע און אַזאַ אַנטוויקלטע צערויטלט זיך, ווי אַ קליין מיידל, דאָס אַלץ האָט מען געקענט אַראָפּלייענען פון איר פּנים, ווען זי האָט זיך געזעצט שפּילן. זי האָט געשפּילט היידנס אַ קאָמפּאָזיציע. זי האָט

געשפּילט קאָרעקט, הגם אָן אויסדרוק, זי איז געווען איבערגעשראָקן. ווען זי האָט געענדיקט האָט וועלטשאַנינאָוו אָנגעהויבן זייער צו לויבן נישט זי, נאָר היידענען און בפרט די קליינע זאַך, וואָס זי האָט געשפּילט. קאַטערינאַן האָט עס פאַרשאַפט אַ סך נחת. אַ גליקלעכע האָט זי מיט דאַנקבאַרקייט אויסגעהערט די לויבן נישט פאַר זיך, נאָר פאַר היידנען. וועלטשאַנינאָוו האָט נישט ווילנדיק אַ קוק געגעבן אויף איר אַביסל פריינטלעכער און איבערמערקזאַמער. „ע, דו ביזט אַ ווילעגקע!" האָט זיך צעפונקלט זיין בליק — און אַלע האָבן ווי מיט אַמאָל פאַרשטאַנען דעם דאָזיקן בליק און בפרט קאַטערינאַ אַליין.

— איר האָט אַ שיינעם גאָרטן — האָט זיך וועלטשאַנינאָוו פּלוצלינג געווענדט צו אַלע, קוקנדיק דורך די גלעזערנע טירן פון באַלקאָן — ווייסט איר וואָס, לאָמיר גיין אין גאָרטן אריין!

— לאָמיר טאַקע גיין! — האָבן זיך דערהערט פריילעכע אויסרופן, ווי ער וואָלט געטראָפן אַלעמענס גרעסטן פאַרלאַנג.

אין גאָרטן האָבן זיי שפּאַצירט ביז מיטאָג. פרוי זאַכליאָבקין, וואָס האָט שוין פון לאַנג געוואָלט גיין שלאָפן, האָט זיך נישט געקענט איינהאַלטן און אַרויסגעגאַנגען צוזאַמען מיט אַלע אין גאָרטן אריין, אָבער שפּעטער איז זי צוריקגעקומען און זיך אַוועקגעזעצט אָפּרוען אויפן באַלקאָן, ווו זי האָט תיכּף געכאַפּט אַ דרימל. אין גאָרטן זענען די באַציונגען צווישן וועלטשאַנינאָוון און אַלע מיידלעך געוואָרן נאָך פריינטלעכער. ער האָט באַמערקט, אַז פון די שכנישע זומער-הויזונגען זענען צו זייער חבורה צוגעקומען נאָך אַ צוויי, דריי יונגעלייט: איינער פון זיי איז געווען אַ סטודענט, און דער צווייטער — פּשוט אַ גימנאַזיסט. זיי זענען תיכּף אונטער-געשפּרונגען, יעדער איינציקער צו זיין מיידל און מען האָט גע-קענט באַמערקן, אַז טאַקע צוליב די דאָזיקע מיידלעך זענען זיי געקומען: דער דריטער אַ באַטריבטער, צעפּאַטלטער צוואַנציק-

יִנגריקער בחור מיט גרויסע בלויע ברילן, האָט אָנגעהויבן סודען זיך שנעל און ברוגזדיק מיט מאַריאַן און נאַדיאַן, מיט אַ שאַרפן בליק האָט ער באַטראַכט וועלטשאַנינאָוון און האָט, ווייזט אויס, געהאַלטן פאַר זיין חוב צו באַציִען זיך צו אים מיט אַן אויסער־גערויינטלעכער פאַראַכטונג. אייניקע מיידלעך האָבן פאָרגעלייגט אָנצוהייבן וואָס גיכער עפּעס אַ שפּיל. אויף וועלטשאַנינאָווס פראַגע, אין וואָס זיי שפּילן זיך, האָבן זיי געענטפערט, אַז אין אַלע שפּילן, און אַז אין אָוונט וועלן זיי שפּילן אין שפּריכווערטער, דער שפּיל באַשטייט דערין, וואָס אַלע זעצן זיך אַנידער און איינער גייט אַוועק אויף אַ געוויסער צייט. די וואָס זיצן, קלויבן זיך אויס אַ שפּריכוואָרט, למשל: „ווען פרייט זיך אַן אָרימאַן, — ווען ער פאַרלירט און געפינט“, און דערנאָך רופט מען צו יענעם, און יעדער איינציקער לויט דער ריי דאַרף צוגרייטן און זאָגן אים אַ זאַץ. דער ערשטער דאַרף אומבאַדינגט זאָגן אַזאַ זאַץ, אין וועלכן ס׳זאָל זיין דאָס וואָרט „ווען“, דער צווייטער דאַרף זאָגן אַ זאַץ, אין וועלכן ס׳זאָל זיין דאָס וואָרט „פרייט“ א. א. וו. און יענער דאַרף אויפכאַפּן די אַלע אויסדרוקן און טרעפן דאָס שפּריכוואָרט.

— דאָס דאַרף זיין זייער אַ פריילעכער שפּיל — האָט וועלטשאַנינאָוו באַמערקט.

— אָ, ניין, זייער נודנע — האָבן צוויי, דריי קולות געענטפערט מיט אַמאָל.

— מיר שפּילן אויך אין „טעאַטער“ — האָט נאַדיאַ פּלוצלינג באַמערקט, ווענדנדיק זיך צו וועלטשאַנינאָוון. — איר זעט יענעם גראָבן בוים, לעבן וועלכן ס׳שטייט אַ באַנק: דאָרט הינטערן בוים זענען ווי קוליסן און דאָרט זיצן די אַקטיאָרן, דאָרט זענען פאַרהאַן אַ קעניג, אַ קעניגין, אַ פּרינצעסין, אַ בחור — ווי אַזוי איינער וויל. יעדער גייט אַרויס, ווען אים גליסט זיך, און

זאָגט, וואָס עס פאַלט אים איין אין קאָפּ, נו, קומט עפּעס דערפון אַרויס.

— דאָס איז אויסגעצייכנט ! — האָט וועלטשאַנינאָוו נאָכאַמאָל געלויבט.

— אָבער ניין, זייער נודנע ! אין אָנהייב איז יעדעס מאָל הימלעך, אָבער צום סוף האָט עס שוין קיינמאָל קיין שום טעם, ווייל קיינער קען נישט ענדיקן, סיידן ס'וועט אפשר מיט אייך אַרויסקומען אינטערעסאַנטער. מיר האָבן דאָך לכתחילה געמיינט, אַז איר זענט טרוסאָצקיס אַ פריינט, און ס'ווייזט זיך אַרויס, אַז ער האָט זיך פּשוט צופיל געריומט, איך בין זייער צופרידן, וואָס איר זענט געקומען... בפרט צוליב אַ געוויסן פאַל..

זי האָט זייער ערנסט און פאַרטרויליך אַ קוק געטון אויף וועל־טשאַנינאָוו און תיכף אַוועקגעגאַנגען צו מאַריאַן.

— אין שפּריכווערטער וועלן מיר אין אָוונט שפּילן ! — האָט פּלוצלינג אַ זאָג געטון וועלטשאַנינאָוו מיט אַן אַנטשלאָסן קולכל, איינע אַ פריינדין, וועלכע ער האָט ביז איצט קוים באַמערקט און מיט איר נאָך קיין איין וואָרט נישט אויסגערעדט. — אין אָוונט וועלן מיר אַלע חוזק מאַכן פון טרוסאָצקין, וועט איר אויך מיטהעלפן.

— אָ, זייער גוט, וואָס איר זענט געקומען, ס'איז אַזוי אומע־טיק בײַ אונדז — האָט זיך פריינטלעך אָנגערופן צו וועלטשאַנינאָוון אַ צווייטע חברטע, וועלכע ער האָט שוין אינגאַנצן ביז איצט נישט באַמערקט און איין גאָט ווייסט, פון וואַנען זי האָט זיך פּלוצלינג גענומען, אַ רויטלעכע, מיט שפּרענקעלעך און אַן אומגעלומפּערט, צע־פלאַמט פּנים פון גאַנג און פון דער היץ.

טרוסאָצקי איז וואָס אַ מאָל געוואָרן מער אומרויִק. אין גאָרטן איז וועלטשאַנינאָוו ענדלעך געלונגען צונויפצוקומען זיך מיט נאַדיאַן; זי האָט שוין נישט געקוקט הינטערוויילעכטס, ווי פריִער און, ווייזט

אויס, האָט אפגעלייגט אויף א צווייט מאָל צו באַטראַכטן אים פון אַלע זייטן.

נאַדיאַ האָט געלאַכט, געשפּרונגען, געשטיפט און אַ צווייטן מאָל שוין אָנגעכאַפּט וועלטשאַנינאָוון פאַר דער האַנט. זי האָט זיך געפילט זייער גליקלעך. אויף טרוסאָצקין האָט זי נישט געווענדט די מינדסטע אויפמערקזאַמקייט, ווי זי וואָלט אים אינגאַנצן נישט באַמערקט. וועלטשאַנינאָוו האָט זיך איבערצייגט, אַז מען האָט פשוט אָרגאַניזירט אַ פאַרשווערונג קעגן טרוסאָצקין. נאַדיאַ מיט אַ גרופּע מיידלעך האָבן פאַרשלעפּט וועלטשאַנינאָוון אין אַ זייט און די אַנדערע חברטעס האָבן מיט פאַרשידענע אויסדריקן פאַרנאַרט טרוסאָצקין אין אַן אַנדערער זייט. אָבער טרוסאָצקי האָט זיך אַרויסגעריסן און תּיכּף אין איילעניש צוגעלאָפן גלייך צו וועלטשאַנינאָוון און נאַדיאַן און פּלוצלינג אַריינגעשטעקט צווישן זיי זיין פּליכעוואַטן קאָפּ. צום סוף האָט ער זיך שוין אינגאַנצן נישט געשעמט, זיינע תּמימותדיקע באַוועגונגען און העוויות האָבן אָפּט איבעראַשט.

וועלטשאַנינאָוו האָט נישט געקענט נישט ווענדן נאָך אַ מאָל זיין אויפמערקזאַמקייט אויף קאַטערינאַן. אים איז שוין איצט געווען גענוג קלאָר, אַז ער איז לחלוטין נישט צוליב איר געקומען און אַז ער אינטערעסירט זיך צופיל מיט נאַדיאַן. אָבער איר פּנים איז געווען אַזוי ליבלעך און גוטמוטיק ווי פריִער: זי איז, ווייזט אויס, שוין דערמיט אַליין געווען גליקלעך, וואָס זי געפינט זיך אויך לעבן זיי און וואָס זי קען הערן, וואָס דער נייער גאַסט רעדט. אַליין האָט זי נעבעך נישט געקענט זיך געשיקט אַריינמישן אין געשפּרעך.

— אַך, וואָס פאַר אַ ווויל שוועסטערל איר האָט — האָט וועלטשאַנינאָוו פּלוצלינג געזאָגט נאַדיאַן, אָנווייזנדיק אויף קאַטערינאַן.

— קאַטיאַ? קען נאָך זיין אַזאַ גוטע נשמה, ווי זי? אונדזער

אַלעמענס מלאך, איך בין אין איר פאַרליבט — האָט נאַדיאַ גע־ענטפערט באַגייסטערט.

ענדלעך האָט מען פינף אַ זייגער דערלאַנגט מיטאָג. ס'איז באַלד געווען צו באַמערקן, אַז דאָס מיטאָג איז נישט קיין געוויינט־לעכס, ווי ספּעציעל פאַרן גאַסט צוגעגרייט. צו די טאָג־טעגלעכע מאכלים האָט מען דערלאַנגט אַ צווייי, דריי נייע, און איין מאכל איז עפּעס געווען אַזוי משונהדיק, אַז קיינער האָט נישט געקענט אויס־געפינען פאַר אים קיין נאָמען. אויסער די וויינען, וואָס פלעגן זיך געוויינטלעך געפינען אויפן טיש, האָט זיך אויך ספּעציעל פאַרן גאַסט באַוויזן אַ פלאַש טאָקיי־ווייַן. באַם סוף מיטאָג האָט מען אויך דערלאַנגט שאַמפּאַניער. דער אַלטער זאַכליאָבקין איז, אויסטרינקנ־דיק אַן איבעריק גלעזל, געוואָרן זייער געמיטלעך געשטימט און איז געווען גרייט צו פרייען זיך פון אַלעם, וואָס וועלטשאַנינאָוו האָט דערציילט. ס'האָט זיך געענדיקט דערמיט, וואָס טרוסאָצקי האָט זיך ענדלעך נישט געקענט איינהאַלטן: ווערנדיק שטאַרק אייפערזיכטיק, האָט ער פּלוצלינג אויסגעטראַכט עפּעס אַ חכמה און אַרויס מיט איר. באַם עק טיש, ווו ער איז געזעסן לעבן מאַדאַם זאַכליאָבקין, האָט זיך דערהערט אַ הויך געלעכטער פון די מיידלעך, וואָס האָבן זיך דערפרייט.

— טאַטע, טאַטעשי! טרוסאָצקי האָט אויך געזאָגט אַ גלייכ־ווערטל! — האָבן אין איין קול געשריגן זאַכליאָבקינס צוויי מיטעלע טעכטער. — ער זאָגט, אַז מיר זענען „פריילינס, וואָס זענען שטענ־דיק פריילעך"...

— אויך ער חכמהט זיך! נו, וואָס פאַר אַ גלייכווערטל האָט ער דען געזאָגט? — האָט דער אַלטער זיך אָנגערופן געלאַסן און זיך געווענדט פאָטערלעך צו טרוסאָצקין, לאַכנדיק שוין איצט פון דער חכמה, אויף וועלכער ער האָט געוואַרט.

— ער האָט געזאָגט, אַז מיר זענען „פריילינס, וואָס זענען שטענדיק פריילעך".

— נו, איז וואָס?

דער אַלטער האָט נאָך אַלץ נישט פאַרשטאַנען און האָט כסדר געמיטלעך געשמייכלט, וואַרטנדיק אויפן וויץ.

— פאַרוואָס פאַרשטייסטו נישט טאַטע! נו, „פריילינס" און דערנאָך „פריילעך", לשון נופל על לשון; „פריילינס, וואָס זענען שטענדיק פריילעך"...

— אַ-אַ-אַ! — האָט דער אַלטער פאַרחידושט פאַרצויגן. — האַ, נו, ער וועט אַ צווייט מאָל זאָגן אַ שענערע חכמה...

און דער אַלטער האָט זיך פריילעך צעלאַכט.

— הער טרוסאָצקי, מען קען נישט זיין אַ מושלם אויף אַלע געביטן! — האָט זיך מאַריאַ מים אים גערייצט. — אָ, רבונו של עולם, ער האָט זיך געקרעקט מיטן ביין! — האָט מאַריאַ ווייטער אויסגעשריגן און אויפגעשפרונגען פון שטול.

ס'איז אַנטשטאַנען אַ טומל, אָבער מאַריאַ האָט דאָס טאַקע געוואָלט. טרוסאָצקי האָט זיך פאַרכלינעט אינמיטן טרינקען ווין, צו וועלכן ער האָט זיך צוגעכאַפּט, בכדי צו פאַרדעקן זיין בושה, אָבער מאַריאַ האָט פאַרזיכערט און זיך געשווירן בײַ אַלעם הייליקן, אַז דאָס איז אַ „ביינדל פון אַ פיש, אַז זי האָט אַליין געזען, און אַז דערפון שטאַרבט מען".

— אַ קלאַפּ טון אין קאַרק! — האָט עמעצער אויסגעשריגן.

— טאַקע אַזוי, אַמבעסטן! — האָט זאַכליאָבקין מסכים געווען.

און ס'האָבן זיך באַלד באַוויזן בעלנים: אַלע האָבן געוואָלט נעמען קלאַפּן טרוסאָצקין אין קאַרק, די רויטלעכע חברטע, וואָס איז אויך פאַרבעטן געוואָרן צום מיטאָג און אַפילו מאַדאַם זאַכליאָבקין אַליין, וואָס איז זייער דערשראָקן געוואָרן. טרוסאָצקי איז אויפגעשפרונגען פון טיש און זיך גענומען אַרויסדרייען פון גאַנצן

עסק, אַ גאַנצע מינוט האָט ער געמוזט פאַרזיכערן, אַז ער האָט זיך גאָר פאַרכלינעט מיט ווײַן, און אַז דער הוסט וועט באַלד אַריבער, — ביז מען האָט זיך ענדלעך אָנגעשטויסן, אַז סך הכל איז עס נאָר מאַריאַס אַ שפּיצל.

— איי, ביסטו אַ מרשעת! — האָט מאַדאַם זאַכליאַק שטרענג באַמערקט מאַריאַן, אָבער זי האָט זיך אַליין נישט געקענט איינהאַלטן און זיך אַזוי שטאַרק צעלאַכט, ווי עס פלעגט זיך מיט איר זעלטן טרעפן, אַזוי, אַז דאָס אפילו האָט אַרויסגערופן אַ געוויסן עפעקט.

נאָכן מיטאָג זענען אַלע אַרויסגעגאַנגען אויפן באַלקאָן טרינקען קאַווע.

— וואָסערע הערלעכע טעג! — האָט דער אַלטער געלויבט דאָס וועטער, ק קנדיק צופרידן אין גאָרטן. — נאָר נאָך אַ ביסל רעדן... נו, איך וועל גיין זיך אָפּרוען. ווײַלט זיך גוט! אויך דו ווייל זיך גוט — האָט דער אַלטער אַרויסגייענדיק אַ קלאַפּ געטון טרוסאָצקין אין דער פּלייצע אַריין.

ווען אַלע זענען ווידער אַריינגעגאַנגען אין גאָרטן, איז טרוסאָצקי פּלוצלינג צוגעלאָפן צו וועלטשאַנינאָוון און אים אַ שלעפּ געטון פאַרן אַרבל.

— אויף איין רגע — האָט טרוסאָצקי שטיל אַ זאָג געטון אומגעדולדיק.

זיי זענען אַרויסגעגאַנגען אויף אַ זײַטיקער, איינזאַמער סטעזשקע אין גאָרטן.

— ניין, דאָ וועט איר שוין מוחל זיין, דאָ וועל איך שוין בשום אופן נישט דערלויבן... — האָט טרוסאָצקי בייז זיך אָנגערופן, קײַכנדיק און האַלטנדיק וועלטשאַנינאָוון פאַרן אַרבל.

וואָס, וואָס ווילט איר? — האָט וועלטשאַנינאָוו געפרעגט אויסשטעלנדיק אַ פּאָר גרויסע אויגן.

טרוסאָצקי האָט געקוקט שווייגנדיק אויף וועלטשאַנינאָוון, און צאָרנדיק געשמייכלט.

— ווו זענט איר פאַרפאַלן געוואָרן? ווו זענט איר? שוין אַלץ גרייט! — האָבן זיך דערהערט אומשולדיקע אויסרופן פון די מיידלעך.

וועלטשאַנינאָוו האָט אַ קנייטש געטון מיט די פּלייצעס און צוריקגעגאַנגען צום עולם. טרוסאָצקי איז אויך געלאָפן הינטער אים.

— איך וועל זיך וועטן, אַז ער האָט ביי אייך געבעטן אַ נאָז-טיכל — האָט מאַריאַ זיך אָנגערופן — דאָס לעצטע מאָל האָט ער אויך פאַרגעסן.

— ער וועט שטענדיק פאַרגעסן! — האָט אונטערגעכאַפּט די מיטלסטע טאָכטער.

— דאָס נאָז-טיכל פאַרגעסן! טרוסאָצקי האָט דאָס נאָז-טיכל פאַרגעסן! מאַמע, טרוסאָצקי האָט ווידער דאָס נאָז-טיכל פאַרגעסן! מאַמע, טרוסאָצקי האָט ווידער אַ קאַטאַר! — האָבן זיך דערהערט קולות.

— פאַרוואָס-זשע פאַרציילט ער נישט? אַך, וואָס פאַר אַ קליינלעכער מענטש איר זענט, הער טרוסאָצקי! — האָט מאַדאַם זאַכליאָבקין כמעט זינגעדיק פאַרצויגן. — מיט אַ קאַטאַר טאָר מען זיך נישט שפּילן! איך וועל אייך באַלד שיקן אַ נאָז-טיכל. און פון וואַנען נעמט זיך צו אים אַ קאַטאַר? — האָט זי צוגעגעבן דערפרייענדיק זיך, וואָס זי קען אַריינגיין צוריק אין שטוב אַריין.

— איך האָב טיכלעך און האָב אינגאַנצן נישט קיין קאַטאַר! — האָט טרוסאָצקי איר נאָכגעשריגן, אָבער זי האָט, ווייזט אויס, נישט דערהערט, און אין אַ מינוט אַרום, ווען טרוסאָצקי האָט זיך געהעצקעט צוזאַמען מיט אַלע אַנדערע און וואָס נענטער צו נאַדיאַן און וועלטשאַנינאָוון, האָט די פאַרסאַפּעטע קעכין אים דעריאָגט און פונדעסטוועגן געבראַכט אַ טיכל.

— שפּילן אין שפּריכוואָרטער, אין שפּריכוואָרטער שפּילן! — האָט מען געשריגן פון אַלע זייטן, פּונקט, ווי מען וואָלט, איין באָט ווייסט וואָס, דערוואַרט פון „שפּריכוואָרטער".

מען האָט אָפּגעקליבן אַן אָרט און זיך אַוועקגעזעצט אויף בענק. אויף מאַריאַן איז געפאַלן דער גורל צו טרעפן. מען האָט פאַרלאַנגט, אַז זי זאָל וואָס ווייטער אַוועקגיין און זיך נישט אונ-טערהערן. אין איר אָפּוועזנהייט האָט מען אויסגעקליבן אַ שפּריכ-וואָרט און פונאַנדערגעטיילט די ווערטער. מאַריאַ איז צוגעקומען און אין איין רגע געטראָפן. דאָס שפּריכוואָרט איז געווען: „אַ חלום איז אַ נאַר".

נאָך מאַריאַן איז געקומען די ריי אויפן צעפּאַטלטן בחור מיט די בלייע בריקן. בנוגע אים האָט מען געוואָלט זיין נאָך מער פּאַר-זיכטיק און פאַרלאַנגט, אַז ער זאָל שטיין באַםביידל, מיטן פּנים אויסגעדרייט צום פּלויט. דער באַטריבטער בחור האָט דערפילט די אויפגאַבע מיט פאַראַכטונג און ווי געפּילט, בשעת מעשה, אַ געווי-סע מאַראַלישע דערנידערונג. ווען מען האָט אים צוגערופן, האָט ער גאָרנישט געקענט טרעפן, אַ דורכגעגאַנגען דורך אַלע און אויסגע-הערט, וואָס מען האָט אים געזאָגט צו צוויי מאָל — ער האָט לאַנג געקלערט, אָבער עס איז דערפון גאָרנישט אַרויסגעקומען. מען האָט אים מביש געווען. דאָס שפּריכוואָרט איז געווען: „אַז מען שיקט אַ נאַר אויפן מאַרק, פרייען זיך די קרעמער".

— אויך דאָס שפּריכוואָרט איז עקלהאַפט! — האָט זיך מיט פאַראַכטונג אָנגערופן דער באַליידיקטער בחור, צוריקקערנדיק זיך אויף זיין אָרט.

— אַ, ווי לאַנגווייליק! — האָבן זיך דערהערט שטימען.

די ריי איז געקומען אויף וועלטשאַנינאָוו, אים האָט מען באַהאַלטן נאָך ווייטער פון אַלע, ער האָט אויך נישט געטראָפן.

— אַך, ווי לאַנגווייליק! — האָבן זיך דערהערט נאָך מער שטימען.

- איצט וועל איך גיין! — האָט געזאָגט נאַדיאַ.

ניין, ניין, איצט וועט גיין טרוסאָצקי, ס'איז זיי ריי! - -

האָבן אַלע אויסגעשריגן און געוואָרן אַ ביסל לעבעדיקער.

טרוסאָצקין האָט מען אַוועקגעפירט ביזן פּלויט, אין אַ ווינקל און אויסגעדרייט מיטן פּנים צו דער וואַנט. בכדי ער זאָל זיך נישט אומקוקן, האָט מען אַוועקגעשטעלט לעבן אים די רויטלעכע, אַז זי זאָל אויף אים אַכטונג געבן. טרוסאָצקי, וואָס איז שוין געוואָרן אַ ביסל מונטערער, איז געווען גרייט צו דערפילן הייליק זיין חוב און איז געשטאַנען, ווי אַ שטיק האָלץ, קוקנדיק גלייך אויפן פּלויט און נישט וואַגנדיק זיך אַ דריי צו טאָן. די רויטלעכע האָט אים געהיטן אויף אַ מרחק פון צוואַנציק טריט הינטער אים, נעבן צום עולם, באַם ביידל און אויפגערעגט זיך עפּעס איבערגעוווּנקען מיט די מיידלעך. ס'איז געווען צו באַמערקן, אַז אַלע האָבן זיך אויף עפּעס געריכט, אַפילו מיט אַ געוויסער באַאומרויקונג, מען האָט עפּעס צוגעגרייט. פּלוצלינג האָט די רויטלעכע אַ פּאָך געטאָן פון הינטערן ביידל מיט די הענט. אין איין רגע זענען אַלע אויפגעשפּרונגען און גענומען לויפן, ווהין די אויגן האָבן געטראָגן.

— לויפט, לויפט אויך איר! — האָבן אַ צען קולות איינגערעדט וועלטשאַנינאָוון, ציטערנדיק שיער נישט פון פּחד דערפון, וואָס ער אַנטלויפט נישט.

— וואָס איז, וואָס איז געשען? — האָט וועלטשאַנינאָוו געפרעגט, לאָזנדיק זיך לויפן גלייך מיט אַלע.

— שטילער, שרייט נישט! זאָל ער דאָרט שטיין און קוקן אויפן פּלויט און מיר וועלן אַלע אַנטלויפן, אָט לויפט אויך נאַסטיאַ.

נאַסטיאַ (די רויטלעכע) איז געלאָפן אין איין אָטעם, פּונקט ווי גאָט ווייסט, וואָס עס וואָלט געשען און האָט געפאָכעט מיט די

הענט. אַלע זענען ענדלעך צוגעלאָפן צום וואַסער אויפן אַנדערן עק גאָרטן. ווען וועלטשאַנינאָוו איז אַהין אָנגעקומען האָט ער דער־זען, אַז קאַטערינאַ שפּאַרט זיך מיט אַלע מיידלעך און בפרט מיט נאַדיאַן און מאַריאַן.

— קאַטיאַ, טייערענקע, בייזער זיך נישט! — האָט נאַדיאַ זי געקושט.

— נו, גוט, איך וועל נישט דערציילן דער מאַמען, אָבער אַליין וועל איך אַוועקגיין, ווייל עס איז זייער נישט שיין, וויפיל עגמת־נפש וועט עס אים דאָרט באַם פלויט פאַרשאַפן!

זי איז אַוועקגעגאַנגען — אויס רחמנות, אָבער אַלע איבע־ריקע האָבן זיך נישט געלאָזט איבערעדן און זענען פאַרבליבן אומ־ברחמנותדיק ווי פריער. פון וועלטשאַנינאָוון האָט מען שטרענג גע־פאָדערט, אַז ווען טרוסאָצקי וועט צוריקקומען, זאָל ער אויך זיך מאַכן כלא ידע, פונקט ווי עס וואָלט גאָרנישט געשען.

— און מיר וועלן דערווייל שפּילן אין סטרולקעס! — האָט אויסגעשריגן די רויטלעכע, פאַרשיכורט פון נחת.

טרוסאָצקי איז צוגעקומען צום עולם לכל הפּחות ערשט אין אַ פערטל שעה אַרום. צוויי דריטל פון דער דאָזיקער צייט איז ער זיכער געשטאַנען באַם פלויט.

זייענדיק שרעקלעך אין כעס, איז טרוסאָצקי צוגעשפּרונגען גלייך צו וועלטשאַנינאָוון און אים ווידער אָנגעכאַפּט באַ דעם אַרבל.

— אויף איין רגע!

— רבונו של עולם, וואָס וויל ער שוין ווידער מיט זיינע רגעס?

— ער בעט ווידער אַ נאָז־טיכל! האָט מען זיי נאָכגעשריגן.

— נו, דאָס מאָל זענט איר שוין דערינען, איצט זענט איר שוין שולדיק!

טרָאָצקי האָט אפילו געקלאַפּט מיט די ציין, אַרויסרעדנדיק די ווערטער.

וועלטשאַנינאָוו האָט אים איבערגעריסן און אים רויִק געגעבן אַן עצה צו זיין אַביסל פריילעכער, אַז ניִשט וועט מען אים אינגאַנצן דערצערנען.

— דערפאַר רייצט מען זיך טאָקע מיט אייך, ווייל איר בייזערט זיך, ווען אַלע זענען פריילעך.

צו וועלטשאַנינאָוס פאַרוואונדערונג האָבן זיינע ווערטער און עצות שטאַרק געווירקט אויף טרוסאָצקין. ער איז תיכף שטיל געוואָרן און אין אַזאַ שטארקער מאָס, אַז ער האָט זיך צוריקגעקערט צום עולם, ווי אַ שולדיקער און האָט הכנעהדיק זיך באַטייליקט אין די אַלגעמיינע שפּילן, דערנאָך האָט מען אים אַ געוויסע צייט נישט באַאומרויִקט און זיך געשפּילט מיט אים, ווי מיט אַלע אַנדערע, ס'איז נישט פאַרבייגעגאַנגען קיין האַלבע שעה, ווי ער איז ווידער געוואָרן פריילעך. אין אַלע שפּילן האָט ער, ווען מען האָט באַדאַרפט, פאַרבעטן אַלס פאַרטנערקע על פי רוב די „פאַרעטערן", די רויטלעכע, אָדער איינע פון די זאַכליאָבקינס.

צו זיין נאָך גרעסערער פאַרוואונדערונג האָט וועלטשאַנינאָוו באַמערקט, אַז טרוסאָצקי האָט כמעט קיין איין מאָל נישט געוואַגט אַ רעד צו טון מיט נאַדיאַן, הגם ער האָט זיך כסדר געדרייט אַרום איר, אָדער לעבן איר. טרוסאָצקי האָט ווי באַטראַכט אַלס נאַטירלעך דאָס, וואָס נאַדיאַ האָט אים כמעט נישט באַמערקט און זיך באַצויגן צו אים מיט פאַראַכטונג. אָבער צום סוף האָט מען אים אָפּגעטון נאָך אַ „שפּיצל".

מען האָט געשפּילט אין „באַהעלטערלעך". דער, וואָס האָט זיך באַהאַלטן, האָט איבעריקנס, געמעגט אַרומלויפן איבערן גאַנצן אָרט, וווּ עס איז אים געווען דערלויבט זיך צו באַהאַלטן. טרוסאָצקי האָט זיך באַהאַלטן צווישן די ביימלעך, אָבער פלוצלינג האָט זיך

אים פאַרגלוסט אַריבערצושפּרינגען אין זאַכליאַבקינס הויז. ס'האָבן זיך דערהערט אויסרופן, מען האָט אים באַמערקט. ער איז שנעל געלאָפן איבער די טרעפּ און זיך פאַרגנבעט ערגעץ אין אַ חדרל אין דערהייך, קענענדיק דאָרט אַ גוט מקום הינטער אַ שענקל, ווו ער האָט זיך געוואָלט באַהאַלטן. אָבער די רויטלעכע איז אים נאָכגעלאָפן און האָט אויף די שפּיץ פינגער זיך אונטערגעגנבעט הינטער דער טיר און זי פעסט פאַרמאַכט אויפן שלאָס. ווי דאָס פריערדיקע מאָל, האָבן אַלע באַלד אויפגעהערט צו שפּילן און אַוועקגעלאָפן צום וואַסער אויפן צווייטן עק גאָרטן. אין אַ צען מינוט אַרום האָט טרוסאָצקי, דערפילנדיק, אַז קיינער זוכט אים נישט, געוואָרפן אַ בליק דורכן פענסטער. ער האָט קיינעם נישט געזען. שרייען האָט ער נישט געוואַגט, בכדי נישט אויפצוּוועקן די עלטערן. דער קעכין און דער דינערין איז געגעבן געוואָרן אַ שטרענגער באַפעל נישט צו קומען און נישט אָנצורופן זיך אויף טרוסאַצקיס געשריי. קאַטערינאַ וואָלט אים יאָ געקענט עפענען, אָבער, ווען זי איז אַריינגעגאַנגען אין איר חדרל און זיך אַוועקגעזעצט טראַכטן, איז זי אומדערוואַרטעט אַנטשלאָפן. אויף אַזאַ אופן איז ער אַזוי אָפּגעזעסן אַן ערך אַ שעה צייט. ענדלעך האָבן זיך, ווי קיינמאָל גאָרנישט, אָנגעהויבן באַווייזן די מיידלעך, פאַרבייגייענדיק גרופּנווייז צו צוויי און דריי.

— הער טרוסאָצקי, פאַרוואָס גייט איר נישט אַרויס צו אונדז? אוי, ווי דאָרט איז פריילעך! מיר שפּילן אין „טעאַטער". וועלטשאַנינאָוו האָט פאָרגעשטעלט אַ „חתן-בחור".

— הער טרוסאָצקי, פאַרוואָס זענט איר דאָרט פאַרבליבן, מיר חידושן זיך אויף אייך! — האָבן אויסגעשריגן די פאַרבייגייענדיקע מיידלעך.

— וואָס שוין ווידער זיך חידושן? האָט זיך פלוצלינג דערהערט מאַדאַם זאַכליאַבקינס קול. מאַדאַם זאַכליאַבקין האָט זיך נאָר-

וואָס איפגעכאַפּט פון שלאָף און באַשלאָסן זיך אַדורכצוגיין אי־בערן גאָרטן און כאַפּן אַ קוק אויף די „קינדערישע“ שפּילן פאַר דעם טרינקען טיי.

— אָט איז הער טרוסאָצקי! — האָט מען איר אָנגעוויזן אויפן פענסטער, פון וועלכן טרוסאָצקי האָט אַרויסגעקוקט, שמייכ־לענדיק פאַרדאַרבן, איגנאַנצן בלייך פון כעס.

— אַן איינפאַל פון אַ מענטש צו זיצן איינער אַליין, ווען אַנדערע שפּילן זיך און זענען פריילעך! — האָט פרוי זאַכלעבניקן אַ שאָקל געטון מיטן קאָפּ.

בינו לבינו האָט זיך וועלטשאַנינאָוו ענדלעך דערוואַרט אַ דערקלערונג פון נאַדיאַן וועגן אירע פריערדיקע ווערטער, אַז „צוליב אַ געוויסן פאַל איז זי צופרידן, וואָס ער איז געקומען“. די דערקלערונג איז פאָרגעקומען אין אַן איינזאַמער אַלעע. מאַריאַ האָט בכיוון אַרויסגערופן וועלטשאַנינאָוון, וואָס האָט זיך באַטיי־ליקט אין עפּעס אַ שפּיל און שוין אָנגעהויבן שטאַרק זיך לאַנג־ווײַלן.

מאַריאַ האָט אָוועקגערופן וועלטשאַנינאָוון אין אַן אַלעע, ווו זי האָט אים איבערגעלאָזט איינעם אַליין מיט נאַדיאַן.

— איך האָב זיך פולשטענדיג איבערצייגט — האָט זי שנעל אַ זאָג געטון מיט אַ דרייסטן, זיכערן טאָן — אַז איר זענט גאָר־נישט אַזאַ פריינט טרוסאָצקין, ווי ער האָט אייך אַזוי שטאַרק גע־רימט. איך רעכן, אַז נאָר איר אַליין קענט מיר טון די גרויסע טובה: אָט איז זיין עקלהאַפטער אָרעם־באַנד — זי האָט אַרויסגע־נומען פון טאַש דאָס שאַכטל — איך וואָלט אייך זייער געבעטן צוריקצוגעבן דאָס תיכף טרוסאָצקין, ווייל אַליין וועל איך שוין איצט מיין גאַנץ לעבן מיט אים בשום אופן נישט רעדן. איבע־ריקנס קענט איר אים דאָס זאָגן אין מיין נאָמען און איר קענט צוגעבן, אַז ער זאָל מער נישט וואַגן מיר צו שטופּן זיינע מתּנות.

דאָס איבעריקע וועל איך אים שוין געבן צו וויסן דורך אַנדערע, וואָלט איר געווען אַזוי גוט מיר צו פאַרשאַפן דאָס פאַרגעניגן און דערפילן מיין בקשה?

— אָבער, ווי גאָט איז מיר טייער, לאָזט אָפּ! — האָט וועלטשאַנינאָוו כמעט אויסגעשריגן, אָפּשאָקלענדיק זיך אינגאַנצן.

— וואָס הייסט אָפּלאָזן? — האָט זיך נאַדיאַ שרעקלעך פאַרוווּנדערט, דערהערנדיק זיין אָפּזאָג, און אויסגעשטעלט אויף אים אַ פּאָר אויגן.

איר גאַנצער געמאַכטער טאָן האָט זיך אין איין רגע איבערגעביטן, און זי האָט זיך שיער נישט צעוויינט. וועלטשאַנינאָוו האָט זיך צעשמייכלט:

— נישט דאָס מיין איך... איך וואָלט עס גערן געטון... אָבער איך האָב מיט אים מיינע חשבונות.

— איך האָב נישט געוווּסט, אַז איר זענט אים נישט קיין גוטער פריינט, און אַז ער האָט געזאָגט אַ ליגנט! — האָט אים נאַדיאַ שנעל און היציק איבערגעריסן — זייט וויסן, אַז איך וועל קיינמאָל מיט אים נישט חתונה האָבן! קיינמאָל נישט! איך פאַרשטיי אפילו נישט, ווי אַזוי ער האָט גאָר געקענט וואַגן... אָבער איר מוזט פאָרט איבערגעבן אים דעם דאָזיקן עקלהאַפטן אָרעם-באַנד. איך וויל אומבאַדינגט, אַז ער זאָל שוין היינט, נאָך אין דעם זעלבן טאָג, אים צוגעמען צוריק און אַראָפּשלינגען די ביטערע פּיל. און אויב ער וועט מיך פאַרמסרן פאַרן טאַטן, וועט ער שוין קריגן זיין חלק...

פון צווישן די ביימעלעך איז פּלוצלינג אַרויסגעשפּרונגען דער צעפּאַטלטער בחור מיט די בלויע ברילן.

— איר מוזט איבערגעבן דעם אָרעם-באַנד — איז ער מיט כעס אַרויפגעפאַלן אויף וועלטשאַנינאָוו — שוין אין נאָמען פון די

רעכט פון יעדער פרוי, אויב איר אַליין שטייט אויף דער הײך פון דאָזיקן פּראָבלעם.

אָבער ער האָט נישט באַוויזן צו ענדיקן. נאַדיאַ האָט אים מיטן גאַנצן כּוח אַ שלעפּ געטאָן באַם אַרבל און אָפּגעשטויסן פון װעלטשאַנינאָוון.

— רבונו של עולם, וואָס פאַר אַ שוטה איר זענט, פּרעדפּאָ־סילאָוו! — האָט נאַדיאַ אויסגעשריגן. — גייט אַוועק! גייט אַוועק און וואַגט נישט זיך צוצוהערן, איך האָב געהייסן שטיין ווייט!... — האָט זי אַ טופּ געטאָן מיט די פיסלעך. ווען דער בחור איז שוין צוריק נעלם געוואָרן צווישן דיביימעלעך, איז נאַדיאַ נאָך כּסדר אַרומגעגאַנגען אַהין און צוריק איבער דער סטעזשקע, ווי אויסער זיך, פינקלענדיק מיט די אייגעלעך און צוזאַמענלייגנדיק ביידע הענט.

— איר קענט גאָרנישט גלייבן, וואָס פאַר אַ גרויסע טיפּשים זיי זענען! — האָט זי זיך פלוצלינג אַוועקגעשטעלט פּנים אל פּנים צו װעלטשאַנינאָוון. איך גייט אָן אַ געלעכטער און מיך...

— דאָס איז דאָך נישט ער, נישט ער! — האָט װעלטשאַני־נאָוו זיך צעשמייכלט.

— פאַרשטייט זיך, אַז נישט ער, ווי אַזוי האָט דאָס אייך גאָר געקענט איינפאַלן? — האָט זיך נאַדיאַ צעשמייכלט און רויט געוואָרן. — דאָס איז נאָר זיין פריינט. אָבער וואָסערע פריינט ער קלויבט זיך דאָס אויס! איך הייב נישט אָן צו פאַרשטיין. זיי אַלע זאָגן דאָרט, אַז ער איז אַ „קומענדיקער פירער", און איך פאַרשטיי גאָרנישט...

הער װעלטשאַנינאָוו, איך האָב זיך נישט צו וועמען צו ווענדן. דאָס לעצטע וואָרט: איר וועט אָפּגעבן, אָדער נישט?

— נו, גוט, איך וועל אָפּגעבן, גיט עס אַהער.

— אַך, ווי גוט איר זענט! — האָט זיך נאַדיאַ פלוצלינג דער־

פרייט, אָפּגעבּנדיק ווערטשאַנינאָוון דאָס שאַכטעלע. — איך וועל אייך דערפאַר אַ גאַנצן אָוונט זינגען, ווייל איך זינג אויסגעצייכנט. זייט וויסן, אַז איך האָב אייך פריער געזאָגט אַ ליגנט, אַז איך האָב נישט ליב קיין מוזיק. אַז ווען איר וואָלט כאָטש נאָך איינמאָל גע קומען, וואָלט איך אייך אַלץ, אַלץ דערציילט, און נאָך אַ סך אַ חוץ דעם, ווייל איר זענט אַזאַ גוטער, אַזאַ ווילער, ווי — ווי קאַטיאַ!

און באמת, ווען זיי זענען צוריקגעקומען אהיים, טרינקען טיי, האָט זי אים געזונגען צוויי לידער מיט אַ שטימע, וואָס איז נאָך געווען אינגאַנצן נישט אויסגעשולט און האָט זיך נאָר-וואָס אָנגע־הויבּן צו אַנטוויקלען, אָבער שוין גענוג אָנגענעם און שטאַרק. ווען אַלע זענען צוריקגעקומען פון גאָרטן, איז טרוסאָצקי געזעסן סאָליד מיט די עלטערן באַם טיי־טיש, אויף וועלכן ס'האָט שוין געזידט אַ גרויסער פאַמיליען־סאַמאָוואַר און ס'זענען געווען פונאַנדערגעשטעלט היימישע טיי־טעפּלעך פון סעווורער פאַרפאָר. ער האָט מסתמא גע־שמועסט מיט די אַלטע לייט וועגן זייער ערנסטע ענינים, ווייל ער האָט זיך געגרייט אַוועקצופאָרן איבערמאָרגן אויף גאַנצע ניין חדשים. אויף די, וואָס זענען אַריינגעקומען פון גאָרטן, און בפרט אויף וועל־טשאַנינאָוון, האָט ער אפילו נישט אַ קוק געגעבן, מען האָט אויך געקענט באַמערקן, אַז ער האָט נישט „פאַרמסרט", ווייל לעת־עתה איז אַלץ געווען רויק.

אָבער ווען נאַדיאַ האָט אָנגעהויבן זינגען, איז ער תיכּף גע־קומען. נאַדיאַ האָט בכיוון נישט געענטפערט אויף זיינער אַ פראַגע, אָבער טרוסאָצקי האָט זיך דאָס נישט גענומען צום האַרץ און זיך נישט אַ קווענקל געטון. ער איז געשטאַנען הינטערן אָנלען פון איר בענקל און זיין גאַנץ אויסזען האָט געגעבן דייטלעך אָנצוהערן, אַז דאָס איז זיין אָרט, און אַז ער וועט דאָס אָרט קיינעם נישט אָפּטרעטן.

— זאָל הער ווערטשאַנינאָוו זינגען, מאַמע, ווערטשאַנינאָוו

װײל זינגען! — האָבן כמעט אַלע מײדלעך אױסגעשריגן, שטופּנדיק זיך צום קלאַװיר, לעבן װעלכן װעלטשאַנינאָװ האָט זיך מיט זײַן גאַנצער זיכערקײט אַװעקגעזעצט, װעלנדיק זיך אַלײן אַקאָמפּאַנירן. ס'זענען אױך צוגעקומען די אַלטע לײט און קאַטערינאַ, װאָס איז געזעסן מיט זײ און אָנגעגאָסן טײ.

װעלטשאַנינאָװ האָט אױסגעקליבן גלינקאַס אַ ליבע-ליד, װאָס איז איצט שױן כמעט קײנעם נישט באַקאַנט:

אין אַ פֿרײלעכער שעה, װען דו עפֿנסט די ליפּלעך,
און ס'צעגיסט זיך פֿון טײבעלעך צאַרטער דײַן זינגען...

בשעת ער האָט געזונגען, האָט ער זיך געװענדט נאָר צו נאַדיאַן, װאָס איז געשטאַנען האַרט בײַ זײַן עלנבױגן, נעענטער צו אים פֿון אַלע, ער האָט שױן לאַנג זײַן שטימע פֿאַרלױרן, אָבער עס איז געװען צו דערקענען, אַז ער האָט אַמאָל נישט שלעכט געזונגען. דאָס דאָזיקע ליד האָט װעלטשאַנינאָװ געהערט צום ערשטן פֿון גלינקאַן אַלײן מיט צװאַנציק יאָר צוריק, װען ער איז נאָך געװען אַ סטודענט. ער איז דאַמאָלס געװען בײַ אַ פֿרײַנט פֿון פֿאַרשטאָרבענעם קאָמפּאָזיטאָר אױף אַ ליטעראַריש-אַרטיסטישן אָװנט. גלינקאַ האָט דאַמאָלס אַרומגעשפּאַצירט איבער דער שטוב און געשפּילט און געזונגען אַלע זײַנע ליבסטע זאַכן, דערונטער אױך דאָס דאָזיקע ליד. גלינקאַס שטימע איז שױן אױך געװען שװאַך, װעלטשאַנינאָװ האָט נאָך איצט געדענקט דעם אױסערגעװײנטלעכן אײַנדרוק, װעלכן דאָס דאָזיקע ליד האָט אױף אים געמאַכט. עפּעס אַן אַמאַטאָר, אַ סאַלאָן-זינגער װאָלט קײנמאָל נישט געקענט דערגרײכן אַזאַ עפֿעקט. אין דאָזיקן ליד צעװאַקסט זיך און פֿאַרשטאַרקט זיך די לײנשאַפֿט מיט יעדן פּערז, מיט יעדן װאָרט. און צוליב דער דאָזיקער כּסדרדיקער שטײַגערונג, קען יעדער פּשוטער טאָן, יעדע קלענסטע פֿאַלשע ניואַנסירונג פֿאַרטושן דעם גאַנצן זין און צעשטערן דעם אײַנדרוק. בכדי צו זינגען דאָס דאָזיקע אױסערגעװײנטלעכע ליד, דאַרף מען

אומבאַדינגט זיין באַגייסטערט און פילן אין זיך אַ טאָפּלט־שטאַרקע־רע פּאָעטישע ליידנשאַפט, אין קעגנפאַל וואָלט דאָס ליד נישט נאָר זיך נישט איינגעגעבן, נאָר אַפילו זיך געקענט אויסווייזן אומגעלומפּערט און שיער נישט אומפאַרשעמט. וועלטשאַנינאָוו האָט זיך דערמאַנט, אַז דאָס דאָזיקע ליד האָט זיך אים אַמאָל איינגעגעבן. ער האָט זיך כמעט דערוואָרבן גלינקאַס אַרט פון זינגען. אָבער איצט האָט זיך פון ערשטן קלאַנג, פון ערשטן פערז צעפלאַטערט אין זיין נשמה אַן אומגעהייערע באַגייסטערונג און געמאַכט ציטערן זיין קול. מיט יעדן וואָרט פון ליד האָט זיך שטאַרקער און דרייסטער אַרויסגעריסן און אַנטפּלעקט דאָס געפיל, אין די לעצטע פערזן האָבן זיך דערהערט ליידנשאַפטלעכע אויסרופן, און ווען ער האָט מיט אַן אָנגעצונדענעם בליק דערזונגען, ווענדנדיק זיך צו נאַדיאַן, די לעצטע ווערטער פון ליד:

„איצט קוק איך שוין דרייסטער צו דיר אין די אויגן,
כ'דערנענטער די ליפּן דיין ליידנשאַפט זויגן,
כ'וויל קושן דיך, קושן און קושן,
כ'וויל קושן דיך, קושן און קושן!" —

האָט נאַדיאַ כמעט אויפגעציטערט פון שרעק און אַביסל אָפּגעשפּרונגען אָן אַ זייט.

נאַדיאַ האָט זיך אינגאַנצן פאַרויטלט און גלייכצייטיק האָט אין איר פאַרשעמט, כמעט ציטערנדיק פּנים, אויפגעפונקלט עפּעס אַן אַרויסרוף, אַלע צוהערערינס זענען געווען ווי פאַרכישופט און אין דער זעלבער צייט ווי פאַרחלומט: אַלעמען האָט זיך אויסגעוויזן, אַז ס'איז אוממעגלעך און אַ חרפּה אַזוי צו זינגען, אָבער אַלע זייערע פּנימלעך האָבן געפלאַמט און געבליצט, ווי זיי וואָלטן נאָך אויף עפּעס געוואַרט. צווישן אַלע פּנימער האָט וועלטשאַנינאָוון באַזונדערס אַ שלאָג געטון אין די אויגן קאַטערינאַס פּנים, וואָס האָט איצט אויסגעזען הערלעך.

— נו, אַ ליד? — האָט אַ ברום געטון די אַלטע זאַכליאָבּ־קין, אָבער טרוסאָצקי האָט זי נישט געלאָזט ענדיקן. ר׳איז פלוצלינג אַרויסגעשפּרונגען אינדערמיט און ווי אַ צעמישטער זיך אַזוי ווייט פאַרגעסן, אַז ער האָט אַליין מיט זיין האַנט אָנגעכאַפּט נאַדיאַן בּאַ דער האַנט און זי אַוועקגעשלעפּט פון װעלטשאַנינאָװן און, פאַרלירנדיק זיך אינגאַנצן, קוים באַוועגט מיט ציטערנדיקע ליפּן:

— אויף איין מינוט! — האָט ער ענדלעך קוים אַרויסגע־רעדט.

װעלטשאַנינאָװ האָט בּולט געזען, אַז נאָך איין מינוט — און טרוסאָצקי װאָלט געקענט באַגיין אַ טאַט, װאָס װאָלט געװען נאָך צען מאָל מער משונהדיק. װעלטשאַנינאָװ האָט שנעל אָנגענומען טרוסאָצקין פאַר דער האַנט און, נישט קוקנדיק אויף דער אַלגעמיי־נער פאַרוואונדערונג, האָט ער אים אַרויסגעפירט אויפן באַלקאָן און אפילו אַוועקגעגאַנגען מיט אים איין טריט אין גאָרטן, אין װעלכן עס איז שוין כמעט אינגאַנצן פינסטער געוואָרן.

— צי פאַרשטייט איר, אַז איר מוזט אומבאַדינגט אין דער־זעלביקער רגע מיט מיר אַוועקפאָרן? — האָט טרוסאָצקי אַ זאָג געטון.

— ניין, איך פאַרשטיי נישט...

— צי געדענקט איר, — האָט טרוסאָצקי ווייטער גערעדט וואַרפנדיק זיך פון כעס — צי געדענקט איר, ווי איר האָט דאַמאָלס געפאָדערט פון מיר, אַז איך זאָל אייך אַלץ זאָגן. אַלץ, אויפריכטיק, „דאָס לעצטע וואָרט״... איר געדענקט? נו, אויב אַזוי, איז איצט שוין געקומען די צייט צו זאָגן דאָס לעצטע וואָרט... קומט, לאָמיר פאָרן!

װעלטשאַנינאָװ האָט אַ קלער געטון, אַ קוק געגעבן נאָכאַמאָל אויף טרוסאָצקין און מסכים געווען אַוועקצופאָרן.

די מיטטיילונג וועגן זייער אומדערוואַרטעטן, גיכן אָפּפאָר האָט באַאומרויִקט די עלטערן און פאַרשאַפט גרויס עגמת-נפש די מיידלעך.

— כאָטש נאָך אַ טעפּל טיי... — האָט טרויעריק אָפּגעזיפצט מאַדאַם זאַכליאַבקין — נו, וואָס האָסטו זיך אַזוי אויפגערעגט? — האָט דער אַלטער זאַכליאַבקין מיט א שטרענגן און נישט צופרידענעם טאָן זיך געווענדט צו טרוסאָצקין, וואָס האָט ביטער געשמייכלט און געשוויגן.

— הער טרוסאָצקי, פאַרוואָס פירט איר אַוועק וועלטשאַנינאָוון? — האָבן זיך אומעטיק צעמרוקעט די מיידלעך, קוקנדיק בייז אויף טרוסאָצקין.

נאַדיאַ האָט געוואָרפן אויף טרוסאָצקין אַזאַ שטעכעדיקן בליק, אַז ער האָט זיך אינגאַנצן צעקרומט, אָבער — זיך נישט אונטערגעגעבן.

— איך בין באמת דאַנקבאַר הער טרוסאָצקין, וואָס ער האָט מיך דערמאַנט זייער אַ וויכטיקן ענין, וועלכן איך האָב געקענט אַדורכלאָזן — האָט וועלטשאַנינאָוו זיך צעשמייכלט, דריקנדיק דעם באַלעבאָס די האַנט און פאַרבייגנדיק זיך פאַר דער באַלעבאָסטע און פאַר די מיידלעך און מער פון אַלע פאַר קאַטערינאַן, וואָס אַלע האָבן באַמערקט.

— מיר דאַנקען אייך זייער פאַרן באַזוך און וואָלטן זיך אַלע זייער געפרייט אייך צו זען בא אונדז וואָס אָפטער — האָט זאַכליאַבקין פאַרענדיקט, אויסציִענדיק יעדעס וואָרט.

— אָ, יאָ, מיר וואָלטן זיך אַזוי געפרייט... — האָט מאַדאַם זאַכליאַבקין וואַרעם זיך אָנגערופן.

— קומט צו פאָרן, הער וועלטשאַנינאָוו, קומט צו פאָרן! — האָבן זיך געהערט צאָלרייכע קולות פון באַלקאָן, ווען ער האָט זיך

שוין אַריינגעזעצט מיט טרוסאָצקין אין דער קאַרעטע. און איין קולכל האָט, דאַכט זיך, געזאָגט שטילער פון אַלע אַנדערע!

— קומט, קומט, טייערער, טייערינקער הער וועלטשאַנינאָוו!

— „דאָס איז די רויטלעכע", — האָט אַ טראַכט געטאָן וועל-טשאַנינאָוו.

XIII.

## װעמענס חלק איז גרעסער?

װעלטשאַנינאָװ האָט געקענט טראַכטן װעגן דער רויטלעכער, אָבער זיין נשמה האָט זיך שוין לאַנג געפייניקט פון חרטה און כעס. אויף דעם גאַנצן טאָג, װעלכן ער האָט, דאַכט זיך, אַזוי פריילעך פאַרבראַכט, האָט אים דער אומעט כמעט אינגאַנצן נישט פאַרלאָזן. פריער, איידער ער האָט אָנגעהויבן זינגען דאָס ליד, האָט ער שוין נישט געװוסט, װו זיך אַהינצוטון. אפשר דערפאַר טאַקע האָט ער זיך אַזוי איבערגענומען באַם זינגען.

— „און איך האָב זיך געקענט אַזוי דערנידעריקן... אָפרייסן זיך פון אַלעם" — האָט װעלטשאַנינאָװ אָנגעהויבן זיך פאַרצװואַרפ… אָבער ער האָט גיך איבערגעריסן זיינע מחשבות. אים האָט זי… אויסגעװיזן, אַז ער װאָלט זיך דערנידעריקט, װען ער װאָלט זיך איצט צעװיינט. אַ סך אָנגענעמער װאָלט אים איצט געװען צו ביי… זערן זיך אויף עמעצן.

— טיפש! — האָט ער בייז אַ פליסטער געטון, װאַרפנדיק אַ קרומען בליק אויף טרוסאָצקין, װאָס איז געזעסן צוזאַמען מיט אים אין דער קאַרעטע און געשװיגן.

טרוסאָצקי האָט עקשנותדיק געשװיגן, אפשר דערפאַר, װייל ער האָט צונויפגעזאַמלט זיינע מחשבות און זיך װי צוגעגרייט. מיט אַ אומגעדולדיקער באַװעגונג, האָט ער פון צייט צו צייט אַראָפגענומען דעם הוט און מיט אַ טיכל זיך אָפגעװישט דעם שטערן.

שוויצט! — האָט וועלטשאַנינאָוו זיך געבייזערט.

איינמאָל האָט טרוסאָצקי זיך געווענדט צום קוטשער מיט דער פראַגע: — ס'וועט זיין אַ שטורם אָדער נישט?

— נאָך וואָס פאַר אַ שטורם! ס'וועט אומבאַדינגט זיין! אַ גאַנצן טאָג איז געווען דומפּיק.

דער הימל איז באמת טונקל געוואָרן און ס'האָבן פון צייט צו צייט אויפגעפלאַקערט ווייטע בליצן. אין שטאָט זענען זיי אַריינגעקומען אַרום האַלב עלף.

— איך פאָר דאָך צו אייך — האָט טרוסאָצקי חי מזהיר געווען וועלטשאַנינאָוו, ווען זיי זענען שוין געווען נאָנט פון זיין היים.

— איך פאַרשטיי, אָבער איך בין אייך מודיע, אַז איך פיל זיך ערנסט נישט געזונט.

— כ'וועל נישט לאַנג זיצן, נישט לאַנג! האָט טרוסאָצקי זיך אָנגערופן.

ווען וועלטשאַנינאָוו און טרוסאָצקי זענען אַריינגעקומען אין טויער, איז דער לעצטער אַריינגעלאָפן אויף אַ מינוט אין דער דירה פון הויז-וועכטער, צו מאַריאַן.

— נאָך וואָס זענט איר אַהין אַריינגעלאָפן? — האָט וועלטשאַנינאָוו שטרענג געפרעגט, ווען ער האָט דערקענט טרוסאָצקין און זיי זענען צוזאַמען אַריינגעגאַנגען אין שטוב.

— גאָרנישט, גלאַט אַזוי... פאַרן קוטשער...

— איך וועל אייך נישט לאָזן טרינקען!

טרוסאָצקי האָט נישט געענטפערט. וועלטשאַנינאָוו האָט אָנגעצונדן די ליכט, און טרוסאָצקי האָט זיך אויסגעלייגט ברחבות אויף אַ בענקל. וועלטשאַנינאָוו האָט מיט אַ פאַרמאַטערט פנים זיך אַוועקגעשטעלט פאַר אים.

— איך האָב אייך פאַרזיכערט צו זאָגן מיין „לעצט" וואָרט — האָט ער אָנגעהויבן מיט אַן איבערלעכער דערשטיקטער אויפרעגונג. —

אָט איז עס דאָס וואָרט: איך מיין געוויסנהאַפט, אַז אַלע עסקים צווישן אונדז זענען פאַרענדיקט, אַזוי, אַז מיר האָבן אַפילו נישט וועגן וואָס צו רעדן. איר הערט: מיר האָבן נישט וועגן וואָס. און דערפאַר וואָלט דען נישט געווען בעסער, אַז איר זאָלט תיכף אַוועק־גיין, און איך וועל הינטער אייך פאַרמאַכן די טיר.

— לאָמיר אויסגלייכן די חשבונות! אַלעקסיי איוואַנאָוויטש! — האָט אַ זאָג געטון טרוסאָצקי, קוקנדיק אים אין די אויגן מיט אַ באַ־זונדערער איידלקייט.

— אויסגלייכן די חשבונות! — האָט זיך וועלטשאַנינאָוו שרעק־לעך פאַרוואונדערט. — מאָדנע ווערטער האָט איר אַרויסגערעדט! אין וואָס־זשע זאָל באַשטיין דאָס אויסגלייכן די חשבונות? האַ! אַזוי איז דאָס שוין אייער „לעצט וואָרט", וואָס איר האָט מיר פריִער פאַר־זיכערט... צו אַנטפּלעקן?

— יאָ, דאָס איז עס.

— מיר האָבן שוין נישט מער וואָס אויסצוגלייכן די חשבונות מיר האָבן זיי שוין פון לאַנג אויסגעגליכן! — האָט וועלטשאַנינאָוו שטאָלץ אַ זאָג געטון.

— צי מיינט איר טאַקע אַזוי באמת? — האָט טרוסאָצקי זיך אָנגערופן מיט אַ דורכגעדרונגען קול, פאַרלייגנדיק משונהדיק די הענט פאַר זיך, פינגער אין פינגער. און האַלטנדיק זיי פעסט אויף דער ברוסט.

וועלטשאַנינאָוו האָט אים נישט געענטפערט און אָנגעהויבן שפּרייזן אַהין און צוריק איבער דער שטוב. „ליזאַ, ליזאַ" — האָט ער געקרעכצט טיף אין האַרץ.

— און, איבעריקנס, מיט וואָס האָט איר געוואָלט אויסגלייכן די חשבונות? — האָט ער זיך געווענדט צו טרוסאָצקין מיט אַ בייזער מינע נאָך אַ לענגערן שטילשווייגן.

טרוסאָצקי האָט אים די גאַנצע צייט באַגלייט מיט די אויג

איבער דער שטוב, תאַלטנדיק פאַר זיך פאַרלייגט די הענט ווי פריער.

— פאָרט נישט מער אַהין — האָט טרוסאַצקי כמעט אַרויס־געפּליסטערט מיט אַ בעטנדיק קול און פלוצלינג אויפגעשטאַנען פון בענקל.

— אַזוי ! איז נאָר דאָס האָט איר געמיינט ? — וועלטשאַני־נאָוו האָט זיך בייז צעלאַכט — פונדעסטוועגן זענט איר מיר היינט דעם גאַנצן טאָג אויסגעקומען עפּעס משונהדיק ! — האָט ער אָנ־געהויבן מיט אַ גיפטיקער מינע, אָבער פלוצלינג האָט זיך זיין גאַנץ פּנים געענדערט. — הערט מיך אויס ! — האָט ער פאַרצערט און מיט אַ טיף אויפריכטיק געפיל אַ זאָג געטון — איך מיין, אַז איך האָב זיך קיינמאָל און מיט קיין שום זאַך אַזוי שטאַרק זיך נישט דערנידעריקט ווי היינט, קודם כל דערמיט, וואָס איך האָב מסכים געווען צו פאָרן מיט אייך און דערנאָך — מיט דעם אַלעם, וואָס איז דאָרט פאָרגעקומען... דאָס איז געווען אַזוי קליינלעך, אַזוי נעבעכדיק... איך האָב זיך באַשמוצט און זיך געמאַכט געמיין, פאַרבינדנדיק זיך... און האָב זיך פאַרגעסן... נו, און נאָך וואָס ! — האָט ער זיך באַלד צוריקגעכאַפּט. — הערט אויס, איר זענט היינט אָנגעפאַלן אויף מיר פלוצלינג נישט פאַרהאָפט און מיך געטראָפן אַן אויפגערעגטן און קראַנקן... נו, יאָ, איך דאַרף זיך נישט פאַר־ענטפערן ! אַהין וועל איך מער נישט פאָרן און איך פאַרזיכער אייך, אַז איך האָב נישט דאָרט קיין שום עסקים — האָט ער מיט אַ זיכערער שטימע פאַרענדיקט.

— טאַקע אמת ? טאַקע אמת ? — האָט טרוסאַצקי אויסגע־שריגן, נישט באַהאַלטנדיק זיין שרעקלעכע צערודערונג פון פרייד.

וועלטשאַנינאָוו האָט מיט פאַראַכטונג געקוקט אויף אים און ווידער אָנגעהויבן שפּרייזן אַהין און צוריק איבער דער שטוב.

— איר האָט דאַכט זיך, פאַר וועלכער פרייז עס זאָל נישט זיין, באַשלאָסן צו ווערן גליקלעך? — האָט וועלטשאַנינאָוו ענדלעך זיך נישט געקענט איינהאַלטן נישט צו באַמערקן.

— יאָ — יאָ! — האָט טרוסאָצקי שטיל און נאַיוו באַשטעטיקט,

— וואָס אַרט עס מיך — האָט וועלטשאַנינאָוו געטראַכט. — ער איז אַ לץ און נאָך אַ רשע דערצו, נאָר דערפאַר, ווייל ער איז אַ גרויסער שוטה? איך קען פאָרט אים נישט פיינט האָבן, ווען ער וואָלט אפילו דאָס נישט ווערט געווען

— איך בין — „אַן אייביקער מאַן". — האָט טרוסאָצקי אַ זאָג געטון, שמייכלענדיק דערנידעריקנד און הכנעהדיק פון זיין אַליין. — איך האָב דאָס דאָזיקע ווערטל שוין לאַנג פון אייך געוווּסט, נאָך דאַמאָלס, ווען איר זענט געווען בּאַ אונדז. אַ סך אייער ווערטער זענען מיר דאַמאָלס איינגעקריצט געוואָרן אין זכּרון אין יענעם יאָר. דאָס לעצטע מאָל, ווען איר האָט מיר דאָ געזאָגט: „אייביקער מאַן", האָב איך מיך משער געווען.

מאַווראַ איז אַריינגעקומען מיט אַ פלאַש שאַמפּאַניער און צוויי גלעזלעך.

— זייט מוחל אַלעקסיי איוואַנאָוויטש, איר ווייסט דאָך, אַז אָן דעם קען איך נישט. האַלט דאָס נישט פאַר קיין עזותדיקייט, קוקט אויף מיר ווי אויף אַ זייטיקן, ווי אויף איינעם, וואָס שטייט נידעריקער פון אייך.

— יאָ... — האָט וועלטשאַנינאָוו מיט פאַראַכטונג דערלויבט — אָבער איך פאַרזיכער אייך, אַז איך פיל מיך נישט געזונט...

— געשווינד, געשווינד... באַלד, איין רגע נאָר! — האָט טרוסאָצקי זיך צוגעאיילט — נאָר איין גלעזל. ווייל דער האַלדז... דורשטיק און מיט איין זופּ האָט ער אויסגעטרונקען דאָס

גלאַז און זיך אוועקגעזעצט, קוקנדיק שיִער נישט צעטרטל̈עך איף וועלטשאַנינאָוון.

מאַווראַ איז אַוועקגעגאַנגען.

— אַך, ווי עקלהאַפט! — האָט וועלטשאַנינאָוו זיך נישט געקענט איינהאַלטן.

— דאָס זענען נאַר די חברטעס — האָט טרוסאָצקי פּלוצלינג דרייסט אַ זאָג געטון, אויפלעבנדיק אינגאַנצן.

— וואָס הייסט? וואָס? אַך, יאָ, איר רעדט אַלץ וועגן דעם...

— נאַר די חברטעס! און דערביי נאָך אַזוי יונג, צוליבן חן מאַכט מען אַזוי זיך קוראַזש! זייער שיין, אָבער דאָרט — דאָרט ווייסט איר דאָך: איר קנעכט וועל איך ווערן, זי וועט דערזען דעם כבוד, די סביבה... וועט זי ווערן אינגאַנצן אַן אַנדערע.

„פונדעסטוועגן דאַרף מען אים אָפּגעבן דעם אָרעם־באַנד!“ — האָט זיך וועלטשאַנינאָוו אָנגעבלאָזן, אָנטאַפּנדיק דאָס שאַכטל אין טאַש פון זיין פּאַלטאָ.

— איר זאָגט מיר, אַז איך האָב באַשלאָסן צו זיין גליקלעך? איך דאַרף חתונה האָבן, אַלעקסיי איוואַנאָוויטש, — האָט טרוסאָצקי ווייטער געדעדט מיט אַ כמעט רירנדן טאָן — אַז נישט וואָס וועט פון מיר ווערן? איר זעט דאָך אַליין! — ער האָט אָנגעוויזן אויף דער פלאַש, — און דאָס איז נאָר איין הונדערט-חלק פון ריינע ליידנשאַפטן. איך קען אינגאַנצן נישט לעבן אָן אַ ווייב און אָן אַ נייעם גלויבן. איך וועל אָנהייבן גלייבן און וועל אויפוואַכן צו אַ נײַ לעבן.

— אָבער נאָכוואָס דערציילט איר מיר דאָס אַלץ? — האָט וועלטשאַנינאָוו כמעט נישט אויסגעפּלאַצט מיט אַ געלעכטער.

איבעריקנס האָט זיך אים דאָס אַלץ אויסגעוויזן שרעקלעך ווילד.

— אָבער זאָגט מיר, סוף כּל סוף, — האָט וועלטשאַנינאָוו זאָויסגעשריגן צו טרוסאָצקין — נאָכוואָס האָט איר מיך אַהין געשלעפּט: צו וואָס האָב איך אייך דאָרט געטויגט?

— בכדי אויסצופּרוּוון... — האָט טרוסאָצקי פּלוצלינג אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ.

— וואָס אויספּרוּוון?

— אַן עפעקט... איר פאַרשטייט מיך, אַלעקסיי איוואַנאָוויטש, שוין אַ וואָך צייט, ווי איך זוך אייך... (ער איז וואָס אַמאָל מער צעמישט געוואָרן). נעכטן האָב איך אייך געטראָפן און אַ טראַכט געטון: „איך האָב דאָך זי נאָך קיינמאָל נישט געזען אַזוי צו זאָגן, אין אַ זייטיקער געזעלשאַפט, דאָס הייסט, אין דער אָנוועזנהייט פון מאַנספערשוינען, אַ חוץ מיר"... אַ נאַרישער געדאַנק, איך אַליין פיל אָפּט, אַן איבעריקע מחשבה. עס האָט זיך שוין צופיל פאַרגלוסט, צוליב מיין שלעכטן כאַראַקטער.

ער האָט פּלוצלינג אויפגעהויבן דעם קאָפּ און רויט געוואָרן.

„זאָגט ער טאַקע דעם גאַנצן אמת!" — האָט זיך וועלטשאַנינאָוו זייער שטאַרק פאַרוואונדערט.

— נו, און וואָס? — האָט וועלטשאַנינאָוו געפרעגט.

טרוסאָצקי האָט זיס און ווי גנביש זיך צעשמייכלט.

— די קינדהייט בלויז... אַלץ די חברטעס! זייט מיר מוחל דערפאַר, וואָס איך האָב זיך היינט נאַריש מיט אייך אויפגעפירט. מער שוין קיינמאָל נישט, עס וועט שוין קיינמאָל נישט געשען.

— אויך איך וועל שוין דאָרט מער קיינמאָל נישט זיין — האָט זיך וועלטשאַנינאָוו צעשמייכלט.

— טאַקע דאָס מיין איך.

וועלטשאַנינאָוו האָט זיך אַביסל אַ בייג געטון.

— פונדעסטוועגן בין איך דאָך נישט איינער אויף דער וועלט — האָט ער סאַרקאַסטיש באַמערקט.

טרוסאָצקי איז ווידער רויט געוואָרן.

— עס טוט מיר ווי צו הערן, אַלעקסיי איוואַנאָוויטש, גלייבט מיר, איך אַכט אַזוי נאַדיעזשדאַן.

— זייט מוחל, זייט מוחל, איך האָב גאָרנישט געמיינט — מיר קומט נאָר אויס אַ ביסל משונהדיק, וואָס איר שאַצט אַזוי אי־בער מיינע מיטלען... און... וואָס איר האָט אַזוי אויפריכטיק גע־האָפט אויף מיר...

— טאַקע דערפאַר האָב איך געהאָפט, ווייל דאָס איז געשען אָן דעם אַלעם... וואָס איז שוין פאָרגעקומען...

— הייסט דאָס, אַז איר האַלט מיך אויך איצט פאַר דעם אָרנטלעכסטן מענטש! — האָט זיך וועלטשאַנינאָוו פלוצלינג אָפּגע־שטעלט.

— אַן אַנדערש מאָל וואָלט ער זיך אַליין דערשראָקן פון דער תמימותדיקייט פון זיין אומדערוואַרטעטער פראַגע.

— איך האָב אייך שטענדיק געהאַלטן פאַר אַזעלכן — האָט טרוסאָצקי אַראָפּגעלאָזט די אויגן.

— נו, יאָ, פאַרשטייט זיך... נישט דאָס מיין איך, דאָס הייסט, נישט אין דעם זין — איך האָב נאָר געוואָלט זאָגן, אַז נישט קוקנדיק אויף קיין שום... וואָרנונגען!

— אַ, יאָ, נישט קוקנדיק אַפילו אויף די וואָרנונגען,

— און ווען איר זענט געפאָרן קיין פעטערבורג? האָט וועל־טשאַנינאָוו שוין נישט געקענט זיך איינהאַלטן, פילנדיק אַליין ווי ער איז עפעס משונהדיק נייגעריק.

— און ווען איך בין געפאָרן קיין פעטערבורג, האָב איך אייך שטענדיק געערט, אַלעקסיי איוואַנאָוויטש.

טרוסאָצקי האָט אויפגעהויבן די אויגן און גלייך אָן שום שאָטן פון צערודערונג געקוקט אויף זיין קעגנער. וועלטשאַנינאָוו האָט פלוצלינג אָנגעהויבן מורא האָבן: ער האָט בשום אופן נישט גע־

חײַלט, אז עס זאָל געשען עפּעס אַזױנס, װאָס זאָל האָבן אַריבער־געגאַנגען די גרענעץ.

— איך האָב אײַך ליב געהאַט, אַלעקסײ איװאַנאָװיטש — האָט טרוסאָצקי אַרױסגעזאָגט, װי באַשליסנדיק זיך פּלוצלינג — אױך דאָס גאַנצע יאָר אין ט. האָב איך אײַך ליב געהאַט. איר האָט עס נישט באַמערקט — האָט טרוסאָצקי װײַטער גערעדט מיט אַן עטװאָס אױפּציטערנדיק קול, פֿון װאָס װעלטשאַנינאָװ איז נאָך מער דערשראָקן געװאָרן — איך בין געװען צו נישטיק אין פֿאַרגלײַך מיט אײַך, אַז איך זאָל אײַך קענען געבן די געלעגנהײט צו באַ־מערקן. און אפשר איז עס אױך נישט געװען נײטיק. און אױך אַלע נײַן יאָר האָב איך אײַך גוט געדענקט, װײַל אַזאַ יאָר װי יענץ, האָב איך אין מײַן לעבן נישט געהאַט. (טרוסאָצקיס אױגן האָבן עפּעס אױף אַ באַזונדערן אופֿן אױפֿגעבליצט). אַ סך אײַערע װערטער און מחשבות האָב איך זיך גוט אַרײַנגעשלאָגן אין קאָפּ. איך האָב זיך שטענדיק װעגן אײַך דערמאַנט װי װעגן אַ מענטש, װאָס לעכצט נאָך גוטע געפֿילן, אַ מענטש אַ גײַסטרײַכן, אַ חויך געבילדעטן... „גרױסע געדאַנקען שטאַמען מער פֿון אַ גרױסן געפֿיל, װי פֿון א גרױסן מוח". — איר אַלײן האָט דאָס געזאָגט. איר האָט דאָס אפשר פֿאַרגעסן, אָבער איך האָב זיך עס גוט אײַנגעקריצט אין זכרון. איך האָב אױף אײַך שטענדיק גערעכנט, װי אױף אַ מענטש מיט דערהאָבענע געפֿילן... און אַזױ אױך געגלױבט, — נישט קוקנדיק אױף גאָרנישט.

טרוסאָצקיס גורדער האָט זיך פּלוצלינג אַ טרײסל געטאָן. װעלטשאַנינאָװ האָט זיך אינגאַנצן איבערגעשראָקן. דעם דאָזיקן אומדערװאַרטעטן טאָן האָט מען אומבאַדינגט געמוזט איבעררײַסן.

— נו, גענוג שױן, פּאַװעל פּאַװלאָװיטש — האָט װעלטשאַ־נינאָװ אַ זאָג געטאָן, פֿאַרױטלענדיק זיך און װערנדיק אױפֿגערעגט און אומגעדולדיק — און פֿאַרװאָס און צוליב װאָס — האָט ער

פלוצלינג אויסגעשריגן — פאַרוואָס האָט איר אייך צוגעטשעפּעט צו אַ קראַנקן, אויפגערעגטן מענטש, צו אַ מענטש, וואָס וואַרפט זיך שיער נישט אין קדחת, און איר שלעפט אים אַריין אין דעם דאָזיקן פינסטערן תהום... בשעת... אַלץ... בשעת אַלץ -- איז נאָר אַן איינבילדונג, אַ חלום, אַ ליגן, אַ חרפה. אומנאַטירלעך און איבער דער מאָס — און דאָס איז דער עיקר, דאָס איז שענדלעכער פון אַלץ, וואָס איז איבער דער מאָס! און אַלץ איז נאַריש: ביידע זענען מיר זינדיקע, פאַלשע, עקלהאַפטע ברואים... און אַז איר ווילט, אַז איר ווילט באמת, וועל איך אייך באַלד באַווייזן, אַז נישט נאָר, וואָס איר האָט מיך נישט ליב, נאָר איר האָט מיך פיינט, מיט אַלע אייערע חושים האַסט איר מיך, און אַז איר זאָגט אַ ליגנט, אַליין נישט ווויסנדיק. איר האָט מיך נישט אַהינגעפירט צוליב דעם דאָזיקן נאַרישן צוועק, בכדי אויסצופּרוּוון די כלה (ווי־קען עס גאָר עמעצן איינפאַלן.) נאָר איר האָט מיך נעכטן דערזען, זיך צעבייזערט און מיך אַהינגעפירט, בכדי מיר צו ווייזן און זאָגן: זעסט וואָס פאַר אַן אוצר אַ מיידל? מיינע וועט זי זיין! נו, מאַך איצטער אַ פּרוּוו! איר האָט מיך אַרויסגערופן, איר האָט אפשר אַליין נישט געוווּסט, אָבער עס איז אַזוי געווען, ווייל איר האָט דאָס אַלץ געפילט... און אָן שנאה קען מען אַזאַ אַרויסרוף נישט מאַכן, הייסט דאָס, אַז איר האָט מיך פיינט געהאַט.

וועלטשאַנינאָוו איז געלאָפן איבער דער שטוב און געשריגן. מער פון אַלץ האָט אים געפייניקט און באַליידיקט דאָס באַוווּסטזיין פון דערנידעריקונג, אַז ער אַליין לאָזט זיך אַראָפּ אויף אַזאַ מדרגה צו טרוסאָצקין.

— איך וויל מיט אייך מאַכן שלום, אַלעקסיי איוואַנאָוויטש, — האָט טרוסאָצקי אַנטשלאָסן זיך אָנגערופן און זיין גוידער האָט ווייטער אַ ציטער געטון.

וועלטשאַנינאָוו איז געוואָרן שרעקלעך אין כעס, ווי קיין

שום מענטש אויף דער ערד וואָלט אים קיינמאָל אַזוי שטאַרק נישט באַליידיקט.

— איך זאָג אייך נאָכאַמאָל — האָט זיך וועלטשאַנינאָוו צע־שריגן — אַז איר האָט זיך אָנגעהאָנגען אויף אַ קראַנקן און אויפ־געטרעגטן מענטש, כדי אַרויסצורופן פון אים אין היץ עפּעס אַ וואָרט, וואָס מען קען נישט מקים זיין!

— מיר... אַז מיר זענען צוויי פאַרשידענע וועלטן, פאַר־שטייסטו דאָס... און... צווישן אונדז האָט זיך אַ קבר געלייגט אינדערמיט! — האָט ער אין כעס אויסגעשריגן און פלוצלינג ווי־דער צו זיך געקומען...

— און פונוואַנען ווייסט איר — האָט זיך טרוסאָצקיס פּנים פלוצלינג פאַרקרומט און בלייך געוואָרן — פונוואַנען ווייסט איר, וואָס פאַר א באַדייטונג דאָס דאָזיקע קבר'ל האָט דאָ... באַ מיר! — האָט ער אויסגעשריגן, צולויפנדיק צו וועלטשאַנינאָוו, און מיט אַ לעכערלעכער אָבער שרעקלעכער באַוועגונג זיך אַ קלאַפּ געטון מיט דער פויסט אין האַרץ — איך קען אָט דאָס קבר'ל דאָ און מיר ביידע שטייען אויף די ראַנדן פון דאָזיקן קבר, אָבער, אויף מיין ראַנד איז מער ווי אויף אייערע, מער... — האָט ער געפּליסטערט, ווי אין היץ, קלאַפּנדיק זיך כסדר ווייטער אין האַרץ, — מער, מער, מער!...

פלוצלינג האָט אַן אויסערגעוויינטלעכער קלאַנג אין טיר־גלעקל זיי ביידע איבעראַשט און געצווונגען זיך אויפצוכאַפּן און צו זיך צו קומען.

מען האָט אַזוי שטאַרק אָנגעקלונגען, אַז עס האָט זיך אויס־געוויזן, ווי איינער וואָלט זיך געגעבן דאָס וואָרט אָפּצורייסן מיטן ערשטן קלונג דאָס גלעקל.

— צו מיר קלינגט מען נישט אַזוי — האָט וועלטשאַנינאָוו צעמישט אַ זאָג געטון.

— אָבער צו מיר דאַך אויך נישט — האָט טרוסאַצקי נישט דרייסט זיך אָנגערופן, קומענדיק אויך צו זיך און פאַרוואַנדלענדיק זיך אין איין רגע אין פריערדיקן טרוסאָצקי.

וועלטשאַנינאָוו האָט זיך אָנגעבלאָזן און געגאַנגען עפענען די טיר.

— הער וועלטשאַנינאָוו — אויב כ׳האָב נישט קיין טעות? — האָט זיך פון קאָרידאָר דערהערט אַ יונג, קלינגענדיק און אויסער־געוויינטלעך זיכער קול.

— איך האָב אַ זיכערע ידיעה — האָט זיך ווייטער געלאָזט הערן די קלינגענדיקע שטימע — אַז אַ געוויסער טרוסאָצקי געפינט זיך אויגנבליקלעך בײַ אייך, איך מוז אים אומבאַדינגט תיכף זען.

וועלטשאַנינאָוו וואָלט, פאַרשטייט זיך, געהאַט אַ גרויס פאַר־גענינגן אַרויסצוּוואַרפן אויף די טרעפ דעם דאָזיקן פאַרשוין. וואָס איז געווען אַזוי זיכער אין זיך, אָבער ער האָט אַ קלער געטון, זיך אָפּגערוקט און אים אַדורכגעלאָזט:

— אָט איז הער טרוסאָצקי, קומט אַריין...

XIV.

## סאַשענקאַ און נאַדיענקאַ

אין שטוב איז אַריינגעקומען אַ יונגערמאַן פון אַ יאָר ניינצען, און אפשר נאָך ווייניקער — אַזוי יונג האָט זיך אויסגעזען זיין שיין פּאַריסן פּנים. ער איז געווען נישט שלעכט אָנגעטון, אַלץ איז אויף אים גוט געלעגן; הויך איז ער געווען, עטוואָס העכער פון מיטל-וווקס, פון זיין גאַנצן פּרצוף האָבן די שוואַרצע קודלעוואַטע האָר און די גרויע דרייסטע און טונקעלע אויגן באַזונדערס פאַרכאַפּט דעם בליק, נאָר די נאָז איז געווען אַ ביסל ברייט און פאַריסן אינדערהייך. ווען נישט דאָס, וואָלט ער אינגאַנצן געווען אַ בילד-שיינער בחור. ער איז אַריינגעגאַנגען מיט אַן ערנסטער מינע.

— איך האָב, דאַכט זיך, די געלעגנהייט צו רעדן מיט הער טרוסאָצקין, — האָט ער געזאָגט, ווי אָפּוועגנדיק און אָפּמעסטנדיק יעדעס וואָרט און אונטערשטרייכנדיק באַזונדערס דאָס וואָרט „גע-לעגנהייט". דערמיט האָט ער, הייסט דאָס, געגעבן צו פאַרשטיין, אַז עס קען נישט זיין פאַר אים קיין שום פאַרגעניגן און קיין כבוד צו רעדן מיט הער טרוסאָצקין.

וועלטשאַנינאָוו האָט אָנגעהויבן צו פאַרשטיין, ווייזט אויס, אַז אויך טרוסאָצקין האָט עפּעס אָנגעהויבן קלאָר צו ווערן. אויף זיין פּנים איז געווען אויסגעדריקט אַ באַמערקונג, אָבער ער האָט זיך, איבעריקנס באַמיט צו באַהערשן זיך.

— ניש׳ האָבנדיק דעם כבוד אייך צו קענען — האָט ער

כמעט רויק געענטפערט — רעכן איך, אז איך קען נישט האָבן מיט אייך קיין שום עסקים.

— קודם-כל הערט אויס און דערנאָך וועט איר זאָגן אייער מיינונג — האָט דער יונגערמאַן זיך אָנגערופן זיכער מיטן טאָן פון אַ פאָרוווּרף און האָט אַרויסגענומען אַ לאָרנעטע פון שילד-קרויט, וואָס איז געהאָנגען באַ אים אויף אַ שנירל און באַטראַכט דאָס פלעשל שאַמפּאַניער, וואָס איז געשטאַנען אויפן טיש. — נאָכדעם, ווי ער האָט רויק געענדיקט דאָס באַקוקן די פלאַש, האָט ער צוזאַמענגעלייגט די לאָרנעטע און, ווענדנדיק זיך צו טרוסאָצקין, האָט ער אַ זאָג געטון:

— אַלעקסאַנדר לובאָוו.

— און ווער איז דאָס דער אַלעקסאַנדר לובאָוו?

— דאָס בין איך. איר האָט נישט געהערט?

— ניין.

— איבעריקנס, ווי אַזוי קענט איר מיך קענען. איך בין געקומען צוליב אַ וויכטיקן ענין, וואָס איז אייגנטלעך אייך נוגע. דערלויבט מיר פונדעסטוועגן זיך צו זעצן, איך בין מיד...

— זעצט זיך! — האָט אים וועלטשאַנינאָוו איינגעלאַדן, אָבער דער יונגערמאַן האָט זיך געזעצט נאָך פאַר דער איינלאַדונג.

נישק קוקנדיק דערויף, וואָס זיין ווייטיק אין ברוסט האָט זיך פאַרשטאַרקט, האָט וועלטשאַנינאָוו זיך פאַראינטערעסירט מיטן דאָזיקן קליינעם שטיפער, אין זיין שיין קינדעריש און רויטלעך פנימל האָט זיך אים אויסגעוויזן עפּעס אַ ווייט ענלעכקייט צו נאַדיאַן.

— זעצט איר זיך אויך! — האָט דער יונגערמאַן פאָרגעלייגט טרוסאָצקין, אָנווייזנדיק אים מיט אַ פולן שאָקל מיטן קאָפּ אַן אָרט אַנטקעגן אים.

— עט, כ׳קען שטיין.

— איר וועט מיד ווערן, איר, הער וועלטשאַנינאָוו, וואָלט געקענט אויך נישט אַוועקגיין.

— איך האָב נישט וווהין אַוועקצוגיין. איך בין בא מיר אין דערהיים.

— ווי איר ווילט. איך בין אייך מודה, אַז איך וואָלט אפילו זייער גערן געוואָלט, אַז איר זאָלט זיין אַנוועזנד בא דער דער־קלערונג, וועלכע איך וויל אָפּגעבן דעם דאָזיקן הער. נאַדיעזשדאַ האָט זיך וועגן אייך זייער גינסטיק אויסגעדרוקט.

— בא וועמען האָט זי דאָס באַוויזן צו טאָן?

— תיכף דערנאָך, ווען איר זענט אַוועקגעגאַנגען. איך קום דאָך אויך איצט פון דאָרט. אָט וואָס, הער טרוסאָצקי. — האָט ער זיך אומגעדרייט צו טרוסאָצקין וואָס איז נאָך אַלץ בעשטאַ־נען. — מיר, דאָס הייסט, איך און נאַדיעזשדאַ — האָט ער ווי אַדורכגעצויגן פון צווישן די ציין, אויסשפרייטנדיק זיך פויל אויפן בענקל — האָבן שוין לאַנג ליב איינער דעם אַנדערן און האָבן זיך איינער דעם צווייטן געגעבן דאָס וואָרט. איצט זענט איר צווישן אונדז אַ מניעה — איך בין געקומען אייך פאָרלייגן, אַז איר זאָלט אָפּריייניקן דאָס אָרט. וועט איר אַזוי גוט זיין, מסכים זיין אויף מיין פאָרשלאַג?

טרוסאָצקי האָט זיך אָפּגעשאָקלט. ער איז בלייך געוואָרן, אָבער זיין פאַרביסענער שמייכל, האָט זיך באַלד באַוויזן אויף זיינע ליפּן.

— ניין, לחלוטין נישט — האָט ער לאַקאָניש געענטפערט.

— אַך, אַזוי! — האָט זיך דער יונגערמאַן איבערגעדרייט אויפן בענקל: פאַרלייגנדיק אַ פוס אויף אַ פוס.

— איך ווייס אַפילו נישט מיט וועמען איך רעד — האָט טרו־סאָצקי, געפונען פאַר נייטיק זיך אַוועקצוזעצן.

— איך האָב אייך געזאָגט, אַז איר וועט מיד ווערן, — האָט

דער יונגערמאַן פויל באַמערקט — איך האָב געהאט פריער די געלעגנהייט אייך מיטצוטיילן, אַז מיין נאָמען איז לובאָוו און, אַז איך און נאַדיעזשדאַ האָבן זיך געגעבן איינער דעם צווייטן דאָס וואָרט, הייסט דאָס, אַז איר קענט נישט זאָגן ווי איר האָט זיך ערשט אויסגעדרוקט, אַז איר ווייסט נישט מיט וועמען איר האָט צו טון, איר קענט אַפילו נישט קלערן, אַז מיר האָבן נישט צוליב וואָס צו פירן מיט אייך ווייטער דאָס געשפרעך. שוין נישט רעדנדיק וועגן מיר איז דער ענין בנוגע נאַדיעזשדאַן, צו וועלכער איר האָט זיך אַזוי דרייסט צוגעטשעפעט. און שוין דאָס אַליין איז אַ גענוגנדע סיבה פאַר אַ דערקלערונג.

דאָס אַלץ האָט ער אַדורכגעזיפּט צווישן די ציין ווי אַן אָנגעבלאָזענער, באַערנדיק קוים־קוים מיטן אַרויסרעדן אַ וואָרט: ער האָט אַפילו נאָכאַמאָל אַרויסגענומען די לאָרנעטע און אויף אַ רגע אויף וואָס עס איז זי אָנגעשטעלט, בעת ער האָט גערעדט.

— דערלויבט, יונגערמאַן!... — האָט טרוסאָצקי אויפגערעגט אויסגעשריגן. אָבער דער יונגערמאַן האָט אים באַלד איבערגעריסן.

— באַ יעדער אַנדערער געלעגנהייט וואָלט איך אייך זעלבסטפאַרשטענדלעך פאַרווערט אָנצורופן מיך „יונגערמאַן”, אָבער איצט וועט איר אַליין מודה זיין, אַז מיין יוגנטלעכע עלטער איז מיין גרעסטע מעלה אין פאַרגלייך מיט אייך, און אַז אייך וואָלט זיך זייער געגלוסט, למשל היינט, ווען איר האָט איר געשאָנקען אייער אָרעמבאַנד צו זיין דערביי כאָטש אַ ביסל יונגער.

— אוי, ביסטו אַ ווילער! — האָט וועלטשאַנינאָוו שטיל אַ זאָג געטון.

— יעדנפאַלס, געערטער הער, — האָט טרוסאָצקי שטאָלץ זיך פאַרבעסערט באַטראַכט — איך פאָרש נישט די סיבות, וועלכע איר האָט אַרויסגעשטעלט — נישט קיין אָרנטלעכע און זייער צווייפלהאַפטע סיבות — הערט אויף זיך ווייטער וועגן זיי צו שפאַרן. איך

זע, אַז דער גאַנצער ענין איז פּוסט, אַ קינדער שפּיל. מאָ־גן וועל איך זיך נאָכפרעגן באַם געערטן הער זאַכליאַבקין און איצט בעט איך אייך מיך צו באַפרייען.

— איר פאַרשטייט די דרכים פון דאָזיקן פאַרשוין! — האָט דער יונגערמאַן תיכּף אויסגעשריגן ברענענדיק באַלד דעם טאָן און זיך געווענדט היציק צו וועלטשאַנינאָוון. — נאָך ווייניק, וואָס מען יאָגט אים אַרויס פון דאָרט, אַרויסשטעלנדיק אים די צונג, וויל ער נאָך מאָרגן אונדז פאַרמסרן פאַרן אַלטן! באַווייזט איר נישט דער־מיט, איר עקשן איינער, אַז איר ווילט נעמען דאָס מיידל מיט געוואַלט, אַז איר קויפט זי באַ מענטשן, וואָס זייער שכל איז אָפּגע־לעבט, וועלכע האָבן איבער איר די מאַכט אַ דאַנק דעם געזעלשאַפט־לעכן באַרבאַריזם? דאַכט זיך, אַז זי האָט אייך שוין גענוג געוויזן, אַז זי האָט אייך פיינט. האָט מען דאָך אייך שוין צוריקגעגעבן אייער היינטיקע נישט אָנשטענדיקע מתנה, אייער אָרעם־באַנד! וואָס נאָך ווילט איר?

— קיינער האָט מיר נישט צוריקגעגעבן קיין שום אָרעם־באַנד און דאָס איז אויך נישט מעגלעך! — האָט טרוסאָצקי אויפגעציטערט.

— וואָס הייסט נישט מעגלעך? צי האָט אייך הער וועלטשאַ־נינאָוו, נישט איבערגעגעבן?

— „וואָלט דיך בעסער דער טייוול צוגענומען!“... — האָט וועלטשאַנינאָוו אַ טראַכט געטון און אָנבלאָזנדיק זיך געזאָגט:

— נאַדיעזשדאַ האָט מיך ווירקלעך פריער געבעטן איבערצו־געבן אייך, פּאַוועל פּאַוולאָוויטש, דאָס דאָזיקע שאַכטעלע. איך האָב נישט געוואָלט נעמען, נאָר זי האָט געבעטן... אָט איז עס... מיר איז אַזוי נישט אָנגענעם...

ער האָט אַרויסגענומען דאָס שאַכטעלע און צערודערט עס אָוועקגעלייגט פאַר טרוסאָצקין, וואָס איז ווי פאַרגליווערט געוואָרן.

— פאַרוואָס־זשע האָט איר עס ביז איצט נישט אָפּגעגעבן? —

האָט דער יונגערמאַן מיט אַ שטרענג קול זיך געווענדט צו וועלטשאַנינאָוון.

— מסתמא האָב איך נישט געקענט — האָט וועלטשאַנינאָוו געענטפערט כמעט ברוגז.

— אַ חידוש.

— וואָ־אָ־אָ־ס?

— ווי עס זאָל נישט זיין, איז עס אַ גרויסער חידוש, איר וועט אַליין מודה זיין, איבעריקנס בין איך מסכים צו אָנערקענען, אַז דאָ איז — אַ מיספאַרשטענדעניש.

וועלטשאַנינאָוון האָט זיך זייער שטאַרק געגלוסט אויפצושטיין תיכף און אויסצורייסן דעם בחורל די אויגן, אָבער ער האָט זיך נישט געקענט איינהאַלטן און פליצלינג אַרויס אויף אים מיט אַ געלעכטער. דער בחור אַליין האָט זיך אויך צעלאַכט. אָבער מיט טרוסאָצקין איז עפּעס אַנדערש געשען.

ווען וועלטשאַנינאָוו וואָלט בשעת ער האָט זיך צעלאַכט צו לובאָוון געקענט באַמערקן דעם שרעקלעכן בליק, וואָס טרוסאָצקי האָט אויף אים געוואָרפן, וואָלט ער פאַרשטאַנען, אַז דער דאָזיקער פאַרשוין גייט אין דער רגע אַריבער די פּאַטאַלע גרענעץ... אָבער הגם וועלטשאַנינאָוו האָט דעם דאָזיקן בליק נישט באַמערקט, האָט ער פאַרשטאַנען, אַז מען דאַרף באַשיצן טרוסאָצקין.

— הערט אויס, לובאָוו, — האָט וועלטשאַנינאָוו אָנגעהויבן מיט אַ פריינטלעכן טאָן — נישט אַריינלאָזנדיק זיך אין קיין חקירות וועגן די אַנדערע סיבות, וועלכע איך וויל נישט באַרירן, וואָלט איך אייך נאָר באַמערקט, אַז הער טרוסאָצקי ברענגט פאָרט מיט זיך, שדכנדיק זיך צו נאַדיעזשדאַן, ערשטנס, אַ גוטע באַקאַנטשאַפט מיט דער דאָזיקער געערטער משפחה; צווייטנס, זיין אויסגעצייכנטן און בכבודיקן מצב: דריטנס, אַ פאַרמעגן, און דעריבער דאַרף ער זיך נאַטירלעך וווּנדערן, קוקנדיק אויף אַזאַ קאָנקורענט ווי איר — אַ

ענטש, אפשר זייער אַ בכבודיקער, אָבער נאָך אַזאַ יונגער בחור, אז ער קען אייך בשום אופן נישט באַטראַכטן פאַר אַן ערנסטן קאָנ־קורענט... און דערפאַר איז ער געריכט, ווען ער בעט אייך ענ־דיקן.

— וואָס הייסט דאָס אַזוינס: „אזאַ יונגער בחור" שוין אַ חודש ווי איך בין אַלט געוואָרןניינצען יאָר, לויטן געזעץ קען איך שוין פון לאַנג חתונה האָבן. אַט האָט איר אַלץ.

— אָבער וואָס פאַר אַ פּאָטער וועט זיך דאָס באַשליסן אָוועק־צוגעבן אייך איצט זיינס אַ טאָכטער, ווען איר וואָלט אפילו אין דער צוקונפט געווען אַ פולפאַכיקער מיליאָנער, אָדער גאָט ווייסט, וואָס פאַר אַ בעל־טובה פון דער געזעלשאַפט? אַ ניינצען־יעריקער בחור קען אפילו פאַר זיך אַליין נישט זיין פאַראַנטוואָרטלעך, און איר באַשליסט זיך איצט צו נעמען אויף אייער געוויסן אַ פרעמדע צוקונפט, דאָס הייסט, די צוקונפט פון אַזאַ קינד, ווי איר. דאָס איז דאָך נישט אינגאַנצן אַזוי איידל, ווי איר מיינט? איך האָב זיך דערלויבט אייך דאָס צו זאָגן דערפאַר: ווייל איר האָט אַליין פריער זיך געווענדט צו מיר, ווי צו אַ פאַרמיטלער צווישן אייך און פאַ־ועל פאַוולאָוויטשן.

— אַך, יאָ, ער הייסט פאַוועל פאַוולאָוויטש! — האָט באַ־מערקט דער בחור — פאַרוואָס־זשע האָט זיך מיר די גאַנצע צייט אויסגעוויזן, אַז ער הייסט גאָר וואַסילי פעטראָוויטש? אָט וואָס — האָט ער זיך געווענדט צו וועלטשאַנינאָוון — איר האָט מיך לחלוטין נישט פאַרוואונדערט, איך האָב געוווּסט, אַז איר זענט אַלע אַזעלכע! ס'איז אָבער אַ חידוש, וואָס מען האָט וועגן אייך גערעדט, ווי וועגן אַ מענטש זאָגאַר אַ ביסל אַ מאָדערנעם. איבעריקנס, זענען דאָס אַלץ נארישקייטן. דער עיקר איז דאָס, וואָס דאָ איז נישט גאָרנישט פאַרהאַן קיין שום נישט אָנשטענדיקס פון מיין זייט, נאָר להיפך איך רעכן, אַז מיר וועט געלונגען אייך דאָס צו דערקלערן: מיר

האָבן, ערשטנס געגעבן איינער דעם אַנדערן דאָס וואָרט און צווייטנס האָב איך איר פּאָר צוויי עדות צוגעזאָגט, אַז איב זי וועט זיך פאַרליבן אין אַן אַנדערן, אָדער זי וועט פּשוט חרטה האָבן, חעל איך איר תיכף אַרויסגעבן אַ פּאַפּיר, אַז איך האָב זי פּאַראַטן און וועל דערמיט אונטערשטיצן, ווי מען דאַרף, איר ביטע וועגן אַ גט. אָבער דאָס איז נאָך ווייניק: אין פּאַל, ווען איך וואָלט שפּעטער געוואָלט משנה זיין און זיך אָפּגעזאָגט אַרויסצוגעבן איר דאָס דאָזיקע פּאַפּיר, וועל איך, כּדי אויסצומיידן אַזאַ מעגלעכקייט, אַרויסגעבן איר אין טאָג פון אונדזער חתונה אַ וועקסל אויף הונדערט טויזנט רובל, אַזוי, אַז אויב איך וואָלט זיך אין דער צוקונפט פאַרעקשנט בנוגע אַרויסגעבן דאָס דאָזיקע פּאַפּיר, קען זי תּיכף מיך אָנקלאָגן פאַרן וועקסל און מיך אַריינזעצן אין תּפיסה! אויף אַזאַ אופן איז אַלץ פאַרזיכערט און איך שטעל נישט אין קיין סכנה קיינעמס צוקונפט. נו, דאָס איז ערשטנס.

— איך וועל זיך וועטן, אַז דער, ווי הייסט ער דאָרט, פּרעזדפּאָסילאָוו, האָט דאָס פאַר אייך אַלץ אויסגעקלערט! — האָט אויסגעשריגן וועלטשאַנינאָוו.

— כאַ-כאַ-כאַ! — האָט זיך טרוסאָצקי גיפטיק צעשמייכלט.

— וואָס לאַכט דער דאָזיקער הער? איר האָט געטראָפן — פּרעדפּאָסילאָווס איינפאַל און זייט זיך מודה, אַז דאָס איז אַ קלוגער איינפאַל. דאָס אומגעלומפּערטע געזעץ ווערט אויף אַזאַ אופן אינגאַנצן פאַראַליזירט. פאַרשטייט זיך, אַז איך האָב בדעה זי שטענדיק צו ליבן, און זי לאַכט דערפון — אָבער פונדעסטוועגן איז עס געשיקט און זייט זיך מודה, אַז דאָס איז זייער איידל, ווייל נישט יעדער איינציקער וועט זיך דערויף קענען באַשליסן.

— לויט מיין מיינונג איז עס נישט נאָר איידל, נאָר זאָגאַר מיאוס.

דער יונגערמאַן האָט אַ ציי געטון מיט דער פּלייצע.

— און ווידער אַמאָל וווּנדער איך זיך נישט אויף אייך — האָט ער באַמערקט, נאָכדעם ווי ער האָט אַ געוויסע צייט געשוויגן — דאָס אַלץ האָט מיך שוין זייער לאַנג אויפגעהערט צו חידושן. פּרעדפּאָסילאָוו וואָלט אייך תּיכּף געגעבן אַ חלק, ווי עס געהער צו זיין און וואָלט אייך געזאָגט, אַז דאָס וואָס איר פאַרשטייט נישט די נאַטירלעכע ענינים, שטאַמט דערפון, וואָס אייערע געוויינטלעכסטע געפילן און באַגריפן זענען פאַרקריפּלט געוואָרן, ערשטנס צוליב אייער לאַנג אומגעלומפּערט לעבן און צווייטנס צוליב אייער פוסט-און-פּאַסטקייט. איבעריקנס, קען זיין, אַז מיר פאַרשטייען נאָך נישט איינער דעם אַנדערן. פונדעסטוועגן האָט מען מיר געגעבן אַ בעסערע מיינונג וועגן אייך... פּופּציק יאָר ענט איר שוין אלט אוודאי?

— איך בעט אייך איבערצוגיין צום ענין.

— זייט מוחל פאַר דער נישט באַשיידנקייט און בייזערט זיך נישט: איך האָב נישט דערביי קיין שום כּוונה. איך גיי ווייטער איבער צום ענין: איך בין נישט לחלוטין קיין קאָמענדיקער פּילפּאַכער מיליאָנער, ווי איר האָט זיך דערלויבט אויסצודריקן, (און ווי אַזוי האָט אייך געקענט איינפאַלן אַזאַ אידעע!) ווי איר קוקט מיך אָן, בין איך פּשוט אָט אַזוי, ווי איר זעט מיך, אָבער דערפאַר בין איך פולשטענדיק זיכער אין מיין צוקונפט. איך וועל נישט זיין קיינעמס בעל טובה און העלד, אָבער מיך און מיין פרוי וועל איך פאַרזיכערן. פאַרשטייט זיך, אַז איצט פאַרמאָג איך גאָר נישט, איך האָב מיך זאָגאַר דערצויגן בא זיי אינדערהיים. מיין קינדווייז אָן...

— וואָס הייסט?

— גאַנץ איינפאַך. אַזוי ווי איך בין אַ זון פון פרוי זאַכליאָבקינס אַ ווייטן קרוב און אַזוי ווי אַלע מיינע אייגענע זענען געשטאָרבן, איבערלאָזנדיק אַ קינד פון אַכט יאָר, האָט מיך דער ...

טער געגומען צו זיך און אָפּגעגעבן דערנאָך אין גימנאַזיע. דער דאָזיקער בשר ודם איז, אויב איר ווילט וויסן, זאָגאַר אַ גוט-האַר-ציקער...

— איך ווייס עס.

— יאָ, אָבער שוין אַ צו אַלטער קאָפּ, איבעריקנס, אַ גוטער. איצט האָב איך זיך שוין, פאַרשטייט זיך, לאַנג באַפרייט פון זיין אפיטרופסות, ווילנדיק אַליין פאַרדינען מיין שטיקל ברויט און האָבן פליכטן נאָר פאַר זיך אַליין.

— ווען זענט איר אַרויס פון זיין אפיטרופסות? — איז חעלטשאַנינאָוו געווען נייגעריק צו פרעגן.

— שוין אַן ערך פיר חדשים צייט.

— נו, איצט איז שוין אלץ פאַרשטענדלעך. חברים פון קינדווייז אָן! וואָס-זשע, איר האָט אַ פּאָסטן?

— יאָ, אַ פּריוואַטן פּאָסטן, אין קאַנצעלאַריע פון אַ רעיענט, פאַר פינף און צוואַנציק רובל אַ חודש. פאַרשטייט זיך, נאָר אויף דערווייל. אָבער ווען איך האָב דאָרט געמאַכט דעם פאָרשלאַג, האָב איך אויך דאָס נישט געהאַט. איך האָב געדינט בא דער באַן, פאַר צען רובל. אָבער דאָס איז אַלץ נאָר אויף דערווייל.

האָט איר דען געמאַכט אַ פאָרשלאַג?

— אַ פאָרמעלן פאָרשלאַג און לאַנג שוין, נאָך מיט דריי וואָכן צוריק.

— נו, און וואָס?

— דער אַלטער האָט זיך שטאַרק צעלאַכט, און דערנאָך איז ער זייער בייז געוואָרן. און זי האָט מען פאַרמאַכט אויבן אין אַ שטיבל. אָבער נאַדיאַ האָט העלדיש אויסגעהאַלטן. איבעריקנס, איז דער גאַנצער אַדורכפאַל געווען צוליב דעם, וואָס ער האָט שוין פריער געשליפן אויף מיר די ציין דערפאַר, וואָס איך האָב אוועק-געוואָרפן דעם פּאָסטן אין דעפּאַרטאַמענט. איר קענט זיך גאָרנישט

פאַרשטעלן! עפעס אַ יופּיטער זיצט אין אים! איך האָב אים, פאַר שטייט זיך, געגעבן צו וויסן, אַז זיינע תנועות הערן מיר אויף צו געפעלן, אָבער דער עיקר איז דאָס אַרויסגעקומען צוליבן געהילף פון רעפערענט! דעם לאָזיקן הער האָט זיך פאַרגלוסט צו באַקלאָגן אַז איך האָב אים שטאַרק באַליידיקט, און איך האָב אים געזאָגט נאָר דאָס, אַז ער איז נישט אַנטוויקלט. איך האָב זיי אַלע אַוועק־געוואָרפן אין אַרבעט איצט באַם רעיענט.

און אין דעפּאַרטאַמענט האָט איר געקרוגן אַ גרויסע גאַזשע?

— עט! דער אַלטער האָט מיך אויסגעהאַלטן. איך האָב דאָך אייך געזאָגט, אַז ער איז אַ גוטער, אָבער מיר הערן פונדעסטוועגן נישט אָפּטרעטן. פינף און צוואַנציק רובל הייסט נישט, פאַרשטייט זיך, פאַרזיכערט, אָבער איך האָף אינגיכן צו זיין אַ מיטבאַטייליקטער באַם פאַרוואַלטן מיט גראַף זאַווילייעסקיס צעשטערטע גיטער, און דאַמאָלס וועל איך תיכף קריגן דריי הונדערט טויזנט, אַז נישט וועל איך פּרווון יוערן אַ געשוווירענער אַדוואָקאַט. היינט זוכט מען מענטשן. האַ, וואָס פאַר אַ שרעקלעכער דונער! ס'וועט זיין אַ שטורעם. גוט, וואָס איך האָב באַוויזן צו קומען פאַרן שטורעם, איך בין דאָך גע־קומען פון דאָרט צופוס, כמעט די גאַנצע צייט געלאָפן.

— אָבער זייט מוחל, ווי אַזוי־זשע האָט איר אויף אַזאַ אופן באַוויזן אַדורכצורעדן זיך מיט נאַדיעזשדאַן, אויב מען וויל אייך דאָרט נישט אויפנעמען?

— און דורכן פּלויט קען מען דען נישט? די רויטלעכע האָט מיך דאָרט באַמערקט! — האָט ער זיך צעלאַכט — נו, זי זאָרגט זיך שוין וועגן דעם, און מאַריאַ. אָבער וואָס פאַר · אַ שלאַנג די מאַריאַ איז! אָבער וואָס זענט איר אַזוי אומעטיק? איר האָט מורא פאַרן שטורעם?

— ניין, איך בין נישט געזונט, זייער נישט געזונט... — האָט ייפּאַלטשאַנינאָוו קוים געענטפערט.

וועלטשאַנינאָוו איז אויפגעשטאנען פון בענקל צוליב דער־ שרעקלעכער ווייטיק, וואָס ער האָט פלוצלינג דערפילט אין זיין ברוסט און האָט געפרוווט זיך אַדורכגיין איבער דער שטוב.

— אַך, איך שטער אייך... באַאומרויקט זיך נישט תיכף! — זאָגנדיק דאָס, איז דער יונגערמאַן אויפגעשפרונגען פון אָרט.

— אָ, ניין, איר שטערט נישט — האָט וועלטשאַנינאָוו געוואָלט זיך באַגיין איידל.

— וואָס הייסט גאָרנישט? „ווען קאָבילניקאָוון טוט וויי דער בויך"... איר געדענקט בײַ שטשעדרינען איר האָט ליב שטשעד־ רינען?

— יאָ.

— איך אויך. נו, וואַסילי... אַך, יאָ, פאַוועל פאַוולאָוויטש. לאָמיר ענדיקן! — האָט דער בחור כמעט לאַכנדיק זיך געווענדט צו טרוסאָצקין. — בכדי איר זאָלט בעסער פאַרשטיין, פאָרמולי־ר איך נאָכאַמאָל די פראַגע: זענט איר מסכים באַלד מאָרגן אָפצוזאָגן זיך אָפיציעל, פאַר די אַלטע און אין מיין אָנוועזנהייט פון אַלע אייערע טענות בנוגע נאַדיעזשדאַן.

— איך בין לחלוטין נישט מסכים — האָט טרוסאָצקי זיך אָנגערופן אומגעדולדיק און אויפגערעגט און אויך אויפגעשטאַנען פון אָרט. — איך בעט אייך נאָכאַמאָל מיך אָפצולאָזן... ווייל דאָס אַלץ איז אַ קינדערשפיל, נאַרישקייטן.

— היט זיך! — האָט דער יונגערמאַן געדראָט טרוסאָצקין מיטן פינגער, מאַכנדיק אַ הויכגעשטעלטע מינע — היט זיך, אַז איר זאָלט נישט קיין טעות האָבן אָן חשבון! און איך וואָרן אייך, אַז אין ניין חדשים אַרום, ווען איר וועט אַליין זיך האָבן אויסגע־ פייניקט אין רוינירט און אַהער צוגעקומען, וועט איר זיך מעגן אָפ־ זאָגן פון נאַדיעזשדאַן, און אויב איר וועט זיך נישט אָפזאָגן, וועט אייך זיין נאָך ערגער! אָט, צו וואָס איר וועט ברענגען! איך מוז

אייך חאַרענען, אַז איר זענט איצט ווי אַ הונט אויפן שטריק. זייט מוחל, דאָס איז נאָר אַ משל — נישט פאַר זיך, און נישט פאַר אַנדערע, צוליב מענטשלעכקייט, זאָג איך אייך נאָכאַמאָל: כאַפּט אַ קלער, צווינגט זיך אַליין כאָטש איין מאָל אין לעבן גרונטלעך אַ קלער צו טון.

— איך בעט אייך מיר נישט צוזאָגן קיין מוסר! — האָט טרוסאָצקי זיך שטאַרק אויפגערעגט — און וואָס שייך אייערע מיאוסע ווונדן, וועל איך באַלד מאָרגן אָננעמען מיטלען, שטרענגע מיטלען!

— מיאוסע ווונדן! וואָס מיינט איר דערמיט צו זאָגן? אַליין זענט איר אַ מיאוסער פאַרשוין, אויב אייך ליגט דאָס אין קאָפּ... איבעריקנס בין איך מסכים צו וואַרטן ביז מאָרגן, אָבער... אַך, חידער אַ דונער. אַדיע! עס פרייט מיך זייער צו זיין מיט אייך באַקענט — האָט ער זיך פאַרנייגט פאַר וועלטשאַנינאָוון און אַרויס־געלאָפן.

XV.

## אויסגעגלייכט די חשבונות

— איר האָט געזען? איר זענט אַ מבין אויף אַ בחור? — איז טרוסאָצקי צוגעשפּרונגען צו וועלטשאַנינאָוון תּיכּף, ווי דער יונגערמאַן איז אַרויסגעגאַנגען.

— עס גייט אייך עפּעס נישט! — האָט וועלטשאַנינאָוו אומדערוואַרטעט פאַר זיך אַליין אָנגערופן. ער וואָלט דאָס נישט געזאָגט, ייען זיין ווייטיק אין ברוסט וואָלט זיך נישט פאַרשטאַרקט און אים געפּייניקט. טרוסאָצקי איז אויפגעשפּרונגען, ווי ער וואָלט זיך אָפּגעבריט.

— נו, און איר האָט, ווייזט אויס, רחמנות געהאַט אויף מיר און מיר נישט צוריקגעגעבן דעם אָרעם-באַנד — וואָס?

— איך האָב נישט באַוויזן...

— רחמנות געהאַט פון טיפן האַרץ, ווי איין געטרייער פריינט אויפן צווייטן?

— נו, יאָ, איך האָב רחמנות געהאַט! — האָט זיך וועלשטשאַנינאָוו צעבייזערט.

פונדעסטוועגן האָט ער בקיצור דערציילט טרוסאָצקין וועגן דעם, ווי אַזוי ער האָט פריער צוריק באַקומען דעם אָרעם-באַנד און ווי אַזוי נאַדיעַנקאַ האָט אים כּמעט מיט געוואַלט געדונגען צוריקצוגעבן די מתּנה.

— איר װעט פאַרשטײן, אַז איך האָב בשום אופן נישט גע־װאָלט נעמען, אַזױ איך געװױנט אומאָנגענעמלעכקײטן...

— איר זענט באַצױבערט געװאָרן און גענומען! — האָט טרוסאָצקי זיך צעשמײכלט.

— דאָס איז נאַריש פון אײער זײט, איבעריקנס, דאַרף מען איך מוחל זײן, איר האָט דאָך אַלײן געזען, אַז נישט איך בין דאָ דער הױפּט־שולדיקער, נאָר אַנדערע!

— אָבער פונדעסטװעגן האָט מען אײך אײך פאַרדרײט דעם קאָפּ!

טרוסאָצקי האָט זיך אַװעקגעזעצט און אָנגעגאָסן זײַן גלאָז.

— איר רעכנט, אַז איך װעל זיך אונטערגעבן יענעם יונגל? איך װעל אינגאַנצן פון אים אַ תל מאַכן! מאָרגן װעל איך אַהינ־פאָרן און מאַכן אַ סוף.

ער האָט מיט אײן זיפּ אויסגעטרונקען דאָס גלאָז און אָנגע־גאָסן אַ צװײטס. ער האָט זיך אָנגעהױבן זײער שטאַרק צו פּלאָנטערן, װי נאָך קײנמאָל נישט ביז איצט.

— אָט נאַדיענקאַ מיט סאַשענקאַן, װױלענקע קינדערלעך, כאַ — כאַ — כאַ!

ער האָט זיך אינגאַנצן פאַרגעסן פון כעס. עס האָט זיך װידער דערהערט אַ שטאַרקער דונער. אַ בליץ האָט שיער נישט בלינד גע־מאַכט און עס האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אַ שטאַרקער גאַס־רעגן. טרו־סאָצקי איז אױפגעשטאַנען און פאַרמאַכט דאָס פענסטער, װאָס איז ביז איצט געװען אָפן.

— ער האָט אײך פריער געפרעגט: „האָט איר נישט מורא פאַר אַ דונער?“ כאַ־כאַ־כאַ! װעלטשאַנינאָװ האָט מורא פאַר אַ דו־נער! קאָבילניקאָװ — װי אַזױ האָט ער דאָס געזאָגט קאָבילני־ניקאָװ... און װעגן די פופציק יאָר, האַ! איר געדענקט? — האָט טרוסאָצקי אָפּגעלאַכט.

— פונדעסטוועגן האָט איר זיך דאָ געמאַכט זייער באַ־קוועם! — האָט וועלטשאַנינאָוו באַמערקט, קוים אַרויסרעדנדיק די ווערטער פון גרויס ווייטיק. — איך וועל זיך לייגן... ווי ווילט איר?

— אפילו אַ הונט טרייבט מען נישט אַרויס אין אַזאַ וועטער! — האָט טרוסאָצקי זיך אָנגערופן, ווי באַליידיקט, דערפריי־ענדיק זיך, איבעריקנס, וואָס ער האָט דאָס רעכט זיך צו באַליידיקן.

— נו, יאָ. זיצט, טרינקט... נעכטיקט אפילו! — האָט וועל־טשאַנינאָוו אָפּגעשטאַמלט, אויסציִענדיק זיך אויף דער קאַנאַפּע און אָפּזיפצנדיק לייכט.

— נעכטיקן! און איר וועט נישט מורא האָבן?

— פאַרוואָס מורא האָבן? — האָט וועלטשאַנינאָוו פּלוצלינג אויפגעהויבן דעם קאָפּ.

— גאָרנישט, גלאַט אַזוי, דאָס לעצטע מאָל האָט איר זיך ווי דערשראָקן, אָדער אפשר האָט זיך מיר גאָר אויסגעוויזן...

— איר זענט אַ שוטה! — האָט וועלטשאַנינאָוו נישט אויסגעהאַלטן און זיך בייז אומגעדרייט צו דער וואַנט.

— שאַט נישט! — האָט זיך טרוסאָצקי אָנגערופן.

דער קראַנקער איז פּלוצלינג אַנטשלאָפן געוואָרן, אין אַ מינוט נאָכדעם, ווי ער האָט זיך געלייגט. זיין גאַנצע איבערנאַ־טירלעכע אָנשטרענגונג אין משך פון גאַנצן טאָג בײַ זיין שוואַכן געזונט־צושטאַנד אין דער לעצטער צייט, האָט זיך פּלוצלינג ווי איבערגעריסן און ער איז געבליבן ליגן אָן כוחות ווי אַ קליין קינד. אָבער זיין ווייטיק האָט סוף כּל סוף באַקעמפט זיין מידקייט און שלאָף. אין אַ שעה אַרום האָט זיך וועלטשאַנינאָוו אויפגעכאַפּט און אין ווייען זיך אויפגעהויבן פון דער קאַנאַפּע. דער שטורעם איז איינגע שטילט געוואָרן. אין שטוב איז געווען אָנגערייכערט,

די פלאַש איז געשטאַנען אַ ליידיקע, און טרוסאָצקי איז געשלאָפן אויף דער צווייטער קאַנאַפּע.

טרוסאָצקי איז געלעגן אויסגעצויגן אויף דער קאַנאַפּע, מיטן קאָפּ צום קישן, אינגאַנצן נישט אויסגעטאָן און אין די שטיוול. זיין אַמאָליקע לאָרנעטע האָט זיך אַרויסגעגליטשט פון טאַש און זיך געצויגן אויף אַ שנירל שיער נישט ביז דער פּאָדלאָגע. וועל־טשאַנינאָוו האָט בייז געקוקט אויף אים און נישט גענומען איבע־רוועקן. איינקאָרטשנדיק זיך און שפּרינגענדיק איבער דער שטוב, ווייל ליגן האָט ער שוין נישט געהאַט קיין כוח, האָט ער געזיפצט און געקלערט וועגן זיין ווייטיק.

ער האָט זיך געשראָקן פאַר זיין ווייטיק אין ברוסט, און נישט אָן אַ סיבה. אַזעלכע אַטאַקן האָט ער שוין געהאַט פון לאַנג. זיי פלעגן אָבער באַ אים פּאָרקומען זייער זעלטן, איינמאָל אין אַ יאָר, אָדער צוויי יאָר. ער האָט געוווּסט, אַז דאָס קומט פון דער לעבער. לכתחילה האָט זיך אַלץ עפּעס ווי אָנגעזאַמלט אין איין אָרט אין דער ברוסט, אונטערן לעפעלע, אָדער העכער, און עס האָט אים אָנגעהויבן שטאַרק און שרעקלעך אויפרעגנד צו דריקן. פאַרגרעסערנדיק זיך אַמאָל כסדר אין משך פון צען שעה נאָכאַנאַנד, האָט די ווייטיק דערגרייכט צו אַזאַ מדרגה, דאָס דריקעניש איז געוואָרן אַזוי אומדערטרעגלעך, אַז דער קראַנקער האָט אָנגע־הייבן פשוט מורא האָבן פאַרן טויט. בשעת דער לעצטער אַטאַקע, וואָס איז געשען מיט אים אַן ערך מיט אַ יאָר צוריק, איז ער נאָך צען שעה שרעקלעכע ווייען, וואָס האָבן סוף־כל־סוף אויפגעהערט, פּלוצלינג אַזוי אָפּגעשוואַכט געוואָרן, אַז ליגנדיק אין בעט, האָט ער קוים געקענט רירן מיט דער האַנט, און דער דאָקטאָר האָט אים אין משך פון גאַנצן טאָג דערלויבט צו נעמען נאָר אַ פּאָר לעפע־לעך שוואַכע טיי און אַ קרישל ברויט צעווייקט אין בוליאָן, ווי אַ ברוסט־קינד. די קראַנקהייט איז געקומען פון פאַרשידענע סיבות,

...בער שטענדיק שוין באַ צעשטרייטע נערוון. די קראַנקהייט איז אויך פאַרבייגעגאַנגען אויף אַ משונהדיקן אופן: אַמאָל איז געלונגען זי פאַרכאַפּן באַלד באַם אָנהייב, אין דער ערשטער האַלבער שעה, מיט דער הילף פון פשוטע קאָמפּרעסן, און אַלץ איז באַלד אַדורכ־געגאַנגען. אָבער על פּי רוב, ווי דאָס איז געשען דאָס לעצטע מאָל, האָט גאָרנישט געהאָלפן, און דער שמערץ האָט אויפגעהערט נאָך אַ לאַנגן ברעכן. דער דאָקטאָר האָט דערנאָך דערקלערט, אַז ער איז געווען איבערצייגט, אַז וועלטשאַנינאָוו האָט זיך פאַר־סמט.

איצט ביז טאָג איז נאָך געווען לאַנג און באַנאַכט האָט זיך אים נישט געגלוסט צו שיקן נאָך אַ דאָקטאָר. ער האָט בכלל נישט ליב געהאַט קיין דאָקטוירים. ענדלעך האָט ער נישט אויסגעהאַלטן און אָנגעהויבן שטאַרק צו קרעכצן. די קרעכצן האָבן אויפגעוועקט טרוסאָצקין.

ער האָט זיך אויפגעהויבן אויף דער קאַנאַפּע און אַ געווויסע צייט געזעסן, צוהערנדיק מיט שרעק און קוקנדיק פאַרווונדערט אויף וועלטשאַנינאָוו, וואָס איז שיער נישט געלאָפן איבער ביידע שטובן. די אויסגעטרונקענע פלאַש, ווי עס ווייזט אויס אויך נישט ווי געווייינטלעך, האָט שטאַרק געווירקט אויף טרוסאָצקין און ער האָט לאַנג נישט געקענט זיך אָפּגעבן אַ דין וחשבון. ענדלעך האָט ער פאַרשטאַנען און זיך געוואָרפן צו וועלטשאַנינאָוו. דער לעצטער האָט אים עפּעס אָפּגעשטאַמלט אַלס ענטפער.

— דאָס איז באַ אייך פון דער לעבער, איך ווייס! — איז טרוסאָצקי געוואָרן שטאַרק לעבעדיק — מיט פּיאָטר קוזמיטשן באַ פּאָלאָסוכינען פלעגט אויך דאָס זעלבע געשען, פון דער לעבער. מען דאַרף צולייגן קאָמפּרעסן. פּיאָטר קוזמיטשן פלעגט מען שטענ־דיק מיט קאָמפּרעסן... מען קען דאָך שטאַרבן! איך וועל אַראָפּ־פליִען צו מאַווראַן, האַ?

— מען דאַרף נישט, מען דאַרף נישט! — האָט וועלטשאַ־נינאָוו אויפגערעגט אָפּגעשאָקלט מיט דער האַנט — מען דאַרף גאָרנישט.

אָבער טרוסאָצקי איז, גאָט ווייסט פאַרוואָס, געווען אויסער זיך, פונקט ווי עס וואָלט זיך געהאַנדלט וועגן מציל זיין אַן אייגן קינד. ער האָט נישט געוואָלט הערן און מיט אַלע כּוחות ווייטער געטענהט. אַז מען דאַרף צולייגן קאָמפּרעסן, און אַ חוץ דעם דאַרף ער אויסטרינקען אַ צוויי דריי גלעזער שוואַכע טיי, אָבער אויס־טרינקען מיטאַמאָל, — „נישט פּשוט הייסע טיי, נאָר בריִענדיקע!"

טרוסאָצקי איז פונדעסטוועגן אַראָפּגעלאָפן צו מאַווראַן, נישט דערוואַרטנדיק זיך אויף אַ דערלויבעניש, און צוזאַמען מיט איר צעלייגט אין קיך אַ פייער, פונאַנדערגעבלאָזן דעם סאַמאָוואַר. בינו־לבינו האָט ער באַוויזן איינצואָרדנען דעם קראַנקן, אים אָוועקגע־לייגט, אראָפּגענומען פון אים די אייבערשטע בגדים, איינגעוויקלט אין אַ קאָלדרע און סך הכּל אין צוואַנציק מינוט אַרום האָט ער אָנ־געגאָסן טיי און צוגעגרייט דעם ערשטן קאָמפּרעס.

— אָנגעוואַרעמטע טעלערס, אָנגעגליטע! — האָט ער שיִער נישט אַנטציקט אויסגעשריגן, אַרויפלייגנדיק אַן אָנגעגליטן טעלער, איינגעוויקלט אין אַ סערוועטל, אויף וועלטשאַנינאָווס קראַנקער ברוסט. — קיין אַנדערע קאָמפּרעסן זענען נישטאָ און ס׳דאַרף לאַנג געדויערן זיי צו מאַכן און איך שווער אייך בהון שלי, אַז מיט טעלערס איז אַמבעסטן. כ׳האָב אויסגעפּרוווט אויף פּיאָטר קוזמיטשן, מיט די אייגענע הענט און אויגן. שטאַרבן קען מען דאָך! טרינקט טיי, שלינגט. זאָל אייך נישט אַרן, אַז איר וועט זיך אָפּבריִען, דאָס לעבן איז טייערער...

טרוסאָצקי האָט אינגאַנצן דול געמאַכט די האַלב־שלעפעריקע מאַווראַ. ער האָט געביטן די טעלערס יעדע דריי, פיר מינוט. נאָכן דריטן טעלער און צווייטן גלעזל קאָכעדיקער טיי, וואָס ער האָט

אויסגעטרונקען מיט איין זופּ, האָט וועלטשאַנינאָוו פּלוצלינג דער־פילט, אַז ס'איז אים לייכטער געוואָרן.

— אַז די קראַנקהייט איז שוין איינמאָל געבראָכן געוואָרן, איז, דאַנקען גאָט, אַ גוטער סימן! — האָט טרוסאָצקי אויסגעשריגן און אַוועקגעלאָפן נאָך אַ נייעם טעלער און אַ נײַ גלעזל טיי.

— נאָר אינגאַנצן צונויפברעכן די ווייטיק, אַ ריר טון ז שמערצן פון אָרט! — האָט ער יעדע מינוט איבערגעחזרט.

אין אַ האַלבע שעה אַרום איז די ווייטיק אינגאַנצן שוואַכע געוואָרן, אָבער דער קראַנקער איז שוין געווען אַזוי אויסגעמאַטערט אַז וויפיל טרוסאָצקי האָט אים נישט געבעטן, האָט ער נישט מסכּ געווען אויסצוהאַלטן „נאָך אַ טעלערל". זיינע אויגן האָבן זיך צו געמאַכט פון שוואַכקייט.

— שלאָפן, שלאָפן! — האָט ער איבערגעחזרט מיט אַ שוואַך קול.

— דאָס אויך! — האָט מסכּים געווען טרוסאָצקי.

— איר נעכטיקט... ווי שפּעט איז?

— באַלד צוויי אַ זייגער, אַ פערטל שעה פעלט.

— נעכטיקט.

— אָבער דאָס איז דאָך אַ חלום, איך ווייס דאָך! — האָט ער געטראַכט, — איך ווייס, אַז איך האָב נישט געקענט איינ־שלאָפן און בין איצט אויפגעשטאַנען, ווייל איך האָב נישט גע־קענט איינליגן פון וואַרפן זיך אין אַנגסטן.

אָבער די געשרייען פון די מענטשן, זייערע באַוועגונגען און אַלץ איז געווען אַזוי אמתדיק, אַזוי ממשותדיק, אַז פון צייט צו צייט האָט ער אָנגעהויבן צווייפלען: „שוין־זשע איז דאָס בּ אמת נאָר אַ חלום? וואָס ווילן פון מיר די דאָזיקע מענטשן, גאָט מיי־נער? אָבער... ווען דאָס זאָל נישט זיין קיין חלום, איז עס דען מעגלעך, אַז אַזאַ געפּילדער זאָל ביז איצט נישט האָבן אויפגע־

וועקט טרוסאָצקין? אָט שלאָפט ער דאָך, אָט דאָרט אויף דער קאַנאַפּע."

ענדלעך איז עפּעס געשען, און ווידער אַמאָל פּונקט ווי דאַמאָלס אין יענעם חלום. אַלע האָבן זיך געלאָזט גיין צו די טרעפּ און זיך שרעקלעך געשטופּט אין דער טיר, ווייל פון די טרעפּ האָט זיך אַריינגעריסן אין שטוב אַ נייער המון. די דאָזיקע מענטשן האָבן געטראָגן עפּעס מיט זיך, עפּעס אַזוינס אַ גרויס און אַ שווערס, מען האָט געהערט, ווי זייערע טריט האָבן שווער אָפּגעהילכט אויף די טרעפּ און ווי זיי האָבן אייליק איבערגעשריגן איינער דעם צווייטן מיט זייערע פאַרסאַפּעטע קולות. אַלע אין שטוב האָבן געשריי געטון: „מען טראָגט, מען טראָגט!" אַלעמענס אויגן האָבן אויפגעבליצט און זיך געווענדט צו וועלטשאַנינאָוון. אַלע האָבן דראָענדיק אים און טריומפירנדיק, אָנגעוויזן אים אויף די טרעפּ. שוין נישט צווייפלענדיק דאָס מינדסטע, אַז דאָס איז נישט קיין חלום, נאָר אַן אמת, איז ער אויפגעשטאַנען אויף די שפּיץ-נעגל בכדי וואָס גיכער אַרומצוקוקן איבער די קעפּ פון די מענטשן וואָס אַזוינס טראָגן זיי דאָרט? דאָס האַרץ האָט אים שטאַרק, שטאַרק געקלאַפּט און פּלוצלינג, פּונקט-פּונקט ווי דאַמאָלס אין יענעם חלום, האָבן זיך דערהערט צוויי זייער שטאַרקע קלינג אין גלעקל. און ווידער זענען דאָס געווען אַזעלכע אמתע, אַזעלכע ממשותדיקע קלינג, אַז אַזאַ קלינגען וואָלט זיך שוין בשום אופן נישט געקענט חלומען!... וועלטשאַנינאָוו האָט אַ געשריי געטון און זיך אויפגעכאַפּט.

— כ'נעכטיק, כ'נעכטיק.

אין אַ מינוט אַרום האָט דער קראַנקער נאָכאַמאָל אַ רוף געטון טרוסאָצקין.

— איר... איר — האָט וועלטשאַנינאָוו אַ ברום געטון, ווען טרוסאָצקי איז צו אים צוגעלאָפן און זיך צו אים צוגעבויגן — איר

זענט בעסער פון מיר! איך פּאַרשטיי אַלץ... אַ דאַנק אייך, אַ דאַנק
— שלאָפט, שלאָפט! — האָט טרוסאָצקי שנעל געזאָגט און
אויף די שפּיץ נעגל וואָס גיכער אַוועקגעגאַנגען צו זיין קאַנאַפּע.
איינדרימלענדיק האָט דער קראַנקער נאָך געהערט, ווי טרו־
סאָצקי האָט שטיל אויף דער שנעל זיך אויסגעבעט, זיך אויסגע־
טון און ענדלעך, פאַרלעשנדיק דאָס ליכט און קוים אָטעמענדיק,
בכדי נישט צו מאַכן קיין טומל, זיך אויסגעצויגן אויף זיין קאַנאַפּע.
וועלטשאַנינאָוו איז בלתּי ספק געשלאָפן און איז איינגע־
שלאָפן באַלד דערנאָך, ווי די ליכט זענען פאַרלאָשן געוואָרן. ער
האָט זיך דאָס שפּעטער באַלד דערמאַנט, אָבער אין משך פון דער
גאַנצער צייט וואָס ער איז געשלאָפן, ביז דער לעצטער מינוט.
ווען ער האָט זיך אויפגעכאַפּט, האָט ער געזען אין חלום, אַז ער
איז נישט געשלאָפן, און אַז ער קען כּלומרשט נישט איינשלאָפן,
נישט קוקנדיק דערויף, וואָס ער איז אַזוי שוואַך.
ענדלעך האָט זיך וועלטשאַנינאָוון געחלומט, אַז אים הייבן
אָן צו פּייניקן האַלוצינאַציעס און אַז ער קען בשום אופן נישט
פאַריאָגן די געשעעניען, וואָס שטופּן זיך אַרום אים. נישט קוקנדיק
אויפן פולן באַוווּסטזיין, אַז דאָס איז נאָר אַ חלום און נישט קיין
ווירקלעכקייט. די זעענישן זענען אַלץ געווען באַקאַנטע. זיין שטוב
איז ווי אינגאַנצן געווען פול מיט מענטשן, און די טיר דרויסן
אַרויס איז אָפן. מענטשן זענען אַריינגעקומען מאַסנווייז און זיך
געשטופּט אויף די טרעפּ. באַם טיש, וואָס איז געווען אַוועקגע־
שטעלט אינמיטן שטוב, איז געזעסן איינער אַ מענטש — גענוי, ווי
דאַמאָלס אין חלום, וואָס ער האָט געזען מיט אַ חודש צוריק. און
פּונקט ווי דאַמאָלס איז דער דאָזיקער פּאַרשוין געזעסן אָנגעלענט
אויפן עלנבויגן און נישט געוואָלט רעדן. אָבער איצט האָט ער גע־
טראָגן אַ רונדיקן קאַפּעלוש מיט קרעפּ. „וואָס הייסט? שוין־זשע,
איז עס דאַמאָלס אויך געווען טרוסאָצקי?" — האָט וועלטשאַנינאָוו

א טראַכט געטון, אָבער קיקנדיק אויפֿן פּנים פֿון שווייגנדיקן פֿאַר-
שוין, האָט ער זיך איבערצייגט, אַז ער איז גאָר אַן אַנדערער.
„פּאַרוואָס-זשע טראָגט ער קרעפּ?" — האָט זיך געוואונדערט וועלטשאַ-
נינאָוו. דער טומל, דאָס גערעדעכץ און די געשרייען פֿון די
מענטשן, וואָס האָבן זיך געשטופּט באַם טיש זענען געווען שרעק-
לעך, עס האָט זיך אויסגעוויזן, אַז די דאָזיקע מענטשן זענען געווען
נאָכמער בייז אויף וועלטשאַנינאָוו, ווי דאַמאָלס אין יענעם חלום.
זיי האָבן אים געדראָט מיט די הענט און מיט אַלע כּוחות, עפּעס
געשריגן צו אים, וועגן וואָס — האָט ער בשום אופֿן זיך נישט
געקענט פֿונאַנדערקלויבן.

אָבער ער האָט זיך נישט געלאָזט, ווי דאַמאָלס, לויפֿן צו
דער טיר, עפּעס אַ געדאַנק האָט געלענקט זיין ערשטע באַוועגונג,
און די האָט ער בכלל געהאַט אין דעם אויגנבליק עפּעס אַ געדאַנק,
אָבער ווי עמעצער וואָלט אים אונטערגעזאָגט, וואָס מען דאַרף
טון: ער האָט זיך אויפֿגעכאַפּט פֿון בעט, זיך געוואָרפֿן מיט אויס-
געשטרעקטע הענט. ווי באַשיצנדיק זיך און אַקעגנשטעלנדיק זיך
אַן אָנפֿאַל גלייך פֿון דער ריכטונג, וווּ טרוסאָצקי איז געשלאָפֿן.
זיינע הענט האָבן זיך באַלד צונויפֿגעשטויסן מיט אַנדערע הענט,
וואָס זענען שוין געווען אויסגעשטרעקט איבער אים, און ער האָט
זיי פֿעסט אָנגעכאַפּט. עמעצער איז, ווייזט אויס, שוין געשטאַנען
איבער אים איינגעבויגן. די פֿאָרהאַנגען זענען געווען אַראָפּגעלאָזט,
אָבער עס איז נישט געווען אינגאַנצן פֿינסטער, ווייל פֿון דער
צווייטער שטוב, וווּ ס'זענען נישט געווען אַזעלכע פֿאָרהאַנגען, האָט
זיך שוין אַדורכגעשלייכט אַ בלאַסער פֿאַס ליכט. פּלוצלינג האָט
עפּעס שמערצלעך אים אַ שניט געטון אין דער דלאָניע און אין ד'
פֿינגער פֿון דער לינקער האַנט און ער האָט אויגנבליקלעך פֿאַר-
שטאַנען, אַז ער האָט זיך אָנגעכאַפּט פֿאַר דער שאַרף פֿון אַ מעסער,
אָדער אַ גאָל-מעסער און פֿעסט צוזאַמענגעקוועטשט אין דער האַנט...

אין דעם זעלבן אויגנבליק איז עפּעס שווער און איינטאָניק אַ פאַל געטון אויף דער ערד...

וועלטשאַנינאָוו איז געווען אפשר דריי מאָל שטאַרקער פון טרוסאָצקין, אָבער דער קאַמף צווישן זיי ביידע האָט געדויערט לאַנג, גאַנצע דריי מינוט. וועלטשאַנינאָוו האָט גיך איינגעבויגן טרו-סאָצקין, פאַרדרייט אים הינטן אַרום די הענט, און עפּעס האָט זיך אים אומבאַדינגט פאַרגלוסט צו בינדן די דאָזיקע פון הינטן-אַרום אויסגעדרייטע הענט. ער האָט גענומען טאַפּן און זוכן מיט דער רעכטער האַנט, צוהאַלטנדיק דעם מערדער מיט דער לינקער האַנט, די שנור פון פענסטער-פאָרהאַנג האָט ער לאַנג נישט געקענט געפינען, אָבער סוף-כּל-סוף האָט ער אָנגעכאַפּט די שנור און זי אַראָפּגעריסן פון פענסטער. ער האָט זיך אַליין דערנאָך געוווּנדערט, פונוואַנען האָט זיך גענומען צו אים אַזאַ אומנאַטירלעכע קראַפט, וואָס מען האָט דערצו געדאַרפט האָבן. אין די אַלע דריי מינוט האָבן סיי וועלטשאַנינאָוו און סיי טרוסאָצקי נישט אַרויסגערעדט קיין איין וואָרט. עס האָט זיך נאָר געהערט זייער שווער אָטעמען און דער דערשטיקטער גערויש פון זייער קאַמף. ענדלעך האָט וועלטשאַנינאָוו, צונויפקוועטשנדיק און צוזאַמענבינדנדיק טרוסאָצקין די הענט הינטן-אַרום, אים אַוועקגעוואָרפן אויף דר'ערד, אָפּגעריסן פון פענסטער די פאָרהאַנג און אויפגעהויבן די שטאָרן. אויף דער איינזאַמער גאַס איז שוין געווען ליכטיק. עפענענדיק דאָס פענס-טער, איז ער אָפּגעשטאַנען אַ פּאָר מינוט, איינאָטעמענדיק טיף די לופט. עס איז שוין געווען נאָך פיר אַ זייגער. פאַרמאַכנדיק דאָס פענסטער, איז ער שנעל צוגעגאַנגען צו דער שאַנק, אַרויסגענומען אַ ריין האַנטוך און פעסט אַרומגעבונדן די לינקע האַנט, כּדי איינ-צוהאַלטן דאָס בלוט, וואָס איז כּסדר גערינען. גייענדיק האָט ער זיך אָנגעשטויסן מיט די פיס אויפן אויפגעמאַכטן גאָל-מעסער, וואָס איז געלעגן אויפן דיוואַן. ער האָט עס אויפגעהויבן, פאַרמאַכט,

אַריינגעלייגט אין שאַכטל, וואָס ער האָט נעכטן אינדערפרי פּאַר־געסן אויפן קליינעם טישל לעבן דער קאַנאַפּע, אויף וועלכער טרו־סאָצקי איז געשלאָפן, און האָט איינגעשלאָסן דאָס שאַכטל אין ביו־ראָ־טיש, האָבנדיק שוין דאָס אַלץ אָפּגעטון, איז ער צוגעגאַנגען צו טרוסאָצקין און אים גענומען באַטראַכטן פון אַלע זייטן.

בינו לבינו האָט טרוסאָצקי מיט אַ געוואַלטיקער אָנשטרענגונג באַוויזן אויפצושטיין פון דיוואַן און אַוועקזעצן זיך אויף אַ שטול. ער איז נישט געווען אַנגעטון, אין דער בלויזער וועש, אפילו אָן שטיוול. זיין העמד איז אויף דער פּלייצע און באַ די אַרבל געווען איינגעגעצט אין בלוט. אָבער דאָס איז נישט געווען זיין בלוט, נאָר פון וועלטשאַנינאָווס איינגעשניטענער האַנט. דאָס איז, פאַר־שטייט זיך, געווען טרוסאָצקי. אָבער מען האָט אים אין דער ער־שטער מינוט כמעט נישט געקענט דערקענען, ווען מען וואָלט אים אזוי פּלוצלינג געטראָפן — אַזוי שטאַרק האָט זיך געענדערט זיין אויסזען.

טרוסאָצקי איז געזעסן אויפן בענקל, אויסגלייכנדיק זיך נישט געשיקט צוליב די צוזאַמענגעבונדענע הענט, מיט אַ פאַרקרומט, פאַרמאַטערט און גרין געוואָרן פּנים, אויפציטערנדיק פון צייט צו צייט מיט אַ שאַרפן, אָבער עפּעס אַ טונקעלן, ווי נאָך נישט אונ־טערשיידנדן בליק האָט ער געקוקט אויף וועלטשאַנינאָוון. פּלוצלינג האָט ער זיך גראָב צעשמייכלט און שאָקלענדיק מיטן קאָפּ אויפן פלעשל מיט וואַסער, וואָס איז געשטאַנען אויפן טיש, האָט ער שטיל פּליסטערנדיק אַ זאָג געטון:

— אַ ביסל וואַסער.

וועלטשאַנינאָוו האָט אים אָנגעגאָסן און אים געגעבן טרינקען פון זיינע הענט. טרוסאָצקי האָט זיך דורשטיק אַ כאַפּ ג[...] טון צום וואַסער. מאַכנדיק דריי שלינג, האָט ער אויפגעהויבן ד[...] קאָפּ. געוואָרפן אַ שאַרפן בליק אויף וועלטשאַנינאָוון, וואָס איז ג[...]

שטאַנען אַנטקייגן אים מיט דעם גלאָז אין דער האַנט. אָבער ער האָט זיך גאָרנישט אָנגערופן און גענומען ווייטער טרינקען, אָנטרינקענדיק זיך, האָט ער טיף אָפּגעזיפצט. וועלטשאַנינאָוו האָט גענומען זיין קישן, מיטגענומען זיינע אייבערשטע בגדים און אַוועקגעגאַנגען אין דער צווייטער שטוב, פאַרמאַכנדיק טרוסאָצקין אין דער ערשטער שטוב אויפן שלאָס.

זיין פריערדיקע ווייטיק איז אינגאַנצן אַריבערגעגאַנגען. אָבער ער האָט זיך ווידער דערפילט זייער שוואַך נאָך זיין איצטיקער אויגנבליקלעכער אָנשטרענגונג, איין גאָט ווייסט. מיט וואָסערע כוחות ער האָט געפּרוּווט אָפּגעבן זיך אַ דין וחשבון פון דעם אַלעם, וואָס איז פאָרגעקומען, אַבער ער האָט נאָך נישט געקענט צונויפזאַמלען די געדאַנקען; דער שטויס איז געווען צו שטאַרק. די אויגן האָבן זיך אים צוגעמאַכט, אָפּט אפילו אויף גאַנצע צען מינוט, אָבער ער פלעגט באַלד פלוצלינג אויפציטערן, אויפכאַפּן זיך און זיך דערמאַנט אַלץ. ער האָט זיך דערמאַנט וועגן זיין האַנט, וואָס האָט אים שרעקלעך געשמאַרצט איינגעוויקלט אין אַ האַנטוך, וואָס איז געווען נאַס פון בלוט — און ער האָט גענומען פיבערהאַפט טראַכטן. איינס האָט ער קלאָר פעסטגעשטעלט: אַז טרוסאָצקי האָט אים באמת געוואָלט שחטן, און אז ער האָט אָבער מיט אַ פערטל שעה צוריק אַליין נישט געוווּסט, אַז ער וועט שחטן וועלטשאַנינאָוון. טרוסאָצקי האָט, קען זיין, היינט אין אָוונט באַמערקט, פאַרבייגייענדיק, דאָס שאַכטל מיטן גאָל־מעסער, אָבער עס האָט נישט דערוועקט אין אים קיין שום באַזונדערע מחשבה און עס איז בלויז פאַרבליבן אין זיין זכרון. (דאָס גאָל־מעסער איז שטענדיק געלעגן אין ביוראָ־טיש פאַרשלאָסן און פאַר נעכטן אינדערפרי האָט וועלטשאַנינאָוו עס אַרויסגענומען, בכדי אונטערצוגאָלן די איבעריקע האָר באַ די וואָנסעס און באַקן־בערד, וואָס ער האָט פון צייט צו צייט געטון.

„אויב ער וואָלט שוין פון לאַנג געפּלאַנט מיך צו דערהרגע־

געז, וואָלט ער זיכער צוגעגרייט פֿון פֿריער אַ מעסער, אָדער אַ רעוואָלווער און וואָלט נישט גערעכנט אויף מיין גאָל-מעסער, וואָס ער האָט ביז נעכטן אין אָוונט קיינמאָל נישט געזען" — האָט ער געטראַכט.

ענדלעך האָט געשלאָגן זעקס אַ זייגער אינדערפרי, וועלטשאַנינאָוו האָט זיך אויפגעכאַפּט, זיך אָנגעטון און אַריינגעגאַנגען צו טרוסאָצקין. עפענענדיק די טיר האָט ער נישט געקענט פֿאַרשטיין; פֿאַרוואָס האָט ער פֿאַרשלאָסן טרוסאָצקין און פֿאַרוואָס האָט ער אים באַלד נישט אַרויסגעלאָזט אויף דער גאַס? צו זיין גרויסער פֿאַרוווּנדערונג איז דער אַרעסטאַנט שוין געווען כמעט אינגאַנצן אָנגעטון. ער האָט מסתּמא געפֿונען עפּעס אַ פֿאַרטל זיך אויפצובינדן. ער איז געזעסן אויף אַ שטול, אָבער ווען וועלטשאַנינאָוו איז אַריינגעקומען, איז ער באַלד אויפגעשטאַנען. ער האָט שוין געהאַלטן דעם קאַפּעלוש אין דער האַנט. זיין ציטערדיקער בליק האָט, ווי איילנדיק, געזאָגט:

— הייב נישט אָן צו רעדן, נישטאָ וואָס אָנצוהייבן. איבעריק דאָס גאַנצע רעדן...

— גייט! — האָט געזאָגט וועלטשאַנינאָוו — נעמט אייער שאַכטעלע מיטן אָרעם-באַנד! — האָט ער צוגעגעבן. ווען טרוסאָצקי האָט זיך שוין גערירט פֿון אָרט.

טרוסאָצקי איז צוריקגעגאַנגען, זייענדיק שוין בײַ דער טיר, אַראָפּגעכאַפּט פֿון טיש דאָס שאַכטעלע מיטן אָרעם-באַנד, אַריינגערוקט אין טאַש און אַרויסגעגאַנגען. וועלטשאַנינאָוו איז געשטאַנען בײַ דער טיר, בכדי זי הינטער אים צו פֿאַרמאַכן. זייערע בליקן האָבן זיך דאָס לעצטע מאָל צונויפֿגעטראָפֿן. טרוסאָצקי האָט זיך פּלוצלינג אָפּגעשטעלט, ביידע האָבן אַן ערך פֿינף סעקונדן געקוקט איינער דעם צווייטן אין די אויגן, — ווי זיי וואָלטן זיך געקווענקלט.

ענדלעך האָט װעלטשאַנינאָװ שװאַך א פּאַך געטון אױף אים מיט דער האַנט.

— נו, גײט! — האָט ער מיט אַ האַלב קול געזאָגט און פאַרמאַכט די טיר אױפן שלאָס.

XVI.

## אַנאַליז

חעלטשאַנינאָוון האָט באַהערשט אַ געפיל פון אַן אויסערגעוויינטלעכער, געוואַלטיקער פרייז. עפּעס האָט זיך געענדיקט, אויפ[illegible]לעזט. עפּעס אַ שוידערלעכער עגמת־נפש האָט זיך מיטאַמאָל פון [illegible] אָפּגעטון און אינגאַנצן צעשטרייט געוואָרן, אַזוי האָט זיך אים [illegible] געוויזן. פינף וואָכן האָט עס געדויערט. ער האָט אויפגעהויבן [illegible] האַנט, אַ קוק געטאָן אויפן האַנטוך, וואָס איז פאַרנעצט געוואָרן [illegible] בלוט, און אַ ברום געטאָן צו זיך:

— „ביין, איצט האָט זיך שוין אַלץ אינגאַנצן געענדיקט!“

און אין משך פון גאַנצן פרימאָרגן האָט ער צום ערשטן [illegible] אין די דריי וואָכן, כמעט אינגאַנצן נישט געטראַכט וועגן ליזאַן, ווי מיטן בלוט פון די איינגעשניטענע פינגער וואָלט ער זיך געקע[illegible] „אָפּפּאַרטיקן“ אויך מיטן דאָזיקן עגמת־נפש.

ער האָט קלאָר געוווּסט, אַז ער האָט אויסגעמיטן אַ שרעקלעכע סכנה. „די דאָזיקע מענטשן – האָט ער געטראַכט — אָט [illegible] מענטשן, וואָס מיט אַ מינוט פריער ווייסן זיי נישט, צי זיי וועלן יאָ שעכטן, אָדער נישט, אַז זיי נעמען שוין דאָס מעסער אין זייער האַנט און ווי נאָר זיי דערפילן דעם ערשטן שפריץ פון הייס [illegible] [illegible] רע פינגער — איז נאָך ווייניק, וואָס זיי וועלן שחטן, [illegible] [illegible]אינגאַנצן דעם קאָפּ אַראָפּשניידן „אַראָפּדרייען ס'קעפּל“ — [illegible]סטשניקעס דריקן זיך אויס, אַזוי איז עס.

ער האָט נישט געקענט פאַרבלייבן אינדערהיים און איז אַרויס־געגאַנגען אויף דער גאַס, זייענדיק איבערצייגט, אַז מען דאַרף אומבאַדינגט עפּעס טון, אָדער אַז עס וועט אומבאַדינגט באַלד עפּעס מיט אים פּאַרקומען. ער איז געגאַנגען איבער די גאַסן און געוואַרט. אים האָט זיך זייער שטאַרק געגלוסט צו טרעפן זיך מיט עמעצן, מיט עמעצן אַ שמועס טון, זאָל זיין אַפילו מיט אַן אומבאַקאַנטן, און נאָר דאָס האָט אים סוף כּל סוף אַרויסגעפירט אויפן געדאַנק וועגן דאָקטאָר און וועגן דעם, אַז מען דאַרף ווי גיכער באַנדאַזשירן די האַנט. דער דאָקטאָר, זיינער אַן אַלטער באַקאַנטער, האָט, באַטראַכטנדיק די וווּנד, געפרעגט נייגעריק:

— ווי אַזוי האָט דאָס געקענט געשען?

וועלטשאַנינאָוו האָט זיך אַרויסגעדרייט מיט אַ וויץ, האָט געלאַכט און שיִער נישט אַלץ דערציילט, אָבער ער האָט זיך איינגעהאַלטן. דער דאָקטאָר איז געווען געצוווּנגען אים אַ טאַפּ טון דעם פּולס און דערוויסנדיק זיך וועגן דער אַטאַקע נעכטן באַנאַכט, האָט ער אים צוגערעדט איינצונעמען תּיכּף עפּעס אַ באַרויִקנדע רפואה, וואָס ער האָט געהאַט אונטער דער האַנט. בנוגע דעם שניט האָט ער אים אויך באַרויִקט.

— קיין באַזונדער שלעכטע פאָלגן קענען נישט זיין!

וועלטשאַנינאָוו האָט זיך צעלאַכט און אָנגעהויבן אים פאַרזיכערן, אַז עס האָבן זיך שוין אַרויסגעוויזן אויסגעצייכנטע פאָלגן. און נאָך צוויי מאָל האָט ער אין משך פון דעם טאָג שיִער זיך נישט געקענט איינהאַלטן נישט צו דערציילן אַלץ, איינמאָל אַפילו מיט אַ פולשטענדיק אומבאַקאַנטן מענטש, מיט וועלכן ער אַליין האָט צום ערשטן מאָל פאַרפירט אַ שמועס, אין אַ צוקערניע. ביז איצט פלעגט ער נישט קענען ליידן צו פאַרפירן שמועסן מיט אומבאַקאַנטע מענטשן אין עפנטלעכע ערטער.

וועלטשאַנינאָוו איז אַריינגעגאַנגען אין געשעפטן, געקויפט אַ

ציטונג, אָפּגעטרעטן באַ זיין שניידער און זיך באַשטעלט אַ מלבוש. באַזוכן די פּאַגאַרעלצעווס איז אים איצט ווייטער געווען נישט אָנגענעם, אין ער האָט געטראַכט וועגן זיי ער האָט אויך נישט געקענט אויסקגיין צו זיי אויף דער זומער-וווינונג: ער האָט כסדר וויעפּעס דערוואַרט אין דער שטאָט. געגעסן מיטאָג האָט ער מיט גרויס פאַרגעניגן און אַ שמועס געטון מיטן קעלנער און מיט זיין שכן, וואָס האָט געגעסן מיט אים באַ איין טיש. נאָכן מיטאָג האָט ער איינגעטרונקען אַ האַלבע פלאַש וויין. אַז די נעכטיקע קאַנוווּלסיע קען זיך נאָכאַמאָל צוריקקערן, האָט ער נישט געקלערט. ער איז געווען איבערצייגט, אַז די קראַנקהייט איז אינגאַנצן אַדורכגעגאַנגען אין דער זעלבער מינוט, ווען ער איז, איינשלאָפנדיק נעכטן אָן כוחות, אין אַ האַלבער שעה אַרום אויפגעשפּרונגען פון בעט און מיט אזאַ קראַפט אַנידערגעוואָרפן זיין קעגנער אויף דער פּאָדלאָגע. פונדעסטוועגן האָט אים אָנגעהויבן באַהערשן עפּעס ענלעכס צום געכטיקן חלום אין היץ. ער איז צוריקגעקומען אַהיים, ווען עס איז שוין אינגאַנצן פינסטער געוואָרן און האָט זיך כמעט דערשראָקן פאַר זיין שטוב, אַריינקומענדיק. אַלץ אין דער שטוב האָט זיך אים אויסגעוויזן שרעקלעך און גרויזאַם. ער איז אייניקע מאָל אַדורכגעגאַנגען איבער דער שטוב און אפילו אַריינגעגאַנגען אין קיך, ווו זיין פוס איז נאָך כמעט קיינמאָל נישט געווען.

„דאָ האָבן זיי נעכטן געוואַרעמט די טעלערס" — האָט ער געקלערט. ער האָט צוגעמאַכט פעסט די טיר און פריער ווי געווינטלעך אויסגעלאָשן דאָס ליכט. פאַרמאַכנדיק די טיר, האָט ער זיך דערמאַנט, אַז מיט אַ האַלבער שעה צוריק פאַרבייגייענדיק לעבן דער דירה פון הויז-וועכטער, האָט ער אַרויסגערופן מאַווראַן און זי געפרעגט:

— האָט נישט אין מיין אָפּוועזנהייט אָפּגעטרעטן דאָ טרוסאָצקי? — פונקט ווי ער וואָלט באמת געקענט באַ אים אָפּ

פאַרשליסנדיק זיך פון אַלע זייטן, האָט ער אויפגעעפנט דאָס שיפלאָד פון ביוראָ־טיש, אַרויסגענומען דאָס שאַכטל מיטן גאָל־מעסער און אויפגעמאַכט דאָס „נעכטיקע" גאָל־מעסער, בכדי אַ קוק צו טון אויף אים. אויפן ווייסן ביינערנעם הענטל זענען פאַרבליבן בלאַסע שפורן פון בלוט. ער האָט ווידער אַריינגעלייגט דאָס גאָל־מעסער אין שאַכטל און עס פאַרשלאָסן אין ביוראָ־טיש. ער האָט געוואָלט שלאָפן. ער האָט געפילט, אַז ער מוז אומבאַדינגט זיך תיכּף לייגן, אַז נישט וועט ער מאָרגן „אינגאַנצן זיין אויס מענטש". און דער מאָרגנדיקער טאָג האָט זיך אים פאַרוואָס־עס־איז פאָרגעשטעלט ווי אַ „פאַטאַלער", אַן „אַנטגילטיקער". אָבער די אַלע מחשבות, וואָס האָבן אים אויך אויף דער גאַס דעם גאַנצן טאָג נישט אָפּגע־לאָזט — האָבן זיך איצט צונויפגעזאַמלט און געקלאַפּט אין זיין קראַנקן קאָפּ אומאויפהערלעך און שרעקלעך, און ער האָט אַלץ געטראַכט, געטראַכט און געטראַכט און נאָך לאַנג נישט געקענט איינשלאָפן . . .

. . . אויב עס איז שוין זיכער, אַז פּלוצלינג איז אים איינגעפאַלן מיך צו שעכטן — האָט ער אַלץ געטראַכט און געטראַכט — צי איז אים די דאָזיקע מחשבה איינגעפאַלן כאָטש איין מאָל פריער, זאָל זיין אפילו נאָר אין דער פאָרם פון אַ נעפּלהאַפטער שטרע־בונג אין אַ שלעכטער מינוט?

ער האָט די דאָזיקע פראַגע פאַרענטפערט אויף אַ משונה־דיקן אופן: דהיינו, „אַז טרוסאָצקי האָט אים טאַקע געוואָלט הרגע־נען, אָבער דער געדאַנק וועגן מאָרד איז קיינמאָל נישט איינגע־פאַלן אין קאָפּ דעם קומענדיקן מערדער". קורצער: טרוסאָצקי האָט געוואָלט הרגענען, אָבער ער האָט נישט געוווסט, אַז ער וועט הרגענען. דאָס איז אַ זינלאָזיקייט, אָבער עס איז אַזוי. — האָט געטראַכט וועלטשאַנינאָוו, — „נישט בכדי אַ פּאָסטן צו זוכן און נישט צוליב באַגאַאוטאָוון איז ער געקומען אַהער, הגם ער האָט

דאָ אויך געזוכט אַ פּאָסטן און פּלעגט אַריינלויפן צו באַגאַאוטאָהן, און האָט זיך שרעקלעך צעבייזערט, ווען דער פּיצטער איז געשטאָרבן. באַגאַאוטאָון האָט ער פיינט געהאַט ווי אַ שפּין און אויך צוליב מיר איז ער אַהערגעקומען און געקומען צו פאָרן מיט ליזאַן...

„און צי האָב איך אַליין דערוואַרט, אַז ער... וועט מיך שחטן?" ער האָט באַשלאָסן, אַז יאָ. ער האָט דאָס דערוואַרט טאַקע פון דערזעלבער רגע אָן, ווען ער האָט דערזען טרוסאָצקין אין דער קאַרעטע בשעת באַגאַוטאָווס לוויה. „איך האָב ווי אָנגעהויבן וואַרטן אויף עפּעס, אָבער... פאַרשטייט זיך, נישט אויף אַזאַ זאַך. פאַרשטייט זיך נישט דערויף, אַז ער וועט מיך שחטן!...

— „און שוין־זשע איז געווען אמת דאָס אַלץ — האָט וועלטשאַנינאָוו ווידער אויסגעשריגן, אויפהייבנדיק פּלוצלינג דעם קאָפּ פון קישן און אויפעפענענדיק די אויגן — דאָס אַלץ, וואָס דער דאָזיקער... משוגענער האָט מיר אָנגעדולט נעכטן דעם קאָפּ וועגן זיין ליבשאַפט צו מיר, ווען דער גוידער האָט באַ אים אַ ציטער געטון און ער האָט זיך אַ קלאַפּ געטון מיט דער פויסט אין דער ברוסט?"

— „פולשטענדיק אמת" — האָט ער באַשלאָסן, פאַרטיפנדיק זיך אומאויפהערלעך און אַנאַליזירנדיק — דער דאָזיקער קוואַזימאָדאָ פון ט. איז געווען גאַנץ גענוג נאַריש און איידל דערויף, אַז ער זאָל זיך פאַרליבן אין געליבטן פון זיין פרוי, אין וועלכן ער האָט אין משך פון צוואַנציק יאָר גאָרנישט באַמערקט! ניין יאָר האָט ער געהאַט פאַר מיר דרך־ארץ, געערט מיין אָנדענקען און איינגעקריצט אין זכרון מיינע „סענטענצן" — און איך האָב וועגן דעם אַלעם גאָרנישט געוווסט! ער האָט נעכטן נישט געקענט זאָגן אַ ליגנט! צי האָט ער מיך אָבער ליב געהאַט נעכטן, ווען ער האָט זיך דערקלערט אין ליבע און געזאָגט: לאָמיר אויסגלייכן די חשבונות?"

יאָ, פון זיין גרויס רשעות האָט ער מיך ליב געהאַט. דאָס איז די שטאַרקסטע ליבע...

„און עס האָט דאָך געקענט זיין, אַז עס איז זיכער אַזוי געווען, אַז איך האָב געמאַכט אויף אים אין ט. אַ קאָלאָסאַלן איינדרוק, טאַקע אַ קאָלאָסאַלן און „דערקוויקנדן" איינדרוק, און מיט אַזאַ שילערין, אין דער פאַרקערפּערונג פון קוואַזימאָדאָן, האָט געקענט אַזוינס פּאַרקומען! ער האָט מיך מגזם געווען הונדערט מאָל אַזוי פיל, ווייל איך האָב אים שוין צופיל איבעראַשט אין זיין פּילאָזאָפישער איינזאַמקייט... עס איז אינטערעסאַנט צו וויסן, מיט וואָס אַזוינס איך האָב אים איבעראַשט? אפשר מיט מיינע בייעהענטשקעס און מיט מיין עלעגאַנטער קליידונג! די קוואַזימאָדאָס האָבן ליב עסטעטיק, אַך, ווי זיי האָבן ליב! הענטשקעס זענען גאַנץ גענוג פאַר אַן איידעלע נשמה, בפרט נאָך פאַר „אייביקע" מענער. דאָס איבעריקע גיבן זיי שוין אַליין צו טויזנט מאָל אַזוי פיל און וועלן זיך שלאָגן מיט אייך, אויב איך וועט זיך דאָס פאַרגליסטן. ער האָט אַזוי הויך געשעצט מיינע צוציִונגס־מיטלען! עס קען זיין, אַז טאַקע מיינע דאָזיקע צוציִונגס־מיטלען האָבן אים מער פון אַלץ איבעראַשט און זיין אויסרייד דאַמאָלס: „אויב אויך ד ע ר שוין נישט, טאָ וועמען קען מען שוין שפּעטער גלייבן!" נאָך אַזאַ אויסגעשרייען מען באמת ווערן אַ ווילדע חיה!...

„הם! ער איז געקומען אַהער", בכדי מיך „אַרומצוהאַלדזן און זיך אויסוויינען", ווי ער האָט זיך אויף אַ נידערטרעכטיקן אופן אויסגעדריקט. דאָס הייסט, ער איז געקומען, בכדי מיך צו שחטן און האָט געטראַכט, אַז ער פאָרט מיך „אַרומהאַלדזן און זיך אויסוויינען"... ער האָט אויך ליזאַן געבערענגט. און וואָס: אויב איך וואָלט זיך נישט מיט אים צעוויינט, וואָלט ער אפשר באמת מיר מוחל געווען, ווייל ער האָט זייער געגאַרט מיר מוחל צו זיין!... דאָס אַלץ האָט מיך באַם ערשטן צוזאַמענשטויס פאַרוואַנדלט אין אַ שיכורן

ברעכן זיך אַליין, אין אַ קאַריקאַטור און אין אַן עקלהאַפט ווייבעריש־ קלאָגן ווענן דער חרפה, וואָס מען האָט אים פאַרשאַפט. הערנער, (הערנער האָט ער זיך געמאַכט אויפן שטערן!) דערפאַר איז ער אויך שטענדיק געקומען טויט־שיכור, בכדי, ברעכנדיק זיך, אַרויסצו־ זאָגן דאָס, וואָס ער האָט געוואָלט. נישט שיכורערהייט וואָלט ער דאָך נישט געקענט.

„און ווי שטאַרק ער האָט ליב געהאַט זיך ברעכן, דער דאָ־ זיקער „אייביקער מאַן!" אַך, ווי ער האָט ליב געהאַט! ווי צופרידן ער איז געווען, ווען ער האָט מיך געצווונגען, איך זאָל זיך קושן מיט אים! אָבער ער האָט דאַמאָלס נישט געוווסט, מיט וואָס ער וועט ענ־ דיקן: צי ער וועט מיך אַרומהאַלדזן, אָדער שחטן? אַרויסגעקומען איז, פאַרשטייט זיך, בעסער פון אַלץ: אי דאָס, אי יענץ צוזאַמען. די נאַטירלעכע לעזונג! — יאָ, די נאַטור האָט נישט ליב קיין קריפּ־ לען און פּאַטשט זיי אויס מיט אָט די „נאַטירלעכע לעזונגען". דער גרעסטער קריפּל — איז אַ קריפּל מיט איידעלע געפילן! די נאַטור טוט געבוירן דעם קריפּל, אָבער אָנשטאָט דעם, בכדי אויף אים רחמנות צו האָבן, שטראָפט זי אים — אַזוי איז עס! אַרומהאַלדזע־ נישן און טרערן פון פאַרגעבונג גייען אַפילו בײַ די אָרנטלעכע מענטשן אין אונדזער דור, נישט לייכט אַדורך און בפרט בײַ אַזעלכע פאַרשוינבען, ווי איך מיט אייך, טרוסאָצקי!"

„יאָ, ער איז געווען גענוג נאַריש דערצו, מיך אָהינצופירן צו זיין כלה. רבונו של עולם! אַ כלה! נאָר אַזאַ קוואַזימאָדאָן האָט געקענט איינפאַלן דער געדאַנק וועגן „אויפשטיין תחיית המתים צו אַ נײַ לעבן" דורך דער אומשולדיקייט פון פריילין זאַכליאַב־ קין! אָבער איר טרוסאָצקי זענט נישט שולדיק; ניין, איר זענט נישט שולדיק; איר זענט אַ קריפּל, און דערפאַר קומט אַלץ בײַ אייך אַרויס אַזוי שלימזלדיק, סיי אייערע חלומות און סיי אייערע האָפנונגען. אָבער הגם איר זענט אַ קריפּל, האָט איר פאַרט אַ

צווייפל געטון אין אייער האָפנונג, צוליב וואָס איר האָט זיך גע־
בייטיקט אין דער הויכער סאַנקציע פון זייער געערטן הער וועל־
טשאַנינאָוו! איר האָט געדאַרפט האָבן וועלטשאַנינאָווס באַשטעטי־
קונג, אַז דער חלום איז נישט קיין חלום, נאָר אַ ווירקלעכקייט,
צוליבן גרויסן דרך ארץ, וואָס ער האָט געהאַט פאַר מיר, האָט
ער מיך אַהינגעפירט, גלייבנדיק אין דער איידלקייט פון מיינע גע־
פילן, — גלייבנדיק אפשר, אַז מיר וועלן זיך דאָרט אונטער די
ביימלעך אַרומנעמען און זיך צעוויינען, נישט ווייט פון דער אומ־
שולד, פון פריילין זאַכליאָבקין. יאָ! דער דאָזיקער „אייביקער
מאַן" האָט דאָך סוף כל סוף געמוזט און געווען געצוווּנגען כאָטש
ווען עס איז אַליין איינמאָל פאַר אַלע מאָל זיך אָפּשמייסן פאַר אלץ
און בכדי זיך אָפּצושמייסן, זיך אַליין אָפּצוקנסן האָט ער זיך
געכאַפּט פאַרן גאָל־מעסער, אמת אומפאַרהאָפט און פלוצלינג, אָבער
דאָך האָט ער זיך געכאַפּט! „ער האָט אריינגעשטאָכן אַ מעסער,
פּאָרט געענדיקט דערמיט, אַז ער האָט אַריינגעשטאָכן דאָס מעסער
פאַרן גובערנאַטאָר אין די אויגן!" און צי האָט ער, דרך אגב,
געהאַט וועלכע עס איז כוונה דערביי, ווען ער האָט מיר דערציילט
זיין אַנעקדאָט וועגן דעם אונטערפּירער? און צי איז אמת, וואָס
עס איז פאָרגעקומען דאַמאָלס באַנאַכט, ווען ער איז אויפגעשטאַ־
נען פון בעט און זיך אַוועקגעשטעלט אינמיטן שטוב? הם, ניין,
ער האָט נאָר דאַמאָלס געמאַכט אַ שפּאַס, אַוועקשטעלנדיק זיך
אין אַזאַ פּאַזע. ער איז געשטאַנען צוליב זיין ענין און ווען ער
האָט דערזען, אַז איך האָב זיך דערשראָקן פאַר אים, האָט ער
מיר צען מינוט נישט געענטפערט, ווייל אים איז געווען זייער אַנ
גענעם, וואָס איך האָב זיך געשראָקן פאַר אים... דאָ האָט איב
אפשר באמת צום ערשטן מאָל אָנגעהויבן עפּעס איינצופאַלן, ווע,
ער איז געשטאַנען דאַמאָלס, אין דער פינסטערניש.

„און פונדעסטוועגן, ווען איר וואָלט נעכטן נישט פאַרגעס

אויפן טיש דאָס דאָזיקע גאָל־מעסער — וואָלט אפשר גאָרני געשען. יאָ אַזוי, אָדער נישט אַזוי? ער האָט דאָך מיך פריִע אויסגעמיטן, ער איז דאָך גאַנצע צוויי וואָכן נישט געקומען צ מיר, ער האָט זיך דאָך באַהאַלטן פאַר מיר, אויס רחמנות צ מיר! לכתחילה האָט ער דאָך אויסגעקליבן באַגאַוטאָוון, און ניש מיך! ער איז דאָך אויפגעשפּרונגען באַנאַכט צו וואַרעמען פ מיר טעלערס, בכדי צו מאַכן אַ שפּרונג — פון מעסער צו הרטה!... אי מיך אי זיך האָט ער געוואָלט ראַטעווען מיט — געוואַרעמטע טעלערס!..."

און נאָך לאַנג האָט אַזוי געאַרבעט דער קראַנקער קאָפּ בו דאָזיקן געוועזענעם „מענטש פון דער געזעלשאַפט", איבערגיסנדי פון פוסטן אין ליידיקן, ביז ער האָט זיך באַרויִקט. צומאָרגנס א ער איינגעשלאָפן מיט דעם זעלבן קראַנקן קאָפּ און גאַנץ אומדע וואַרטעטער שרעק...

דער דאָזיקער נייער פחד איז געווען פון דער פעסטער אי בערצייגונג, וועלכע האָט זיך אין אים פלוצלינג פאַרשטאַרקט פ מינוט צו מינוט, אַז ער, וועלטשאַנינאָוו (אַ „מענטש פון דער גע זעלשאַפט" דערצו) וועט שוין היינט, אַליין, מיט זיין אייגענע' װילן ענדיקן דערמיט, וויאָס ער וועט אַוועקגיין צו טרוסאָצקין — צו וואָס? נאָך וואָס? — האָט ער אַליין נישט געוווּסט, און מי פאַראַכטונג נישט געוואָלט אפילו וויסן, געוווּסט האָט ער נאָר דאָס אַז ער וועט צוליב וואָס עס איז זיך אַהינשלעפּן.

דאָס דאָזיקע משוגעת — אַנדערש האָט ער עס נישט געקענ אָנרופן — האָט זיך אָבער אַזוי ווייט אַנטוויקלט, אַז עס האָט באַ קומען, אויף וויפיל עס איז געווען מעגלעך, אַ קלאָרע פאָרם און אַ געזעצלעכן אויסרייד. אים האָט זיך נאָך נעכטן ווי אויסגעוויזן, אַז טרוסאָצקי וועט זיך צוריקקערן אין זיין נומער אין די מעב לירטע צימערן, זיך פעסט איינשליסן — און זיך אויפהענגען, ווי

יענער קאַסיר, וועגן וועלכן מאַריאַ סיסאָיעווגאַ האָט דערציילט. די דאָזיקע נאַכטיקע פאַנטאַזיע און ביסלעכווייז אַריבערגעגאַנגען אין אַ זינלאָזער אָבער איבעראַשנדער איבערצייגונג.

— פאַרוואָס זאָל זיך דער דאָזיקער שוטה אויפהענגען? — האָט ער זיך געהאַלטן אין איין פרעגן... ער האָט זיך דערמאַנט ליזאַס ווערטער, און איבעריקנס, וואָלט איך אפשר, אויף זיין אָרט, זיך טאַקע אויפגעהאָנגען... — האָט ער נישט איינמאָל געטראַכט.

עס האָט זיך געענדיקט דערמיט, אַז אָנשטאָט צו גיין עסן מיטאָג, איז ער פאָרט אַוועקגעגאַנגען צו טרוסאָצקין.

איך וועל נאָר פרעגן מאַריאַ סיסאָיעווגאַן — האָט ער באַשלאָסן. אָבער ווען ער האָט נאָך אפילו נישט באַוויזן אַרויסצוגיין אויף דער גאַס, האָט ער זיך פלוצלינג אָפּגעשטעלט באַם טויער:

— און טאַקע באמת! — האָט ער אויסגעשריגן, רויט ווערנדיק פון חרפה. — שוין-זשע שלעפּ איך מיך טאַקע אַהין, כדי „זיך אַרומצוהאַלדזן און זיך אויסצווויינען?" שוין-זשע האָט נאָך די דאָזיקע זינלאָזע „קאָמעדיע" געפעלט צום גאַנצן שענדלעכן עסק?"

אָבער פון דער דאָזיקער „זינלאָזער קאָמעדיע" האָט אים מציל געווען די השגחה פון אַלע אָרנטלעכע און אָנשטענדיקע מענטשן. ווי נאָר ער איז אַרויסגעגאַנגען אויף דער גאַס, האָט ער זיך פלוצלינג אָנגעשטויסן אויף אַלעקסאַנדער ליובאָוון, דער יונגערמאַן איז געווען צעטומלט און אויפגערעגט.

— איך לויף טאַקע צו אייך! אייער פריינט פּאַוועל פּאַוולאָוויטש, אָט וואָס פאַר אַ פּאַרשוין ער איז...

— האָט זיך אויפגעהאָנגען! — האָט וועלטשאַנינאָוו ביז אַ ברום געטון.

— ווער האָט זיך אויפגעהאָנגען? פאַרוואָס? — האָט ליובאָוו אויסגעשטעלט אַ פּאָר אויגן.

— גאַרנישט. . איך האָב נאָר אַזוי געזאָגט... רעדט ווײַ־טער!

— פוי, צום טײַוול! מיט וואָס פאַר אַ לעכערלעכע מחשבות איר טראָגט זיך אַרום? ער האָט זיך אפילו נישט אָנגעהויבן אויפ־צוהענגען (פאַרוואָס זאָל ער זיך האָבן אויפגעהאָנגען!) להיפּוך: ער איז אַוועקגעפאָרן. איך האָב אים נאָר וואָס אַרײַנגעזעצט אין וואַגאָן און אַוועקגעשיקט. פוי, ווי ער שיכּורט! מיר האָבן דרײַ פלאַשן אויסגעטרונקען. פּרעדפּאָסילאָוו אויך, אָבער ווי אַזוי ער שיכּורט, ווי אַזוי ער שיכּורט! ער האָט געזונגען לידלעך אין וואַ־גאַן, אײַער נאָמען דערמאַנט, געפּאַכט מיטן הענטל, געהייסן אײַך אָפּגעבן אַ גרוס. און וואָס פאַר אַ אַ־סווורף ער איז, ווי מיינט איר — האַ?

ליובאָוו איז באמת געווען שיכּור. זײַן צערויטלט פּנים, פונק־לענדיקע אויגן און זײַן צונג, וואָס האָט זיך געפּלאָנטערט, — האָבן דערויף שטאַרק עדות געזאָגט. וועלטשאַנינאָוו האָט געלאַכט מיטן פולן מויל:

— אַזוי האָבן זיי סוף כּל סוף טאַקע געענדיקט, מיט אַ „ברודערשאַפט“! כאַ־כאַ! זיך אַרומגעהאַלדזט און זיך צעוויינט! עך, איר שילערס־פּאָעטן!

— זידלט מיך נישט, איך בעט אײַך. איר ווייסט, ער האָט זיך דאָרט אינגאַנצן אָפּגעזאָגט. ער איז דאָרט נעכטן געווען און אויך היינט איז ער דאָרט געווען. ער האָט שרעקלעך פאַרמסרט. נאַדיאַן האָט מען פאַרשלאָסן — זי זיצט אויבן אין שטיבל. געשרייען, גע־וואַלטן, טרערן — אָבער מיר וועלן זיך נישט אונטערגעבן! אָבער ווי אַזוי ער טרינקט, איך זאָג אײַך בנאמנות, איין גאָט זאָל שומר ומציל זײַן, — ווי ער כוסהט! און ווייסט איר, וואָס פאַר אַ מאָווע־טאָן ער איז, דאָס הייסט נישט קיין מאָווע־טאָן, נאָר ווי זאָגט מען דאָס?... און די גאַנצע צייט האָט ער אײַך דערמאַנט, אָבער וואָס

פאַר אַ חילוק צווישן אים און אייך! איר זענט פּאַרט אַן אָרנטלע-
כער מענטש און האָט באמת ווען-עס-איז געהערט צו דער העכע-
רער געזעלשאַפט און נאָר איצט זענט איר געצוווּנגען אַראָפּצובייגן
דעם קאָפּ — פון אָרימקייט, וואָס... דער טייוול ווייסט, איך האָב
אים שלעכט פאַרשטאַנען.

— האַ, דאָס האָט ער אייך אַזוי אין אַזעלכע אויסדריקן
דערציילט וועגן מיר?

— עי, עי, זייט נישט בייז, אַ בירגער זיין איז בעסער —
פון דער העכערער געזעלשאַפט, איך מיין דאָס ווען דעם, אַז אין
אונדזער דור ווייסטו נישט וועמען צו ערן אין רוסלאַנד. איר וועט
מסכים זיין, אַז דאָס איז אַ שטאַרקע קראַנקהייט פון יאָרהונדערט,
ווען דו ווייסט נישט וועמען צו ערן — נישט אמת?

— אמת, אמת, וואָס-זשע האָט ער געזאָגט?

— ער? ווער? אַך, יאָ! פאַרוואָס האָט ער פסדר געזאָגט:
דער פּופּציקיקעריקער, אָדער דער פאַרפאַלענער וועלטשאַנינאָוו?
פאַרוואָס? אָ ד ע ר דער פאַרפאַלענער און נישט א ו ן דער פאַר-
פאַלענער. ער האָט געלאַכט, טויזנט מאָל איבערגעחזרט. אַריינגע-
זעצט זיך אין וואַגאָן, געזונגען אַ לידל און זיך צעוויינט — פּשוט
עקלהאַפט, אַזוי, אַז עס איז אפילו אַ רחמנות אָנגעגאַנגען — פון
שיכּרות. אַז איך האָב נישט ליב קיין טיפּשים! אָרימע לייט האָט
ער אָנגעהויבן מיט געלט באַוואַרפן, צום זכר פון דער נשמה פון
ליזאַוועטאַן, אַ פרוי זיינע, צי וואָס?

— אַ טאָכטער.

— וואָס איז עפּעס בײַ אייך אויף דער האַנט?

— אַ שניט.

— גאָרנישט. ס'וועט אַדורכגיין. איר ווייסט, כאַפּט אים דער
טייוול, גוט, וואָס ער איז אַוועקגעפאָרן. אָבער איך וועל זיך וועטן

מיט אייך, אַז דאָרט, וווהין ער וועט איצט אָנקומען — וועט ער תיכף באַלד חתונה האָבן — נישט אמת?

— איר ווילט דאָך אויך חתונה האָבן

— איך! מיט מיר איז עפּעס אַנדערש. אָבער וואָס פאַר אַ מאָדנער מענטש איר זענט? אויב איר זענט אַלט פופציק יאָר, איז ער שוין אוודאי אין די זעכציקער: דאָ דאַרף מען האָבן לאָגיק, טייערער! און ווייסט איר וואָס, פריִער, שוין לאַנג, בין איך געווען אַ ריינער סלאַוויאַנאָפיל לויט מיינע איבערצייגונגען, אָבער איצט וואַרטן מיר, אַז עס זאָל אויפשיינען אַ זון פון מערב... נו, אַדיע! גוט, וואָס איך האָב אייך געטראָפן, נישט אַריינגייענדיק צו אייך, איך וועל נישט אַריינגיין, בעט מיך נישט, איך האָב קיין צייט נישט...

און ער האָט שוין גענומען אַוועקלויפן.

— אַ יאָ, כ'האָב פאַרגעסן — האָט ער זיך פלוצלינג אומגעקערט — ער האָט מיך געשיקט צו אייך מיט אַ בריוו! אָט איז דער בריוו. פאַרוואָס זענט איר נישט געקומען אים באַגלייטן?

וועלטשאַנינאָוו איז אַריינגעגאַנגען אַהיים און אויפגעעפנט דעם קאָנווערט, וואָס איז געווען צו אים אַדרעסירט.

אין קאָנווערט איז נישט געווען קיין איין שורה פון טרוסאָצקין, אָבער עס האָט זיך געפונען אַן אַנדערער בריוו. וועלטשאַנינאָוו האָט דערקענט די האַנט-שריפט. דער בריוו איז געווען אַן אַלטער אויף געל-געוואָרן פאַפּיר מיט אָפּגעריבענער טינט. דער בריוו איז געשריבן געוואָרן צו אים מיט צען יאָר צוריק קיין פּעטערבורג, צוויי חדשים דערנאָך, ווען ער איז אַוועקגעפאָרן פון ט., אָבער דער דאָזיקער בריוו איז נישט אָנגעקומען צו אים. אָנשטאָט דעם בריוו האָט ער דאַמאָלס באַקומען אַ צווייטן. נאַטאַליאַ האָט זיך אין דעם געל-געוואָרענעם בריוו געזעגנט מיט אים אויף אייביק — פּונקט ווי אין דעם בריוו, וועלכן ער האָט דאַמאָלס דערהאַלטן — שוין זייענדיק זיך מודה, אַז זי האָט זיך פאַרליבט אין אַן אַנדערן, ה.

זי פונדעסטוועגן נישט פאַרהוילן, אַז זי שוואַנגערט. להיפוך, אַלס טרייסט האָט זי אים פאַרזיכערט, אַז זי וועט געפינען אַ געלעגנהייט איבערצוגעבן אים דאָס קומענדיקע קינד. זי האָט אים דערקלערט, אַז פון היינט אָן האָבן זיי אַנדערע התחיבותן, אַז זייער פריינטשאַפט האָט זיך אויך באַפעסטיקט — מיט איין וואָרט, לאָגיק איז געווען ווייניק, אָבער די כוונה איז געווען איינע און די זעלבע: אַז ער זאָל זי באַפרייען פון זיין ליבע. זי האָט אים אַפילו דערלויבט צו קומען קיין ט. אין אַ יאָר אַרום און אַ קוק צו טון אויפן קינד. איין גאָט ווייסט, פאַרוואָס זי האָט זיך איבערגעקלערט און אַרויסגעשיקט אַ צווייטן בריוו אָנשטאָט דעם.

וועלטשאַנינאָוו איז בשעתן לייענען בלאַס געוואָרן, אָבער ער האָט זיך פאָרגעשטעלט, ווי טרוסאָצקי האָט אויסגעזען, בשעת ער האָט געפונען דעם בריוו און געלייענט צום ערשטן מאָל פאַרן אויפגעעפנטן פאַמיליען־קעסטעלע פון סאַמעט באַצירט מיר פערלמוטער.

ער איז אוודאי אויך בלאַס געוואָרן, ווי אַ מת — האָט ער אַ טראַכט געטון, דערזעענדיק זיין פנים אין שפיגל — ער האָט געלייענט אוודאי און פאַרמאַכט די אויגן און פלוצלינג זיי ווידער געעפנט, האָפנדיק, אַז דער בריוו וועט זיך פאַרוואַנדלען אין אַ פשוט שטיקל ווייס פאַפיר... ער האָט אוודאי דריי מאָל געפרווט איינס און דאָס זעלבע.

## XVII.

# דער אייביקער מאַן

פונקט צוויי יאָר זענען פאַרבייגעגאַנגען נאָכן פאַל, וואָס מיר האָבן דאָ באַשריבן. מיר טרעפן הער וועלטשאַנינאָוו אין אַ שיינעם זומער-טאָג אין אַ וואַגאָן אויף איינער פון די ניי-געעפנטע אייזנבאַנען. ער איז געפאָרן קיין אָדעס, בכדי זיך צו זען, אַלס פאַרגעניגן, מיט זיינעם אַ פריינט, און גלייכצייטיק אויך צוליב אַן אַנדערן זייער אָנגענעמען ענין, דורכן דאָזיקן פריינט האָט ער געהאָפט אויסצופירן אַ באַגעגעניש מיט איינער פון די אינטערעסאַנטסטע דאַמען, מיט וועלכער ער האָט שוין לאַנג זיך געוואָלט נענטער באַקענען. נישט אַריינלאָזנדיק זיך אין קיין פרטים. וועלן מיר זיך באַגרע-נעצן נאָר מיט דער באַמערקונג, אַז ער האָט זיך שטאַרק געענדערט, אָדער ריכטיקער געזאָגט, זיך פאַרבעסערט אין די לעצטע צוויי יאָר. פון זיין פריערדיקער מרה-שחורה איז כמעט קיין שפור נישט גע-בליבן, פון די פאַרשידענע „זכרונות” און פונם פחד — פאָלגן פון זיין קראַנקהייט, — וואָס האָבן אים אָנגעהויבן פייניקן מיט צוויי יאָר צוריק אין פעטערבורג בשעתן נישט געלונגענעם פראָצעס, — איז אין אים פאַרבליבן נאָר דאָס, וואָס ער האָט אין די באַהאַלטנסטע קעמערלעך פון זיין נשמה זיך געשעמט פונם באַוווּסטזיין פון זיין פריערדיקער אָפּהענטיקייט. אַ טיילווייזע באַלוינונג האָט ער געפילט אין זיין זיכערקייט, אַז מער וועט דאָס שוין נישט געשען, און, אַז וועגן דעם וועט קיינער קיינמאָל זיך נישט דערוויסן.

וועלטשאַנינאָוו האָט דאַמאָלס טאַקע אַוועקגעוואָרפן זיין סביבה, זיך אָנהייבן שלעכט קליידן און זיך ערגעץ באַהאַלטן פון אַלע־מען און, פאַרשטייט זיך, אַז אַלע האָבן דאָס באַמערקט. אָבער ער האָט אַזוי גיך זיך צוריקגעקערט צו זיינע באַקאַנטע און מיט אַזאַ חרטה, כמעט ווי ניי־געבוירן און זיכער אין זיינע אייגענע כוחות, אַז אַלע האָבן אים תיכף מוחל געווען פאַר זיין קורצן אָפּ־טיילן זיך פונם „כלל". אפילו די, וועלכע ער האָט שוין געהאַט אויפגעהערט צו גריסן, האָבן אים די ערשטע דערקענט און אויס־געצויגן די האַנט, און דערביי אָן שום מאַטערנדע שאלות, ווי ער וואָלט די גאַנצע צייט געווען ערגעץ־ווייט אָפּגעזונדערט צוליב זיי־נע היימישע עסקים, וואָס גייען קיינעם נישט אָן, — און ער האָט זיך ערשט איצט פון דאָרט צוריקגעקערט. די סיבה פון דער דאָזי־קער באַקוועמער און געזונטער ענדערונג צום גוטן איז געווען, פאַרשטייט זיך, דער געוויינער פראָצעס. אויף וועלטשאַנינאָווס חלק איז סך הכל אויסגעפאַלן זעכציק טויזנט רובל. דאָס איז נישט געווען אַזאַ גרויסע זאַך, אָבער פאַר אים איז עס געווען זייער חיכטיק. ערשטנס האָט ער זיך תיכף ווידער דערפילט אויף אַ זי־כערן באָדן און דעריבער געשטילט זיין מאָראַלישן הונגער. ער איז איצט שוין געווען זיכער באַ זיך, אַז ער וועט אָט דאָס לעצטע געלט שוין נישט אויסברענגען ווי אַ „שוטה", ווי ער האָט אויס־געברענגט זיינע ערשטע צוויי גיטער, און אַז ער וועט אַזאַ געלט האָבן גענוג אויף זיין גאַנץ לעבן.

„ווי עס זאָל זיך דאָרט נישט טרייסלען דער געזעלשאַפט־לעכער בנין און וואָס מען זאָל דאָרט נישט פראָקלאַמירן", — האָט ער פון צייט־צו־צייט געטראַכט, צוקוקנדיק און צוהערנדיק זיך צו אַלע אומגלויבלעכע, משונהדיקע געשעענישן, וואָס זענען פאָרגעקו־מען אַרום אים אין גאַנץ רוסלאַנד. „ווי עס זאָלן זיך נישט ענ־דערן די מענטשן און די אידעען, וועל איך שטענדיק האָבן מיין

פשוט, געשמאַק מיטאָג, וועלכעס איך גיי איצט עסן, און דערפֿאַר בין איך צו אַלעם צוגעגרייט.

די דאָזיקע מחשבה האָט אים ביסלעכווייז אײַנגאַנצן באַהערשט און געמאַכט אין אים אַ גאַנצע פיזישע איבערקערעניש, נישט רעדנדיק שוין וועגן אַ מאָראַלישער. ער האָט איצט אויסגעזען גאַנץ אַנדערש אין פאַרגלייך מיט יענער „שלאָפמיץ", ווי מיר האָבן אים געשילדערט מיט צוויי יאָר צוריק, און מיט וועלכן עס האָבן שוין אָנגעהויבן פאַסירן אַזעלכע נישט איבעריק שיינע מעשיות. ער האָט אויסגעזען פריילעך, מונטער און ערנסט. אפילו די רינצלען, וואָס האָבן זיך אָנגעהויבן צונויפצוזאַמלען אַרום זיינע אויגן און אויפן שטערן, האָבן זיך כמעט אויסגעגלייכט. אויך די פאַרב פון זיין פנים האָט זיך געענדערט: זיין פנים האָט אויסגעזען ווייסער, פרישער.

ער איז געזעסן אויף אַ זייער באַקוועם אָרט אין וואַגאָן פון דער ערשטער קלאַס, און אין זיין מוח האָט אַ בליץ געטון אַן אָנגענעמער געדאַנק: אויף דער נאָנטסטער סטאַציע האָט זיך דער וועג פאַרצווייגט און ס'האָט זיך אָנגעהויבן אַ נייער וועג, וואָס האָט זיך געצויגן אויף רעכטס. אויב ער וואָלט אויף אַ מינוט פאַרלאָזן דעם גלייכן וועג און זיך אַריינגעדרייט רעכטס, וואָלט ער באַלד אויף דער צווייטער סטאַציע געקענט באַזוכן איינע אַ באַקאַנטע דאַמע, וועלכע איז נאָר-וואָס צוריקגעקומען פון אויסלאַנד און האָט איצט פאַרבראַכט אין איינזאַמקייט, דאָס איז געווען באַקוועם פאַר אים און זייער נישט אָנגענעם פאַר איר. אויף אַזאַ אופן האָט זיך געשאַפן אַ מעגלעכקייט צו פאַרברענגען די צייט נישט ווייניקער אינטערעסאַנט, ווי אין אָדעס, ווער שמועסט נאָך, אַז אויך דאָרט װעט נישט פאַרפאַלן גיין. אָבער ער האָט זיך נאָך אַלץ געוואַקלט און זיך נישט געקענט אַנטגילטיק באַשליסן. ער האָט געוואַרט, אַז עפּעס זאָל עס אים געבן אַ „נעם". בינו לבינו האָט זיך די סטאַ־

ציע דערנענטערט און עס האָט נישט לאַנג געדויערט, ביז עס האָט זיך געשאַפן די געלעגנהייט, אַז עס זאָל אים „געבן אַ נעם".

אויף דער דאָזיקער סטאַציע איז מען געבליבן שטיין פערציק מינוט, און די פּאַסאַזשירן האָבן געקענט אָפּעסן מיטאָג. באַם איינגאַנג אין זאַל פּאַר די פּאַסאַזשירן פון דער ערשטער און צווייטער קלאַס האָט זיך ווי געוויינטלעך צונויפגעזאַמלט אַ גרויסער אומגעדולדיקער עולם, וואָס האָט זיך, ווי געוויינטלעך, געאיילט, און ווי שטענדיק איז פאָרגעקומען אַ סקאַנדאַל. אַ דאַמע, וואָס איז אַרויסגעגאַנגען פון וואַגאָן פון דער צווייטער קלאַס, זייער אַ שיינענקע און שיין, אויפפאַלנד אויסגעפוצט, האָט כמעט געשלעפּט מיט זיך מיט ביידע הענט אַן אולאַנער, זייער אַ יונג און שיין אָפיציערל, וואָס האָט זיך געהאַלטן אין איין אויסרייסן פון אירע הענט. דער יונגעטשקער אָפיציר איז געווען טויט שיכור. און די דאַמע, מסתמא זיינע אַן עלטערע קרובה, האָט אים נישט ארויסגעלאָזט פון אירע הענט,- מורא האָבנדיק אפשר, אַז ער וואָלט באַלד צוגעלאָפן צום בופעט מיט משקאות. בינו לבינו האָט זיך מיטן אולאַנער אין דער ענגשאפט צונויפגעשטויסן אַ סוחרל, וואָס האָט זיך אויך געהאַט אָנגעכוסהט אָן אַ שיעור. דאָס דאָזיקע סוחרל האָט זיך שוין געוואַלגערט אויף דער סטאַציע דעם צווייטן טאָג, האָט געכוסהט און געוואָרפן מיט געלט, אַרומגערינגלט מיט אַ חברותא. ער האָט אַלץ נישט געקענט זיך נעמען צייט אַריינצוגיין צו דער מינוט אין צוג און זיך לאָזן ווייטער אין וועג. עס איז געקומען צו אַ קריגעריי: דער אָפיציר האָט געשריגן, דער סוחר האָט זיך געזידלט, די דאַמע איז געווען פאַרצווייפלט און ווילנדיק אָוועקשלעפן דעם אולאַנער, בכדי ער זאָל זיך אויפהערן קריגן, האָט זי געשריגן צו אים מיט אַ קול פון תחנונים: „מיטינקאַ! מיטינקאַ!" דעם סוחר האָט זיך דאָס אויסגעוויזן שוין צופיל סקאַנדאַליעז. אמת, אויך אַלע איבעריקע האָבן געלאַכט, אָבער דער סוחר האָט צום מייסטן געלאַכט,

וואָס די דאַמע און דער אולאַנער, פירן זיך אויף, ווי אים האָט זיך אויסגעוויזן, נישט מאָראַליש.

— טו נאָר אַ קוק: „מיטינקאַ”. — האָט דער סוחר אַ זאָג געטון מיטן טאָן פון אַ פאָרוווּרף, נאָכקרומענדיק דאָס צאַרטע קולעכל פון דער דאַמע. — אויך צווישן עולם שעמט מען זיך נישט!

און צוקומענדיק, שאָקלענדיק זיך, צו דער דאַמע, וואָס האָט זיך אַוועקגעזעצט אויפן ערשטן בעסטן בענקל און אויך באַוויזן אַוועקצוזעצן צוזאַמען מיט זיך דעם אולאַנער, האָט דער סוחר באַקוקט די ביידע מיט פאַראַכטונג און פאַרצויגן זינגענדיק:

— קליפּה, קליפּה, דער שוואַנץ האָט זיך דיר פאַרקרומט!

די דאַמע האָט אַ קוויטש געטון און אָפּהענטיק זיך אַרומגעקוקט, ווי דערוואַרטנדיק פון ערגעץ הילף. זי האָט זיך געשעמט און האָט אויך מורא געהאַט, און צום גאַנצן מעמד נאָך האָט זיך דער אָפיציר אַוועקגעריסן פון אָרט און, מאַכנדיק קולות, זיך געוואָלט וואַרפן אויפן סוחר, ער האָט זיך אָבער אויסגעגליטשט און צוריקגעפאַלן צום בענקל. דאָס געלעכטער אַרום האָט זיך נאָך מער פאַרשטאַרקט און וועגן הילף האָט קיינער נישט געטראַכט. אָבער וועלטשאַנינאָוו האָט אַרויסגעהאָלפן. ער האָט פּלוצלינג אָנגעכאַפּט דעם סוחר באַם קראַגן און אומדרייענדיק אים, אים אָפּגעשטופּט אויף אַ פינף טריט ווייטער פון דער דערשראָקענער דאַמע. מיט דעם האָט זיך דער סקאַנדאַל געענדיקט. דער סוחר איז געווען שטאַרק איבערגעשראָקן פונם שטופּ און פון וועלטשאַנינאָווס אימפּאָנירנדער פיגור. זיינע חברים האָבן אים תּיכּף אַוועקגעפירט. דאָס שיין-באַוואַקסענע פנים פון עלעגאַנט-געקליידטן הער האָט אויך שטאַרק באַאיינפלוסט די אומרויקע לצים: דאָס געלעכטער איז איינגעשטילט געוואָרן.

די דאַמע האָט זיך פאַרויטלט און שיִער נישט מיט טרערן אין די אויגן געגומען פאַרזיכערן וועלטשאַנינאָוון, ווי דאַנקבאַר זי איז אים. דער אולאַנער האָט געפּלאָנטערט מיט דער צונג:

— „אַ דאַנק, אַ דאַנק!" — און ער האָט געוואָלט דריקן ווע־
טשאַנינאָוון די האַנט, אָבער אָנשטאָט דעם, איז אים פּלוצלינג איינ־
געפאַלן אַנידערצופאַלן זיך אויף די בענקעלעך, און ווי לאַנג ער
איז געווען, האָט ער זיך אויסגעצויגן מיט די פיס.

— מיטינקאַ! — האָט די דאַמע אַ זיפּץ געטון פאַרבערעכנדיק
די הענט.

וועלטשאַנינאָוו איז געווען צופרידן, סיי פונם גאַנצן ענין, סיי
פונם אויסגאַנג. די דאַמע האָט אים פאַראינטערעסירט. ווי עס האָט
אויסגעזען, איז דאָס געווען אַ רייך ווייבל פון דער פּראָווינץ, זייער
גרויסאַרטיק, אָבער געשמאַקלאָז אָנגעטון, מיט עטוואָס לעכערלעכע
מאַניערן. דאָס אַלץ איינעם האָט אַ הויפּט־שטאָטישן אַמאַנט געקענט
פאַרזיכערן דעם דערפאָלג. באַם וועלן דערגרייכן געוויסע צילן און
פאַרקניפּן באַציִונגען מיט אַ פרוי. עס האָט זיך פאַרבונדן אַ גע־
שפּרעך. די דאַמע האָט, היצנדיק זיך, דערציילט און זיך באַקלאָגט
אויפן מאַן, וואָס איז „פּלוצלינג ערגעץ־ווו נעלם געוואָרן, אַרויס־
גייענדיק פון וואַגאָן, און דעריבער איז דאָס אַלץ פאָרגעקומען, ווייל
אייביק, ווען מען דאַרף זיין אויפן אָרט, באַהאַלט ער זיך ערגעץ."

— ווען עס איז נייטיק... — האָט דער אולאַנער אַ ברום
געטון.

— אַך, מיטינקאַ! — האָט די דאַמע ווידער פאַרבראָכן די
הענט.

— „נו, דער מאַן וועט שוין קריגן אַ חלק!" — האָט וועל־
טשאַנינאָוו אַ טראַכט געטון.

— ווי הייסט ער? איך וועל גיין אים אָפּזוכן — האָט פאַר־
געלייגט וועלטשאַנינאָוו.

— פּאַל פּאַליטש — האָט זיך אָנגערופן דער אולאַנער.

— אייער מאַן הייסט פּאַוועל פּאַוולאָוויטש? — האָט וועלטשאַ־
נינאָוו נייגעריק געפרעגט, און פּלוצלינג האָט אין זיין פאַנטאַזיע

דורכגעשוועבט צווישן אים און דער דאמע אַ באַקאַנטער פליכעוואַ־
טער קאָפּ. אין איין רגע האָט זיך אים פאָרגעשטעלט דער גאָרטן
באַ די זאַכליאַבקינס, די אומשולדיקע שפּילן און דער פליכעוואַטער
קאָפּ, וואָס האָט זיך כסדר אַריינגעשטופּט צווישן אים און נאַדיעזש־
דאַ זאַכליאַבקין און זיי ביידע זיך שטאַרק צוגעגעסן.

— ענדלעך זענט איר שוין דאָ! — האָט די פרוי היסטעריש
אויסגעשריגן.

דאָס איז געווען טרוסאָצקי גופא. ער האָט געקוקט פאַרוווּנ־
דערט און דערשראָקן אויף וועלטשאַנינאָוון, ווערנדיק דערציטערט
פאַר אים, ווי פאַר אַ געשפּענסט. ער איז אַזוי פאַרשטיינערט גע־
וואָרן, אַז ער האָט, ווי עס ווייזט אויס, אַ געוויסע צייט גאָרנישט
פאַרשטאַנען, וואָס זיין אויפגערעגט און באַליידיקט ווייב האָט צו
אים גערעדט. ענדלעך האָט ער זיך אינגאַנצן אַ טרייסל געטון און
און מיטאַמאָל פאַרשטאַנען זיין גאַנץ אומגליק: סיי דאָס, וואָס ער
האָט זיך פאַרשולדיקט, סיי דעם פאָרפאַל מיט מיטינקאַן און סיי
דאָס, וואָס דער דאָזיקער „משיח" — די דאַמע האָט פאַר וואָס ע
איז אַזוי אָנגערופן וועלטשאַנינאָוון — איז געווען אַ „מלאך הגואל"
און אַ רעטער און איר — איר ווערט שטענדיק פאַרשווונדן דאַ־
מאָלס ווען מען דאַרף אייך האָבן"...

וועלטשאַנינאָוו האָט זיך פלוצלינג צעלאַכט־

— מיר זענען דאָך מיט אים חברים, חברים פון קינדוויי־
אָן! — האָט ער אויסגעשריגן צו דער פאַרוווּנדערטער דאַמע, אָנ־
כאַפּנדיק פריינטשאַפטלעך טרוסאָצקין פאַר די פּלייצעס. — האָט
ער אייך קיינמאָל נישט דערציילט וועגן וועלטשאַנינאָוון?

— ניין, קיינמאָל נישט דערציילט — האָט זיך די דאַמע אַ
ביסל דערשראָקן.

— טאָ שטעלט־זשע מיך פאָר פאַר אייער פרוי, פאַלשער
פריינט!

— דאָס איז ליפּאָטשקאַ, ווירקלעך, הער וועלטשאַניָנאָוו, יאָ... — האָט טרוסאָצקי אָנגעהויבן, און פאַר חרפּה באַלד אָפּגעריסן.

די דאַמע איז אויפגעבראַכט געוואָרן און געוואָרפן אַ בייזן, דראַענדן בליק אויף טרוסאָצקין, ווי עס ווייזט אויס פאַרן צונאָמען „ליפּאָטשקאַ".

— און שטעלט זיך פאָר, אַז ער האָט מיר אפילו נישט מודיע געווען, אַז ער האָט חתונה געהאַט און נישט געבעטן אויף דער חתונה. אָבער איר, אָלימפּיאַדאַ...

— סעמיאָנאָוונאַ! — האָט טרוסאָצקי אונטערגעזאָגט.

— סעמיאָנאָוונאַ! — האָט זיך פּלוצלינג אָנגערופן דער אולאַנער, וואָס איז שוין געהאַט איינגעשלאָפן.

— זייט אים שוין מוחל, אָלימפּיאַדאַ סעמיאָנאָווּנאַ, צוליב מיר זייט אים מוחל, צוליב דער באַגעגעניש פון צוויי אַלטע פריינט... ער איז — אַ גוטער מאַן!

און וועלטשאַנינאָוו האָט פריינטלעך אַ קלאַפּ געטון טרוסאָצקין איבער דער פּלייצע.

— איך בין, טייבעלע, איך בין נאָר אויף אַ רגעלע... אָפּגעשטאַנען... — האָט טרוסאָצקי זיך אָנגעהויבן פאַרענטפערן.

— און אַוועקגעוואָרפן אייער פרוי לחרפּה ולבוז! — האָט ליפּאָטשקאַ תיכּף אונטערגעכאַפּט. — ווען מען דאַרף אייך — זענט איר נישטאָ, און דאָרט, וווּ מען דאַרף אייך נישט — קומט איר באַלד צו לויפן...

— ווען מען דאַרף אייך — נישט — זענט איר דאָ, ווען מען דאַרף אייך נישט... ווען מען דאַרף אייך נישט... — האָט דער אולאַנער צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ.

ליפּאָטשקאַ איז שיִער נישט דערשטיקט געוואָרן פון אויפרעגונג. זי האָט אַליין געוווּסט, אַז עס איז נישט שיין אין וועלטשאַ-

גינאָווס אָנוועזנהייט און האָט זיך פאַרויטלט, זי האָט זיך אָבער נישט געקענט באַהערשן.

— דאָרט, ווו מען דאַרף נישט, זענט איר שוין צו פיל פאָר-זיכטיק! — האָט זיך אַרויסגעריסן פון איר מויל.

— אונטערן בעט... זוכט ער ליבהאָבער... אונטערן בעט... — דאָרט, ווו מען דאַרף נישט... — האָט זיך אויך מי-טינקאַ פלוצלינג צעהיצט.

אָבער מיט מיטינקאַן האָט מען שוין גאָרנישט געקענט מאַכן. אַלץ האָט זיך, איבעריקנס, געענדיקט בשלום. שפּעטער האָבן זיי זיך אויך נענטער באַקאַנט. פּאַוועל פּאַוולאָוויטשן האָט מען אוועק-געשיקט נאָך קאַווע און בוליאָן. אָלימפּיאַדאַ האָט דערקלערט וועל-טשאַנינאָוון, אַז זיי פאָרן איצט פון אַ., ווו עס דינט איר מאַן, אין זייער דאָרף אַריין אויף צוויי חדשים, אַז דאָס איז נישט ווייט, סך-הכל פערציק ווי‌ערסט פון דער סטאַנציע, אַז צו זיי וועלן קומען צו פאָרן געסט, אַז זיי האָבן אויך שכנים און אויב וועלטשאַנינאָוו וואָלט געוועזן אַזוי גוט שוין באַוויליקט זיי צו באַזוכן אין זייער „פאַרוואָרפן ווינקל", וואָלט זי אים אויפגענומען, ווי אַ „מלאך הגואל". ווייל זי קען זיך נישט דערמאַנען אָן שוידער, וואָס וואָלט מיט איר געוועזן ווען... און אַזוי ווייטער, ווייטער — מיט איין וואָרט ווי אַ „מלאך הגואל"...

— און אַ רעטער, אַ רעטער — האָט דער אולאַנער היציק אונטערגעשטראָכן.

וועלטשאַנינאָוו האָט זייער איידל געדאַנקט און געענטפערט, אַז ער איז שטענדיק גרייט, אַז ער גייט אינגאַנצן אַרום ליידיק און איז נישט קיין פאַרנומענער מענטש, אַז ער פילט זיך איבער-גליקלעך פון אָלימפּיאַדאַס איינלאַדונג. דערנאָך האָט ער באַלד דערפירט זייער אַ פריילעכן שמועס, אין וועלכן ער האָט זייער געלונגען אַריינגעוואָרפן צוויי-דריי קאָמפּלעמענטן. ליפּאָטשקאַ האָט

זיך פֿאַרוויטלט פֿון נחת, און ווי נאָר טרוסאָצקי איז צוריקגעקומען, האָט זי אים מיט דער גרעסטער צופֿרידנהייט מודיע געווען, אַז וועלטשאַנינאָוו איז געווען אַזוי גוט און אָנגענומען איר איינלאַדונג צו קומען צו פֿאָרן צו זיי צו גאַסט אין דאָרף אַריין אויף אַ גאַנצן חודש, און אַז ער האָט פֿאַרזיכערט צו קומען צו פֿאָרן אין אַ וואָך אַרום. טרוסאָצקי האָט זיך פֿאַרלוירן, דאָך זיך צעשמייכלט און געשוויגן. אָלימפּיאַדאַ האָט אַ צי געטאָן אויף אים מיט די פּלייצעס און אויפֿגעהויבן די אויגן צום הימל. ענדלעך האָבן זיי זיך געזעגנט; נאָכאַמאָל באַדאַנקט, נאָכאַמאָל אַ „מלאך הגואל“, נאָכאַמאָל „מיטינקאַ“. סוף כּל סוף האָט טרוסאָצקי אַריינגעפֿירט זיין פֿרוי און דעם אולאַנער אין וואַגאָן.

וועלטשאַנינאָוו האָט פֿאַרויכערט אַ פּאַפּיראָס און גענומען אַרומשפּאַצירן איבער דער גאַלעריע פֿון וואָקזאַל. ער האָט געוווּסט, אַז טרוסאָצקי וועט באַלד קומען צו אים צו לויפֿן און שמועסן מיט אים ביז דער צוג וועט אָפּגיין. אַזוי איז געשען. טרוסאָצקי איז תּיכּף געקומען צו אים. זיין גאַנץ אויסזען האָט עדות געזאָגט, אַז ער איז זייער באַאומרויִקט. וועלטשאַנינאָוו האָט זיך צעלאַכט, אים אָנגענומען „פֿריינטלעך“ פֿאַרן עלנבויגן און אים אַוועקגעשלעפּט צו דער נאָנטסטער באַנק, וווּ זיי האָבן זיך ביידע אַוועקגעזעצט, איינער האַרט לעבן צווייטן. וועלטשאַנינאָוו אַליין האָט געשוויגן. ער האָט געוואָלט, אַז טרוסאָצקי זאָל דער ערשטער אָנהייבן.

— קומט איר הייסט עס, צו אונדז? — האָט טרוסאָצקי אַ זאָג געטאָן, צוטרעטנדיק זייער אויפֿריכטיק צום ענין.

— אָבער איך האָב עס געוווּסט; אויף אַ האָר זיך נישט געענדערט — האָט זיך וועלטשאַנינאָוו צעלאַכט — נו, שוין־זשע האָט טאַקע — האָט ער אים נאָכאַמאָל אַ קלאַפּ געטאָן איבער דער פּלייצע — שוין־זשע האָט איר אַפֿילו איין רגע געקענט ערנסט טראַכטן,

אַז איך קען באמת קומען צו אייך צו גאַסט, און דערצו נאָך אויף אַ חודש — כאַ-כאַ!

טרוסאָצקי האָט זיך אינגאַנצן אַ טרייסל געטון.

— ווען איר, הייסט עס, נישט קומען! — האָט ער אויסגע-שריגן, נישט באַהאַלטנדיק דאָס מינדסטע זיין פרייד.

— איך וועל נישט קומען! איך וועל נישט קומען! נו, ווי פאַר אַ מאָדנע בריאה איר זענט!

— ווי אַזוי-זשע אין אַזאַ פאַל, ווי אַזוי-זשע וועל איך דער-קלערן אָלימפּיאַדאַן, ווען איר וועט אין אַ וואָך אַרום נישט קומען און זי וועט אויף אייך וואַרטן?

— אָט, אַ שווערע זאַך! זאָגט, אַז איך האָב אַ פוס צעבראָכן, אָדער עפּעס ענלעכס אין דעם אַרט.

— זי וועט נישט גלייבן, — האָט טרוסאָצקי פאַרצויגן מיט אַ נעבעכדיק קולעכל.

— און איר וועט קריגן אַ חלק? האָט וועלטשאַנינאָוו ווייטער געלאַכט — ווי איך זע, מיין אָרימער פריינט, ציטערט איר עפּעס פאַר אייער שיינענקע ווייבעלע — האַ?

טרוסאָצקי האָט געפּרוּווט אַ שמייכל טון, אָבער עס איז אים נישט געלונגען, דאָס, וואָס וועלטשאַנינאָוו האָט זיך אָפּגעזאָגט צו קומען, איז, פאַרשטייט זיך, געווען זייער גוט, אָבער דאָס, וואָס ער פילט זיך אַזוי היימיש מיט זיין פרוי — דאָס איז שוין געווען שלעכט. טרוסאָצקי האָט אַ ציטער געטון. וועלטשאַנינאָוו האָט דאָס באַמערקט, בינו לבינו האָט זיך שוין דערהערט דער צווייטער קלונג. פון וואַ-גאָן האָט זיך פונדערווייטנס דערהערט אַ דין קולעכל, וואָס האָט אומרוּיִק גערופן טרוסאָצקין. פּאַוועל פּאַוולאָוויטש האָט זיך עפּעס אַנגעהויבן וואַרפן אַהין און אַהער, אָבער אויפן רוף האָט ער זיך ... געאיילט. ער האָט, ווי עס ווייזט אויס, נאָך דערוואַרט ...

עס איז פון וועלטשאַנינאָוון — פאַרשטייט זיך, נאָכאַמאָל אַ פאַרזי־
כערונג, אַז ער וועט צו זיי נישט קומען צו פאָרן.

— ווי הייסט אייער פרוי פונדערהיים? — האָט וועלטשאַנינאָוו
זיך געוואָלט אינפאָרמירן, ווי אינגאַנצן נישט באַמערקנדיק טרוסאָצ־
קיס באַאומרויִקונג.

— דעם משגיחס פון אונדזער קלויסטער, מיט זיין טאָכטער
האָב איך דאָס חתונה געהאַט — האָט טרוסאָצקי געענטפערט קוקנ־
דיק צערודערט אויף די וואַגאָנעס און צוהערנדיק זיך.

— אַ, איך פאַרשטיי, צוליב איר שיינקייט.

טרוסאָצקי האָט ווידער אויפגעציטערט.

— און ווער איז דאָס אייער מיטינקאַ?

— אַך, יענער? — אונדזערער אַ ווייטער קרוב, דאָס הייסט,
מיינער אַ קרוב, מיין פאַרשטאָרבענער שוועסטער-קינדס זון, גאָלוב־
טשיקאָוו. פאַר עפּעס אַן אומאָרדנונג האָט מען אים אויסגעשלאָסן
פון פאָלק, און איצט ווידער אַריינגענומען, האָבן מיר אים אויסגע־
קליידט... נעבעך אַן אומגליקלעכער יונגערמאַן...

— „נו, אויב אַזוי, איז אַלץ אין אָרדנונג, מיט אַלע קלאַ־
פערלעך!" — האָט אַ טראַסק געטון וועלטשאַנינאָוו.

— פאַוועל פאַוולאָוויטש! — האָט זיך ווידער דערהערט אַ
ווייטער רוף פון וואַגאָן, דאָס מאָל אָבער שוין אַן אומרויִק קול.

— פאַל — פאַליטש! — האָט זיך ווידער דערהערט אַ צווייִ־
טע הייזעריקע שטימע.

טרוסאָצקי האָט זיך ווידער אָנגעהויבן וואַרפן אויף אַלע זייטן,
אָבער וועלטשאַנינאָוו האָט אים פעסט אָנגעכאַפּט פאַרן אָרעם און
אָפּגעשטעלט.

— און אַז איר ווילט, וועל איך תיכף גיין דערציילן, ווי
אַזוי איר האָט מיך געוואָלט שעכטן, — האַ?

— וואַס, וואַס האָט איר געזאָגט? — האָט זיך טרוסאָצקי שטאַרק דערשראָקן — זאָל אייך גאָט אָפּהיטן!

— פּאַוועל פּאַוולאָוויטש! פּאַוועל פּאַוולאָוויטש! — האָבן זיך ווידער דערהערט קולות.

— נו, גייט שוין, גייט! — האָט אים וועלטשאַנינאָוו ענדלעך אָפּגעלאָזט, לאַכנדיק ווייטער גוטמוטיק.

— וועט איר נישט קומען, ניין? — האָט טרוסאָצקי, שיִער נישט פאַרצווייפלט, צום לעצטן מאָל אַ זאָג געטון, און ווי אַמאָל אפילו צונויפגעלייגט פאַר אים ביידע הענט, ווי צו אַ תּפילה.

— איך שווער אייך, אַז איך וועל נישט קומען! לויפט, לויפט שנעלער. ס'קען דאָך נאָך אַן אומגליק געשען!

און ער האָט אים ברייט דערלאַנגט די האַנט, — דערלאַנגט און אויפגעציטערט. טרוסאָצקי האָט נישט גענומען זיין האַנט און אפילו זיין אייגענע צוריקגעכאַפּט.

עס האָט זיך דערהערט דער דריטער קלונג.

אין איין רגע איז מיט זיי ביידע פאָרגעקומען עפּעס גאָר אויסערגעוויינטלעכס: ביידע האָבן זיך ווי אינגאַנצן געענדערט, עפּעס האָט ווי אַ ציטער געטון און זיך אָפּגעריסן אין וועלטשאַנינאָוון, וועלכער האָט ערשט מיט אַ מינוט צוריק אַזוי גוטמוטיק געשמייכלט. שרעקלעך בייז און אויפגערעגט האָט ער פעסט אָנגעכאַפּט טרוסאָצקין פאַר דער פּלייצע.

— אויב איך, איך דערלאַנג אייך שוין אָט אָ די האַנט — וועלטשאַנינאָוו האָט געוויזן טרוסאָצקין די לינקע האַנט, אויף וועלכער עס איז פאַרבליבן אַ בולטער צייכן פונם שניט — וואָלט איר שוין אַוודאי זי געקענט נעמען! — האָט וועלטשאַנינאָוו אַ זאָג געטון מיט בלייך-געוואָרענע, אינגאַנצן ציטערנדיקע ליפּן.

טרוסאָצקי איז אויך בלאַס געוואָרן, און אויך בא אים האָבן

די ליפּן געציטערט. אַ קאָנוואולסיע איז אַדורכגעלאָפן איבער זיין פּנים.

— און ליזאַ? — האָט טרוסאָצקי שטיל אַ זאָג געטון, און פּלוצלינג האָבן זיך ווי אין פיבער אָנגעהויבן שטאַרק צו טרייסלן זיינע ליפּן, באַקן און גוידער, און טרערן האָבן זיך אַרויסגעריסן פון זיינע אויגן.

וועלטשאַנינאָוו איז געשטאַנען פאַר אים פאַרשטיינערט, ווי אַ זייל.

— פּאַוועל פּאַוולאָוויטש! פּאַוועל פּאַוולאָוויטש! — האָט מען געשריגן פון וואַגאָן, ווי מען וואָלט דאָרט עמעצן געשאָכטן — און פּלוצלינג האָט זיך דערהערט אַ פייף.

טרוסאָצקי האָט זיך אויפגעכאַפּט, אַ קלאַפּ געטון מיט די הענט און געגומען לויפן מיט אַלע כוחות. דער צוג האָט זיך שוין גערירט פון אָרט, אָבער ער האָט נאָך ווי עס איז באַוויזן אָנצוכאַפּן זיך און פאַרט אַריינגעשפּרונגען אין זיין וואַגאָן.

וועלטשאַנינאָוו איז פאַרבליבן אויף דער סטאַציע. און ערשט אין אָוונט האָט ער זיך ווייטער אַרויסגעלאָזט אין וועג, דערוואַרטנדיק זיך אויף אַ נייעם צוג אין דער פריערדיקער ריכטונג. צו זיין באַקאַנטער, וואָס האָט געוווינט אויף איינער פון די נאָענטסטע סטאַציעס איז ער שוין נישט געפאָרן — עפּעס איז ער אינגאַנצן נישט געווען געשטימט צו פאָרן אויף אַזאַ וויזיט. און ווי שטאַרק ער האָט שפּעטער באַדויערט!

סוף

# פאַרלאַג ש. יאַטשקאָווסקי, לעשנאָ 27

## איבערזעצונגען:

גאַבריעלע ד'אַנונציא — דזשיאָוואַני עפּיסקאָפּאָ
(ראָמאַן) פון איטאַליעניש: מאַרק ראַקאָווסקי

וו. דאָראָשעוויטש — לעגענדן און מעשהלעך פון
אריענט פון רוסיש מאַרק ראַקאָווסקי

ע. דע אמיטשיס — דאָס האַרץ
יידיש: שלמה שיינבערג

פ. מ. דאָסטאָיעווסקי — זכרונות פון טויטן הויז
יידיש: א. זילבערמאַן

אַנרי באַרביס — דאָס פייער (טאָגבוך פון אַ ראָטע)
פון פראַנצויזיש: בונם וואַרשאַווסקי

אַ. טורגעניעוו — רודין יידיש א. זאַק

פיער לאָטי — די פישער פון איסלאַנד (ראָמאַן)
פון פראַנצויזיש: מאַרק ראַקאָווסקי

מאַקסים גאָרקי — דריי (ראָמאַן)
פון רוסיש: מרדכי ניידין

ב. קעלערמאַן — אינגעבאָרג
פון דייטש: מנחם פלאַקסער

הענריק שענקעוויטש — מיט פייער און שווערד
I טייל (ראָמאַן) יידיש: משה בליישטיפט
„ II „ „ „ „
„ III „ „ „ „
„ IV „ „ „ „

## אָריגינעלע ווערק:

ז. סעגאַלאָוויטש — אַ לעגענדע וועבט זיך
„ — ראָמאַנטישע יאָרן
„ — אייביק איינזאַם (ראָמאַן)
אפרים קאַגאַנאָווסקי — טירן-פענצטער (נאָוועלן)
שלמה קאָרנבלום — געלייטערטע (ראָמאַן)
יהושע פערלע — זינד,
א. ראָזענפעלד — די גרינע בריק
י. מעסטעל — מלחמה-נאָטיצן פון אַ יידישן אָפיציר I ב.
ה. ד. נאָמבערג — דאָס בוך פעליעטאָנען
לייב ניידוס — ליטווישע אראבעסקן I באַנד
ש. וואולמאַן — גילגולים

## ביבליאָטעק פאַר יוגנט:

פ. מ. דאָסטאָיעווסקי — יידיש גיטל מייזיל

## מאָזאַיק - ביבליאָטעק:

1. גוי דע מאפאסאן — דער עלטערן-מערדער און אַנדערע פון פראַנצויזיש: מאַרק ראַקאָווסקי
2. קאטיל מענדעס — דער פאַרלוירענער גן-עדן און אַנד. פון פראַנצויזיש: מאַרק ראַקאָווסקי
3. ז. סעגאַלאָוויטש — אַ פרוי אין קאַזאַרמע
4. מאַרסעל פרעוואָ — די ברוסט

## אין קורצן דערשיינען:

פ. מ. דאָסטאָיעווסקי — ווייסע נעכט, אייביקער מאַן
קלאָד פאַרער — מאַרקיזן יאָריסאַקאַ
פיער בענואַ — אַטלאַנטידאַ